די רעליגיאָן פון קולטור־היסטאָרישען שטאַנדפונקט.

צווייטע פערבעסערטע אויסגאַבע.

# כשר און טרפה

## און אנדערע מצוות.

— פון —

**ב. פייגענבוים.**

---

„וואָס הייסט דען פאטריאָטיש ווירקען?...
בעקעמפפען שענדליכע פאָראורטהיילע, אוועק־
נעהמען ענגהערציגע מיינונגען, אויפקלעהרען
דעם גייסט פון פאָלק... ווי קען מען דען מעהר
פאטריאָטיש ווירקען?" — (געטהע).

ארויסגעגעבען פון „פאָרווערטס" אסס'ן.

---

# THE JEWISH DIETARY LAWS AND OTHERS

BY

**B. FEIGENBAUM**

FORWARD BOOK PUBLISHING DEPT.

175 East Broadway New York

1919

# אינהאלט:


זייטע

פארווארט ........................................ V.

איינלייטונג: דער אמת איז ניט שעדליך ............... 1

ערשטער טייל: כשר און טרפה — איז דאָס צוליעב געזונד?

I. די אויפגאבע ........................................ 15

II. וואס די רעליגיאָן ווייסט פון דאָקטאָריע .......... 18

III. כשר און טרפה ביי ווילדע מענשען .............. 42

IV. די מעלה פון „אבגעהיטענקייט" .................. 52

V. פערבאָטענע בעשעפענישען ........................ 57

א. — אלגעמיינע כללים .................. 57

ב. — חזיר ................................ 60

ג. — אנדערע פערבאָטענע בהמות .......... 63

ד. — טרפה'נע עופות ...................... 69

ה. — טרפה'נע פיש ........................ 70

ו. — קריכעדיגע בעשעפענישען (שרצים) ...... 71

ז. — כשר'ע ווערים ........................ 71

VI. טרפה'נע טיילען פון כשר'ע בעשעפענישען ........ 74

א. — בלוט ................................ 74

ב. — ווייקען און זאלצען פלייש .............. 75

ג. — חלב ................................ 77

ד. — הינטער־חלק .......................... 79

VII. ווען כשר'ע בעשעפענישען ווערען טרפה .......... 82

א. — נבלה ................................ 83

ב. — דער פונדאמענט פון טרפות אין אלגעמיין .. 85

ג. — אייניגע מינים טרפות און כשרות ........ 93

זייטע

VIII. וואס זוכט דער שוחט אין די לונגען? ............ 101
IX. שחיטה ............................ 109
X. אידישקייט און געזונדהייט .................... 119
XI. שלום ............................ 127


## צווייטער טייל: טומאה וטהרה


I. דיא טעמים פון מצוות אין אלגעמיין ............ 131
II. פערשיעדענע מינים טומאה .................... 135
1) מתים ............................ 136
2) קרעציגע ............................ 147
3) ווייבערשע און מענערשע זאכען .......... 151
III. די הייליגקייט פון וואסער .................... 160


## דריטער טייל: טעמים פון איניגע מצוות


I. מילה ............................ 171
II. שבת ............................ 180
III. די הייליגע בארד און פאות .................... 190
IV. חליצה ............................ 200
א. — ווי עס געהט צו ביי חליצה ............ 200
ב. — א שטיקעל חקירה .................... 207
ג. — פון וואנען שטאמט חליצה? ............ 211


## פיערטער טייל: פסח.


I. פסח און די היסטאריע פון יציאת מצרים ........231
II. ווי לאנג זיינען אידען געוועזן אין מצרים? .......... 250
III. דיא ניסים פון יציאת מצרים .................... 254
IV. דיא אמת'ע אבשטאמונג פון פסח — דער שעהנער פריהלינגס יום־טוב .................... 261
V. דיא „פרייהייטס־געדאנקען" פון פסח ............ 269
VI. דיא „גערעכטיגקייטס־געדאנקען" פון פסח .......... 276
VII הלכות חמץ ומצה אמאל און היינט .............. 282
VIII. ענטוויקלונג פון חמץ'דיגע און פסח'דיגע כלים ...... 298
IX. אנהאנג: שבועות ............................ 307

# פארוואָרט צו דער צווייטער אויפלאגע.

ווען דאָס בוך איז ערשיענען, מיט 10 יאָהר צוריק, האָט עס ארויס־גערופען אַ היבש ביסעל קריטיקען אין דיא צייטונגען און זשורנאלען. דיא קריטיקען זיינען אָבער ניט געווען אזעלכע, וואָס זאָלען נויטיג מאַכען ערנסטע אנטוואָרטען אָדער ענדערונגען אין דער יעצטיגער צווייטער אויפלאגע. ס'רוב פון דיא קריטיקען זיינען געווען פרומע אָנ־פאלונגען, וואָס זיינען נאַטירליך געווען צו ערווארטען, אָדער פּאטריאָ־טישע געשרייען, אָדער סתם אונפּריינדליכקייטען.

בלויז אייניגע בעמערקונגען אין דיא קריטיקען האָבען געצייגט, אז אייניגע שטעלען אין דעם בוך האָבען געלאָזען אַ מעגליכקייט מען זאָל מיך ניט ריכטיג פערשטעהן, אָדער פאלש אויסלייגען. אויף דיעזע שטעלען האָב איך אין דער יעצטיגער אויפלאגע געמאַכט קליינע ענדערונ־גען, וואָס זאָלען פערמיידען מיספערשטענדניס.

ווייטער האָב איך וועגען דיא קריטיקען נאָר צו זאָגען דאָס פאָל־גענדע:

מיינע פרומע קריטיקער האָבען ס'רוב געמאַכט אויף זייערע גלוי־ביגע דעם איינדרוק, אז דער שטאַנדפּונקט פון דיעזען בוך איז פון מיר „אויסגעטראכט“. און פערקעהרט, אייניגע ניט־פרומע קריטיקער האָ־בען מיר פאָרגעוואָרפען, אַז איך האָב זיך בענוצט מיט פרעמדעס. פאָר אינטעליגענטע לעזער דארף איך ניט ערשט זאָגען, אז דער שטאַנדפּונקט פון דיעזען בוך, וויא אזוי צו ערקלעהרען דיא אָבשטאַמונג פון רע־

ליגיעזע מנהגים און געדאנקען, איז ניט פון מיר אויסגעטראכט, נאָר דאָס איז דער שטאַנדפונקט פון אלע גרעסטע און ערנסטע עטהנאָלאָגישע פאָרשער. און אין דעם פאָרוואָרט צו די ערשטע אויפלאגע האָב איך שוין אויפמערקזאם געמאכט, אז ביי דיא ציטאַטען און עטהנאָגראפישע פאקטען איז אין דעם בוך אָנגעציינט פון וואנען זיי זיינען גענומען און אַז איך האָב זיך אויך בעדיענט מיט ענציקלאָפעדיעס און וועג־ווייזונ־גען פון אנדערע שריפטען, וועלכע ווערען דערמאָנט. אין דיא פראגע פון כשר און טרפה, האָב איך שוין דאָרט ערקלעהרט, האָב איך זיך אויך בעדיענט מיט דיא ארטיקלען פון ה. שור, אין דעם אלטען „החלוץ“ און אז די פאקטען וועגען דיא רעליגיאָן פון דיא פרסיים זיינען גענומען פון דר. רובין.

דער ערשטער טייל איז געווען אין דעם בוך געדרוקט צום ער־שטען מאָל. דיא וויימערע טיילען זיינען פריהער ערשיענען אין פער־שיעדענע צייטונגען און זשורנאלען, אין פערשיעדענע צייטען.

דער פערפאסער.

ניו יאָרק, אָקטאָבער, 1918.

## איינלייטונג: דער אמת איז ניט שעדליך!

דער וועג פון עהרליכקייט איז בעזייעט מיט דערנער.

זיי א חונף; זאג וואס דיין פאלק איז ליעב צו הערען, צו דו גלויבסט דאס אליין צו ניט; זינג לויב־געזאנגען צו דיא רומהייטען פון דיין נאציאן און שריי, אז זיי זיינען דיא גרעסטע חכמות, אז נאך אזא פאלק מיט אזוינע חכמות זיינען גאר אויף דער וועלט ניטא — און דיין וועג וועט ווערען בעווארפען מיט בלומען, און דיין קאפ וועט ווערען בעקראנצט מיט לארבעערען.

זיי עהרליך, זאג דיין פאלק דעם ביטערען אמת, און דו וועסט פערשריען ווערען אלס א „פעררעטהער", און איבער שטעכעדיגע דערנער וועט גיין דיין וועג, און שטיינער וועלען דיר פליהען אין קאפ אריין!

עס איז נאך גאר ניט לאנג, ווען ביי אויפגעקלערטע אידען האט געהייסען דער בעסטער און טרייסטער פריינד פון פאלק דער, ווער עס האט דעם פאלק געוויעזען זיינע פעהלערען און אויפגעקלערט איבער זיינע רומהייטען.

אין דיא לעצטע צייטען אבער איז געקומען א היסטעריע פון „אתה־בחרתנו'איזמוס" איבער אונזערע אויפגעקלערטע, און אפילו איבער א סך פון אונזערע רעוואלוציאנערען, און זיי האבען זיך אין גאנצען איבערגעקעהרט. דעם געשריי „פושע עוכר ישראל!", וועלכען דיא פינסטערניקעס פלעגען שליידערן זיי אין דיא אויערען אריין, פאר דעם וואס זיי האבען ניט געזאגט „אמן" צו אלץ וואס דיא דומע מאסע האט געזאגט „קדוש" — דיעזען זעלביגען געשריי שליידערן זיי יעצט אליין אויף יעדען, ווער עס איז ניט אנגעשטעקט געווארען פון דיא „פאטריאטישע" היסטעריקע, נאר איז געבליבען טריי צו דיא ניכטערנע וואהרהייט, צו דער אויפקלערונג!

פרייזיניגע מענשען, וועלכע פלעגען נאך גאר ניט לאנג צו־ריק זיין ענטציקט פון אויפקלעהרונגס־ארבייט, שרייען, אז זיי פערשטעהען ניט, פארוואס מען זאל זיך „פארלייגען דוקא נאר צו ווייזען די שלעכטע זייטען פון אידישקייט“.

עס איז נאך אבער גאר ניט לאנג, וויא זיי האבען אליין זעהר וואויל געוואוסט צו ענטפערען אויף אזא פארוואורף!

זיי האבען געוואוסט, אז די וועלכע פארשען פריי אין דיא אי־דישע הייליגקייטען, צייגען ניט, דאס אידישקייט איז ע ר ג ע ר וויא דיא רעליגיאנען און כאראקטערע פון אלע אומות, נאר דיא וויסענשאפטליכע ווארהייט, אז זיא איז ניט קיין איבערנאטירליכע וואונדער־ערשיינונג און ק ע ן דעריבער אין אלגעמיין ניט זיין מעהר חכמה און מעהר גוטסקייט, וויא עס איז דער גייסט און דער כאראקטער פון אנדערע אומות פון די זעלבע מדרגה פון ענטוויק־לונג!

איבער די זעלבע אורזאכע קען נאטירליך דער גייסט און דער כאראקטער פון אידישען פאלק אויך ניט זיין, אים אלגעמיינען, וויינינגער חכמה און וויינינגער גוטסקייט וויא דער פון אנדערע אומות. אבער דארף דען זיין די אויפגאבע פון א י ד י ש ע שרייבער — פון שרייבער פאר אידען — ד א ס צו בעווייזען?

ווען איך וואלט געשריבען פאר גוים, וואו איך וואלט גע־הערט איבערטריבענע ש ל ע כ ט ע מיינונגען וועגען אידיש־קייט, וואלט איך נאטירליך זיך געפיהלט אנגעטריבען פון דיא ליעבע צו ווארהייט צו צייגען, וואו די שלעכטע מיינונג איז פאלש. איך וואלט בעוויזען, וואו דיא אידישע לעהרען און איי־גענשאפטען בעדייטען ניט דיא אויסגענומענע דומהייטען און שלעכטקייטען, וואס דיא פארטייאיש־פערבלענדעטע אידישע שונאים טייטשען אריין אין זיי.

אבער אז איך שרייב פאר אידען, וואו איך הער ניט מעהר וויא איבערטריעבענע ש ב ח י ם אויף אידישקייט, פיהל איך זיך גראדע אזוי נאטירליך געטריעבען פון דיא ליעבע צו וואהרהייט צו צייגען וואו דיא בעריהמעריי איז פאלש; צו בעווייזען, וואו דיא אידישע לעהרען און אייגענשאפטען בעדייטען ניט דיא אויסגענו־

מענע חכמות און גוטסקייטען, וואָס דיא פּארטייאיש־פערבלענדער־טע ליעב־האָבערס טייטשען אריין אין זיי. „די אנדערע זייט“ הערט מען זיך אָן איבערגענוג.

און וואָס איך בעווייז, איז נאָך מיין עהרליכע איבערצייגונג איינפאך די ווארהייט; גאָר ניט מעהר וויא דיא ריינע ניכטער־נע וואהרהייט!

* * *

וואָס איז אָבער געדרונגען פון דיעזע וואהרהייט? איז דערפון געדרונגען, אז אידען זיינען אַ ניעדעריגעס פאָלק? אַז אנדערע פעלקער זיינען בעסער, אַז אנדערע רעליגיאָנען זיינען קליגער? אז אנדערע פארצייטיגע קולטורען פון די זעלבע אומשטענדען וויא דיאַ אידישע זיינען געשטאנען העכער? חס וחלילה!

אדרבה, דיעזע וואהרהייט בעשטעטיגט נאָר דעם אלגעמיינעם הייליגען אמת, אז אלע מענשען און אלע פעלקער זיינען „אים גראָסען אונד גאנצען“ גלייך אין ווערדע!

אַלזאָ, האָבען מיר אידען ניט מיט וואָס זיך צו שעהמען געגען אַנדערע פעלקער און אויך ניט מיט וואָס זיך איבערצונעהמען.

דאָס איז עס, וואָס עס איז געדרונגען פון דיא וואהרהייט וואָס איך בעווייז וועגען אידישע אנגעלעגענהייטען.

נו, דארף דיעזער אמת וועה טהאָן אונזער פאָלק?

ווען אפילו יאָ, וואָלט מען אויך ניט געדארפט בעהאלטען דעם אמת. סוף כל סוף קען דיא וואהרהייט פאר דיא מענשהייט ניט שעדליך זיין.

אָבער עס דארף גאָר ניט וועה טהאָן!

דאָס העכסטע גליק פאר אלע מענשען וועט זיין, ווען דיא פעלקער־גאוה וועט פערשוואונדען ווערען.

דער ערהאבענסטער אידעאל איז, אז דיא מענשען זאָלען אויפהערען צו האָבען פאָראורטהיילע איינע געגען דיא אנדערע, צוליעב פערשיעדענהייטען פון נאציאָן, ראסע און רעליגיאָן!

דאס איז ביי מיר (חוץ גלייכהייט) דאס הייליגסטע, וואס מענשען דארפען ארביימען דארויף, יעדער ביי זיין פאלק. אלץ וואס נאר מעגליך, דארף מען טהאן, אויסצורייסען פון מענשען דיא איינבילדונג, אז „אונזערע" זיינען דיא בעסטע, דיא גרעסטע און דיא קליגסטע און „אייערע" זיינען דיא ערגסטע, די קלענסטע און דיא דומסטע.

וואו דיעזע איינרערניש הערשט, קענען מענשען בשום אופן ניט לעבען בשלום צוזאמען, בשום אופן ניט זיין גערעכט איינע צו דיא אנדערע, — ניט אין זייער אורטהייל ניט אין זייער האנדלונג.

אמאל האט זיך א פאלק נאך גיכער געקענט בעגעהן אהן גע־רעכטיגקייט און פריינדליכקייט פון אנדערע פעלקער — מען האט נאר געדארפט זיין אין א בעזונדערען לאנד פאר זיך און מעכטיג גענוג זיך צו בעשיצען. היינט אבער קענען זיך דיא פעלקער ניט מעהר גאנץ אבזונדערען. דער אפענער וועלט־פערקעהר מישט דיא מענשען דורך און אלץ מעהר און מעהר וועלען קינדער פון פער־שיעדענע פעלקער לעבען צוזאמען. וואס־זשע קען זיין א הייליגע־רער אידעאל וויא דער, אז דיעזע מענשען זאלען לעבען פריעדליך צוזאמען, זאלען ניט קוקען איינע אויף די אנדערע מיט פאראור־טהייל, וויא אויף מינדער־ווערטהיגע? און וויא קען דאס זיין, ווען יעדעס פאלק בלאזט פון זיך, אויפ'ן גרונד פון איינגעבילדעטע מעלות?

די הייליגסטע זאך איז דעריבער, צו פערשפרייטען דעם אמת, אז אלע פעלקער האבען א גלייכע ווערדע; צו בעווייזען וויא פאלש עס איז דיא איינבילדונג פון „מי כעמך" — וואו איז נאך דא אזא פאלק וויא אונזער פאלק.

און גראדע פאר אידען איז דער געדאנק פון דיא אלגעמיינע גלייך־ווערטיגקייט פון אלע פעלקער אם ניצליכסטען און אם גליק־ליכסטען. ווער האט נאך דען אזוי פיעל זיך אנגעליטען פון דיא פינסטערע נאציאנאלע פאראורטהיילע און גאוות וויא אידען? אי־דען דארפען זיין דיא ערשטע צו ארבייטען פאר דיא אויסווישונג פון דיא איבערגעלעבטע אלטע פערשימעלטע פאראורטהיילע פון דיא פעלקער און רעליגיאנען און פאר דיא פערברידע־

רונג פון אלע פעלקער אין א נייע ראַצי־
אָנעלע קולטור.

דאָס האָט גאָר ניט צו טהוען מיט דיא פראגע פון ציוניזמוס, טעררימאָריאליזמוס און נאציאָנאליזמוס.

אפילו דער וואָס גלויבט, אז עס איז ניצליך און מעגליך אויפ־צוהאלטען געוויסע וועלטהפּאָלע נאציאָנאלע פערשיעדענ־הייטען, דארף אויך צוגעבען, אז חוץ דעם דארפען זיך אלע נאציאָ־נען איינלעבען אין א'ן אלגעמיינע וועלט־קולטור און פערהאלטען זיך מיט אכטונג און פריינדליכקייט איינע צו דיא אנדערע.

און אפילו דיא וואָס גלויבען, אז אידען דארפען — און קענען — און וועלען — קריגען א בעזונדערעס, אייגענעס לאנד, וועלען דאָך אָבער אויך צוגעבען, אז מיליאָנען אידען וועלען אייביג בליי־בען צווישען דיא פעלקער.

אפילו פארצייטענס, ווען דיא פעלקער זיינען געווען אזוי שטארק אָבגעזונדערט און דער וועלט־פערקעהר אזא שוואכער, האָ־בען אויך מאסען אידען געלעבט אין פרעמדע לענדער, אין „חוץ לארץ". איבער דיא גאנצע צייט פון צווייטען אידישען רייך זיינען געווען פיעלע טויזענדער אידען אין מצרים און אין בבל און אין אנדערע לענדער; דיעזע אידען זיינען קיין מאָל ניט צוריקגעקומען קיין ארץ ישראל, נאָך דעם „ערשטען גלות". אין מצרים האָבען זיי זאָגאר געהאט א בעזונדערן בית המקדש (בית חוניו), אין דער צייט ווען דער צווייטער בית המקדש איז געשטאנען אין ירושלים.

היינט אז אין יענע פינסטערע צייטען איז אזוי געווען, וויא וועט נאָך זיין ביי דעם היינטיגען אָפענעם, פרייען וועלט־פער־קעהר! דייטשען האָבען זייער מעכטיגע „ארץ ישראל", — זייער ארץ דייטשען, — פון דעסטוועגען געפינען זיך ביז 20 מיליאָן דייטשען צושפּרייט צווישען אנדערע פעלקער — נאָך אמאָל אזוי פיעל וויפיעל עס זיינען אין גאנצען דאָ אידען אויף דער וועלט! דאָסזעלבע מיט אלע פעלקער.

אלזאָ, איז דאָך זיכער, אז אפילו ווען אידען זאָלען אמאָל האָ־בען זייער אייגען לאנד, וועלען אלץ בלייבען מיליאָנען אידען „מפוזר ומפורד בין העמים", צוזייט און צושפּרייט צווישען דיא

פעלקער. און וואס מעהר די וועלט ענטוויקעלט זיך, אלץ מעהר וועט דאס זיין דער פאל.

טא זארגט איהר זיך וויפיעל איהר ווילט דאפיר, אז א טייל אידען זאלען זיין אין א'ן אייגען לאנד — איך זארג זיך פאר די מיליאנען אידען, וואס וועלען אייביג בלייבען צווישען אנדערע פעלקער. איך וויל, אז זייער עלענדקייט זאל אויפהערען. איך וויל, אז זיי זאלען לעבען בשלום מיט זייערע שכנים, פערברידערט מיט זיי אין איין נייע, ראציאנאלע וועלט־קולטור.

דאס איז די איינציג־מעגליכע ערלייזונג פון דיעזע מיליאנען אידען, — זייער איינציג־מעגליכע בעפרייאונג פון זייער פסיכאלאגישע אויסנאהמס־לאגע; פון זייער עלענדע לאגע אלס „פרעמדע" צווישען אונפריינדליכע „פרעמדע".

קענט איהר ניט פערשטעהן — איהר נאציאנאליסטען, ראציאנאליסטען, ציוניסטען, טערריטאריאליסטען — קענט איהר ניט פערשטעהן, אז א מענש קען זיין בעגייסטערט פאר דיעזע ערלייזונג מיט א הייליגע אידעאלע בעגייסטערונג און ארבייטען דאפיר מיט א'ן עהרליך הארץ?

קיין זאך איז אבער ניט אזוי שעדליך און געפעהרליך פאר דיעזען אידעאל, וויא די פאלשע איינבילדונג, אז די קינדערייען פון מיין פאלקס קינדער יאהרען זיינען וואונדערבארע חכמות און זיינע פארצייטיגע ווילדהייטען זיינען די עדעלסטע מענשליכקייט.

* * *

די וואס פערבלענדען דאס אידישע פאלק מיט דיעזע חניפה — מיט דיעזען אונראציאנאלען „ראציאנאליזמוס *) — טהוען

---

*) „ראציאנאליזמוס" איז דער איינפאל אריינצוטייטשען אין די רעליגיאן א פשט, אז זיא מיינט ניט קיין איבערנאטירליכע זאכען, נאר נאטירליכע, ראציאנעללע, דאס הייסט, שכל'דיגע. אונראציאנעל הייסט אהן א שכל, וואס עס האט קיין זין ניט. דער ראציאנאליזמוס האט קיין זין ניט, ווייל די אלטע גרינדער פון די רעליגיאנען האבען ניט געקענט מיינען הייגטיגע וויסענשאפטען, וואס די ראציאנאליסטען קוועטשען אריין אין זייערע רייד, פערדרעהענדיג דעם אמת'ן טייטש.

איהם גאר קיין טובה ניט. אדרבה, זיי זיינען דאס גרעסטע אומגליק פאר'ן פאלק. וויא אזוי זאלען אידען זיך איינלעבען אין א נייע אלגעמיין־מענשליכע ראציאנעלע קולטור, ווען מען רעדט זיי איין, אז זייער אייגענע פארצייטיגע אזיאטישע קולטור איז געווען א וואונדער פון א'ן אויסנאהמע אין חכמה און גוטסקייט? ווארום זא־לען זיי ניט פעסטהאלטען אן אזא וואונדערבארע אלטע קולטור, ווען זיא האט בעוויזען אזא נס, צו זיין אזא מערקווירדיגע אויס־נאהמע פון אנדערע קולטורען פון די זעלבע אומשטענדען?

און וויא אזוי ווילט איהר אריינברענגען אין פאלק פרייע געדאנקען, ווען איהר זאגט איהם, אז זיין רעליגיאן „מיינט" אזא וואונדערבארע חכמה, וואס קיין געדאנקען פון אנדערע מענשען אין אזעלכע אומשטענדען און אויף אזא מדרגה, האבען דאס ניט געקענט ארויסברייננגען? אויב אזוי, מוזען דאך ריעזע וואונ־דערליכע חכמות קומען פון איבער דער נאטור! די נאטור ברייננגט ארויס פון גלייכע אומשטענדען גלייכע זאכען. וועלכע נאטירליכע אורזאכע האט געקענט מאכען אידען פאר אזא געקלי־בענע אויסנאהמע פון אלע אומות?

נאטירליכע געדאנקען קריגט מען, ווען מען זעהט אלע מאל אונטער די זעלבע אומשטענדען די זעלבע זאכען. אז מען מיינט צו זעהן וואונדערליכע אויסנאהמען, אנדערש וויא נאטיר־ליך, קריגט מען איבערנאטירליכע געדאנקען. דעריבער זיינען דאך טאקי אלע רעליגיאנען געגרינדעט אויף „נסים", אויף כלומרשטיגע פאסירונגען חוץ לדרך הטבע.

און קען נאך דען זיין א גרעסערער נס, קען נאך דען זיין א זאך מעהר חוץ לדרך הטבע, וויא א פאלק מיט אזעלכע וואונדער־ליכע חכמות און מעלות אין דער פארצייטיגער ווילדהייט?!

דער אנפאנג פון די אידישע רעליגיאן שטאמט נאך פון פריהערע צייטען, פון א יונגערע שטופע פון ענטוויקלונג, וויא דיא אנדערע רעליגיאנען פון דיא ציוויליזירטע וועלט. דאס לעבען אין אידישען פאלק, וואס ווערט געמאלען אין דער ביבעל, איז א לעבען כמעט פון אנפאנג פון דיא מענשליכע ענטוויקלונג, א מדרגה כמעט וויא ביי דיא אור־איינוואהנער פון אמעריקא. און אויב פון אזא מדרגה זיינען

גראדע נאָר ביי'ן אידישען פאָלק ארוים אזעלכע וואונדערליכע חכמות, וויא דיא ראציאָנאליסטען ווילען אריינטייטשען אין אי־דישקייט ארייו, — דאן איז דאָס אידישע פאָלק א'ן אייביגער לע־בעדיגער נס גדול ונורא, גרעסער וויא אלע ניסים פון אלע רעליגי־אָנען! און אויב אזוי, איז שוין מעהר שכל יא צו גלויבען אין דיא געטליכקייט פון דיא אידישע אמונה, וויא ניט צו גלויבען.

* * *

וויל זיך עמיצער איינרעדען, אז עס איז געזונד און גוט פאר אידען ארומצוגיין מיט א פולען בויך מיט גאוה און גדלות, אז „מי כעמך ישראל גוי אחד בארץ", אז נאָך אזא צאצקע וויא אידען איז גאָר אויף דער וועלט ניטאָ? וויל עמיצער גלויבען, אז מיט אזא איינבילדונג אין הארצען וועלען זיך אידען קענען בעפריינדען מיט זייערע ניט־אידישע שכנים און זיך איינלעבען מיט זיי אין סאָלידאַ־ריטעט? קען איינער וואָס האלט זיך פאר א גרויסען יחסן אויפריכ־טיג זיך בעפריינדען מיט אבי ווענען, ווענען ער האלט פאר א סך ניעדעריגער פון זיך? איז דען ניט נאטירליך, אז צווישען אזא איינגעבילדעטען, גרויסען מיוחס און צווישען דיא, אויף וועלכע ער קוקט פון אויבען אראָב, זאָל זיין א שנאה אין הארצען? איז עס דען נים אלע מאָל אזוי געווען? צווישען פעלקער אזוי גוט וויא צווישען קלאסען?

דיא ניי־מאָדישע אתה־בחרתנו'ניקעס אונזערע ווילען זיך אָבער איינרעדען, אז עס האָט ניט איינס צו דאָס אנדערע: מיר קענען זיך זיין זעהר שטאָלץ אויף אונזער גרויסען זעלטענעם יחוס און דאָך קענען מיר זיין ברידערליך מיט אנדערע פעלקער. דאָס הייסט „וואש מיר דעם פעלץ נאָר מאך מיר איהם ניט נאס!"

„אינטערנאציאָנאלע סאָלידאריטעט", ביי א געפיהל פון „אתה בחרתנו", איז פונקט אזוי מעגליך און פונקט אזוי אויפריכטיג וויא דער „דעמאָקראטיזמוס" ביי דיא אמעריקאנער מיליאָנערען. איך בין א מיליאָנער און דו מיין שטיוועל־פוצער, דאָך בין איך מיט דיר פאן־בראט, גלייכע בירגער! — — — —

אויב איך איד בין אזא וואונדערליכע צאצקע, טאָ פיהל איך דאָך, אז ווען איך וויל מיך חבר'ן מיט'ן גוי, לאָז איך זיך אראָב

צו איהם און בין אזוי ליבעראל, אזוי גנעדיג, אז איך פערבייג מיין יחוס. קען דען מעגליך זיין, אז איך זאָל דיעזע גענעדיגע „גוטס־קייט“ מיינע ניט פיהלען? און דער גוי זאָל דאָס ניט פיהלען?

וויא שמעקט איהר, אז אייער שטאָלצער אויבערהארר שמיי־כעלט זיך צו אייך גנעדיג! שטעבט אייך דער שמייכעלע ניט וויא שפּיזלען? האסט איהר איהם ניט, — דעם גנעדיגען שמיי־כעלע?...

דיא גאוה און גדלות און יחוס פון שטארקע פעלקער שאדט פאָר אלעם זייערע שוואכע שכנים. דיא גאוה און גדלות און יחוס פון אזא פאָלק וויא דאָס אידישע איז גיפט פאר איהם אליין.

* * *

אָבער יעדע נאציאָנאלע גאוה פון יעדען פאָלק איז גענגרינדעט אויף איינבילדונגען — פונקט וויא דיא פעראכטונג צום אידישען פאָלק איז געגרינדעט אויף שקר וכזב.

פונקט וויא עס איז פאלש וואָס דיא אנטיסעמיטען ווילען בעווייזען, אז נאָך אזא שטיק צרה וויא אידישקייט איז גאָר אויף דער וועלט ניטאָ, אזוי איז אויך פאלש וואָס אונזערע אתה בחרתנו׳־ניקעס זאָגען, אז נאָך אזא וואונדערליכע צאצקע וויא אידישקייט איז גאָר אויף דער וועלט ניטאָ.

גראדע קומט מיר אוים צו בעווייזען דאָס לעצטע. ווייל איך שרייב פאר אידען. איך האָב שוין געשריעבען פאר גוים און בעוויע־זען דאָס ערשטע — בעוויעזען וואו מען האָט א טעות מיט שלעכטע מיינונגען וועגען אידישקייט. אויך אויף אידיש האָב איך שוין אָפט גענוג געשריעבען וועגען דיא גוטע זייטען וואָס געפינען זיך אויך אין דיא אלטע אידישע לעהרען און אין דעם אידישען כאראקטער. אין מיינע שריפטען איבער דעם סאָציאליזמוס פון תורת משה האָב איך בעוויעזען וויא מערקווירדיג דיא סאָציאלע געזעצע פון חומש זיינען. אין צאָהלרייכע ארטיקלען אין פערשיעדענע צייטונגען און זשורנאלען האָב איך בעוויעזען דיא איבערטרייבונג פון מאנכע בע־שולדיגונגען געגען דיא אידישע רעליגיאָן. דער פאקט איז, אז מאנ־כע צו־היציגע און צו־פאנאטישע פריידענקער האָבען מיך אָפט

בעשולדיגט פאר אזעלכע ארטיקלען, אז איך פערטהיידיג נאר פלוצ־לונג דיא רעליגיאן !

דאס איז דאס אומגליק מיט דיא געוועהנליכע מענשען, אז זיי זיינען איינזייטיג. קוקט איינער אויף איין זייט פון א מערכען'ס פנים און זעהט, אז זיא איז בלינד אויף א'ן אויג, שרייט ער, אז זיא איז בלינד אויף ביידע אויגען. זעהט וויעדער א'ן אנדערער דיא אנדערע זייט פון פנים און געפינט א געזונדע אויג, גייט ער אוועק און שרייט, אז זיא האט א פאר פראכטפאלע אויגען. קומט איהר אבער און זאגט, אז אויף איין אויג איז זיא טאקי בלינד, אבער אויף דיא אנדערע זעהט זיא, שרייען ביידע צדדים אויף אייך, אז איהר דרייט מיט'ן צונג, אמאל זאגט איהר אזוי און אמאל אזוי. זיי פערשטעהען ניט, אז א שטעקען האט צוויי עקען, א פנים האט צוויי באקען מיט צוויי אויגען, און יעדע זאך האט פערשיעדענע זייטען.

וורייל מיר קומט אויס זיך צו בעגעגענען אויף יערען טריט און שריט מיט דיא וואס שרייען רק, אז בת ציון האט א פאר פראכטפאלע אויגען, שענערע וויא אלע טעכטער פון דיא גאנצע וועלט, דעריבער קומט מיר אויס מ ע ה ר וויא אלעס צו רעדען וועגען איהר בלינדע אויג און צו בעווייזען וויא פינסטער זיא איז.

מיין שטיצע איז דער אמת. זאלען זיך דיא חנפים און פער־בלענדעטע בייזערן אויף מיר און מיך שימפפען. איך וועל זיך גע־פינען אין גוטער געזעלשאפט. דיא נביאים האבען טאקי געוויעזען „נאר דיא שלעכטע זייט פון אידען". און נאך וואס פאר א שלעכ־טע זייט ? ! דיא שווידערליכסטע פערברעכען האבען זיי אידען פאר־געווארפען. קיין ברעקעל גוטעס איז אין זיי ניטא, האבען זיי גע־שריען. „פון קליין ביז גרויס זיינען זיי אלע רויבער", זאגט ירמיה (ח' י') דאס איז ווירקליך געווען אראטארישע איבערטרייבונג. אבער זייער צוועק איז געווען צו ברייננגען גוטעס דעם פאלק. נו, האט מען זיי טאקי פערשטיינט, געפאטשט, איינגעזעצט אין גע־פענגנים און געהאלטען פאר שונאים פון אידען. קען איך רען פער־לאנגען, עס זאל מיר גיין בעסער וויא דיא נביאים ?

הײנריך הײנע האָט אויך דאָס דײטשע פאָלק גאָר ניט גע־שאָנעוועט. און וויא זאָגט ער:

„איך הער שוין זײער ביער־שטיממע, וויא זײ שרײען: דו לעסטערסט זאָגאר אונזערע פארבען, דו פעראכטער פון פאטער־לאנד, דו פרײנד פון דיא פראנצויזען“! (אזוי וויא בײ אונז — פון אנטיסעמיטען...).

הלואי וואָלט איך געקענט מיך פערגלײכען צו דיא נביאים און צו הײנריך הײנע!

I.

## די אויפגאבע.

„גלתה יהודה. עכו"ם אינם גולים ? אלא אע"פ שגולים אין גלותם גלות: עכו"ם שאוכלים מפתם ושותים מיינם אין גלותים גלות. אבל ישראל שאין אוכלים מפתם ואין שותים מיינם גלותים גלות".

מדרש איכה א'.

דיא אויפגאבע פון דיעזע אבטהיילונג איז אויסצוזוכען דיא וויסענשאפטליכע ערקלעהרונג וועגען כשר און טרפה — וואס איז דאס? פון וואנען שטאמט דאס?

דאס איז זעהר א וויכטיגע וויסענשאפטליכע פראגע. אבער דאס איז אויך פראקטיש זעהר ניצליך צו וויסען.

דער מדרש זאגט (אין דיא אויבען־געבראכטע ווערטער), אז דער גאנצער ביטערער גלות דער אידישער, איז נאר צוליעב דעם, וואס אידען זיינע אבגעשיידט פון אנדערע פעלקער מיט זייער עסען און מיט זייער טרינקען. פון דעם מדרש איז דאס א מערקווירדיגע ערקלעהרונג. און פון איין זייט בעטראכטעט שטעקט אין דעם א גרויסער אמת.

געוויס, דער עיקר גלות קומט פון דיא אונגערעכטיגקייטען, פאליטישע און עקאנאמישע, פון אלע פינסטערע כוחות. אבער דיא שטארקע פערשיעדענהייט צווישען אידען און אנדערע מענשען אין אייל, אין וועלכען דער פייער פון דיא פינסטערע כוחות געפינט א בעקוועמע נאהרונג פאר זיך. דער טיעפסטער גרובען פון צווישענשייד צווישען מענשען איז, ווען זיי פעראכטען צו עסען און צו טרינקען איינער מיט דיא אנדערע. דיא אידען מאכט דאס האבען אן עקעל פאר אלע איבעריגע מענשען מיט זייער עסען און מיט זייער טרינקען, און אלע איבעריגע מענשען פיהלען דאס.

דארף מען דאס?

סטייטש, א שאלה! זאגען דיא האלבע און פירטעל גלויביגע — א שאלה אויב מען דארף היטען כשרות? כשרות איז געזונד, טרפות איז אונגעזונד!

אין דעם האבען זיי ווידער א פונדאמענט פאר נאציאנאלע גאוה און זעלבסט־איבערהויבונג. סטייטש, זעהט וואס אידישקייט איז, אין יענע אלטע פינסטערע צייטען, ווען דיא פעלקער זיינען נאך געווען אזוי טיעף איינגעזונקען אין ווילדהייט, האבען אידען שוין געהאט אזעלכע וואונדערליכע „היגיעַנישע" (לויט געזונדהייטס־לעהרע) געזעצע!

דאס זאגען נרארע ניט גאנץ־גלויביגע. אמת'ע גלויביגע טארען גאר ניט זאגען, אז כשרות איז צוליעב געזונדהייט. חלילה! א גרויסע ווערדע וואלט מיר געהאט דער גאנצער גלויבען, ווען זיינע לעהרען וואלטען געווען „ניט מעהר" וויא מענשליך־שכל'דיגע — „ניט מעהר" וויא כדי עס זאל זיין גוט און געזונד פאר'ן שטיק פלייש, פאר'ן גראבען חומר! צו מענשליך־שכל'דיגע לעהרען האט מען געדארפט א גאט מיט א מתן תורה מיט א משה רבנו? דאס קענען דאך מענשליכע קעפּ אליין אויסטראכטען. אזוי פרעגען — זעהר ריכטיג — די אמת'דיג גלויביגע. דעם אמת'ן טעם פון דיא מצוות און עברות, זאגען זיי, קען דער מענש ניט בעגרייפען. אזוי שטעהט בפרוש. עס איז גאט'ס געזעץ. אזוי האט ער געהייסען. מען טאר גאר ניט טראכטען פאר וואס!

אזוי איז עס אויך מיט כשרות און טרפות. וויא קומט דאס צו געזונדהייט? ניט אומגעזונד איז טרפות, נאר ט ר פ ו ת איז עס, און שוין!

דאס איז דער עכטער גלויבען פון דעם עכטען גלויביגען.

א'ן עכטער גלויביגער איד זאגט גאר פערקעהרט: וואס איז פאר א וואונדער, זאגט ער, וואס דער גוי איז געזונד וויא — א גוי? אז ער פרעסט אין זיך אריין טרפות! דער איד מוז היטען כשרות, איז ער א שוואכער, דעליקאטער, זיידענער מענשעל...

אין דיא גמרא איז דאָ א סברה, אז אידען, ווייל זיי זארגען זיך וועגען מצוות, האבען א'ן אבגעשוואכטען (דערהיצטען) גוף, און

גוים, וואס זיי זארגען זיך ניט וועגען מצות, האבען א געזונדען (קאלטבלוטיגען גוף). (שבת פ"ו:).

נאר גראדע היינט־מאדישע, כלומרשט האלב־„פרייזיניגע" אידען מיינען, אז כשרות איז היגיענע.

און אפילו גוים זיינען דא, וואס מיינען אזוי.

ווען „ד ה י ד ז ש א נ ג ל" — דער נייער סאציאליסטישער ראמאן, האט אנגעמאכט א'ן אויפגעהייערען רעש אין גאנץ אמעריקא מיט דעם, וואס ער האט אויפגעוויזען, אז מען פערקויפט דעם עולם שרעקליך אונגעזונדע פלייש צו עסען, האבען פרומע אידען אויס־געשריען:

„זעהט איהר וואס טרפות איז! אבער ביי אונז אידען איז עפעס אנדערש: כשר'ע פלייש קען ניט זיין קיין דזשאנגל־פליישי"—

איז דאס אמת?

איז כשרות א סאניטארישער קאדעקס — איז דאס דאקטארשע רעגלען, וואס עס איז געזונד צו עסען און וואס עס שאדט צום געזונד?

די אויפגאבע פון דיעזען טייל פון דיעזען בוך איז, צו בע־טראכטען דיא זאך גרינדליך און וואהרהייטס־געטריי: צו זיינען דיא, וואס האבען איינגעפיהרט כשרות, געווען געלערנטע אין דיא נאטור־וויסענשאפט פון היגיענע (לעהרע וועגען געזונד)? צו איז טאקי טרפה דאס, וואס קען שאדען צום געזונד? צו איז עס טרפה צוליעב דעם, וואס עס איז אונגעזונד? און צו שטימען הלכות כשר און טרפה מיט היגיענע? און אויב ניט, וואס דען איז עס?

II.

## וואס דיא רעליגיאָן ווייסט פון דאָקטאָריע

מיר זעהען פאר אונזערע אויגען, אז וואו מען גלויבט אין אי־בערנאטירליכע כוחות, וואָס ווירקען אויפ'ן געזונד, דאָרט ווייסט מען ווייניג פון נאטירליכע אורזאכען פון געזונדהייט און קראנק־הייט און דארט איז מען זעהר ווייניג אויסגעהיט פון דעם, וואָס קען אויף א נאטירליכען אופן שאדען צום געזונד.

אויך אין דער וועלט־געשיכטע זעהען מיר, אז וואָס שטארקער עס איז געווען דער גלויבען אין איבערנאטירליכען איינפלוס אין גע־זונד, אלץ שוואכער איז געווען דיא וויסענשאפט וועגען נאטיר־ליכע אורזאכען פון קראנקהייט און געזונדהייט. פערקעהרט, וואָס שוואכער עס איז געווארען דער גלויבען אין איבערנאטירליכען איינ־פלוס אויף'ן געזונד, אלץ שטארקער איז געווארען דיא וויסענ־שאפט וועגען דיא נאטור פון געזונדהייט און קראנקהייט און זיי־ערע אורזאכען.

דעם טעם דערפון קען מען זיך זעהר לייכט פאָרשטעלען. דיא וויסענשאפט געפינט מען ניט ווען מען זוכט זיא ניט; און מען זוכט זיא ניט ווען מען דארף זיא ניט; און מען דארף זיא ניט ווען מען גלויבט אין איבערנאטירליכע אורזאכען פאר אלע פאַ־סירונגען...

אלזאָ, ווען דיא שריפטען, פון וואנען עס שטאמט דיא אידי־שע רעליגיאָן, וואָלטען געווען א'ן  א ו י ס נ א ה מ ע  פון דיא גע־דאנקען פון אלע אומות אין אזא מדרגה פון ענטוויקלונג — א'ן אויסנאהמע מיט זייער וויסענשאפטליכע געזונדהייטס־לעהרע, דאן וואָלטען זיי אויך נעדארפט זיין א'ן  א ו י ס נ א ה מ ע  מיט זיי־

ער ו ו י י נ י ג ע ר גלויבען אין איבערנאטירליכע זאכען און מיט מעהר וויסענשאפט אין דאָקטאָריע.

איז דאָס געווען אזוי ?

לאָמיר זעהען :

* * *

עס שטייט אין פסוק, אז ווען אסא המלך איז קראנק געוואָרען האָט ער גערופען „רופאים" ; רעכענט איהם דער נביא דאָס פאר א זינד, ווייל ער האָט ניט גענומען גאָט אליין פאר א רופא. (ד"ה ב' ט"ז י"ב)

„איך בין דיין רופא", זאָגט גאָט. (שמות ט"ו כ"ו). מיט נאַ־טירליכע רפואות זיך אָבצוגעבען האָט געהייסען ניט האָבען דיא ריכטיגע אמונה אין גאָט... (אז דיא „רופאים" זיינען געווען טייל־וויז נאטירליכע, וועלען מיר זעהען ווייטער.)

לויט דעם גאנצען געדאנקען־סיסטעם פון חומש און תנ"ך זיינען אלע קראנקהייטען א'ן איבערנאטירליכע צושיקעניש פון גאָט, א שטראָף פאר זינד. און אזוי איז געזונד א שכר פון גאָט פאר גו־טע מעשים. אז דו וועסט טהון גוטס צו דיין ברודער, „דאן וועט דיין געזונד שנעל בליהען" (ישעיה נ"ח). ווען עס זאָל שטיין, אז דו וועסט קיין טרפות ניט עסען וועט דיין געזונד בליהען, וואָלט מען געקענט אויסלייגען, אז דאָס „מיינט מען" אויף „נאטירליכען" אופן. אָבער דאָרטען שטייט גאָר, אז ווען דו וועסט געבען הונגע־ריגע ברויט וועסטו זיין געזונד. דאָס האָט געוויס ניט קיין שום מעדיצינישען צוזאמענהאנג. דאָס הייסט פשוט, אז געזונד קומט פון גאָט, אויף איבערנאטירליכען אופן, א שכר פאר מעשים טובים. און דאָס זאָגט שוין א ליבעראלער נביא, וועלכער רעדט דער עיקר פון טהון גוטס צו מענשען.

נאָר דאָס מיינט אפשר א מליצה, — ניט א רפואה צו קראנק־הייטען, נאָר דיא „רפואה" צום פאָלקס צרות. אָבער יעדענפאלס איז קיין שום ספק ניט, אז קראנקהייטען זיינען ביי דיא שרייבער פון דיא הייליגע ספרים א שטראָף פון גאָט, וואָס קומט איבערנא־טירליך, אָהן שום נאטירליכע אורזאכען און פאָלגען. פערשטייט זיך, אז פונקט אויף אזא אופן מוז קומען דיא רפואה.

ירמיהו רעכענט אויס אלערליי פערברעכען, אָבער ניט קיין זינד פון עסען טרפות און פון ניט האלטען זיך ריין, און ער זאָגט: דערפאר „וועסטו האָפען אויף א צייט פון רפואה און עס וועט קומען שרעקעניש" (ה', ט"ו). קיין נאטירליכע רפואה און קיין נאַטירליכער רופא וועט ניט העלפען, ווען גאָט וועט שטראָפען פאר די זינד, זאָגט דיעזער נביא מיט פיינע מליצה. (שם כ"ב)

פון די ערשטע זאכען, וואָס גאָט האָט געזאָגט צו משה'ן, איז געווען דאָס, אז גאָט אליין מאכט בלינד און טויב און שטום און אלע חולאת'ן ווען ער וויל, דאס האָט אלזאָ קיין שום נאטירליכע רעגעל און אורזאכע ניט. (שמות ו' י"ב).

די גאנצע תוכחה איז פול מיט אלערליי חולאת'ן, וואָס גאָט זאָגט צו, אז ער וועט שיקען אלס שטראף פאר די זינד. די ראַציאָנאליסטען וועלען מסתמא אויסלייגען דאָס אלס נאטירליכע שטראָף פאר נאטירליכע זינד. עס איז אָבער פאזיטיוו נים אזוי געמיינט. גאנץ דייטליך רעדט זיך דאָרטען פון א'ן איבערנאטירליכע שטראָף, דורך גאָטס ווילען, אָהן שום נאטור־וויסענשאפטליכען צוזאמענהאנג צווישען די זינד און די שטראָף.

וואס פאר א נאטור־וויסענשאפטליכען צוזאמענהאנג קען מען ארייננטייטשען אין די מגפה וואס איז געקומען דורך דעם וואָס מען האָט איבערגעציילט די אידען? (שמואל ב' כ"ד). און דורך דעם וואָס מען האָט געקוקט אויף דעם הייליגען קאסטען? (שמואל א' ו'.) און דורך דעם וואָס מען האָט געזאָגט, אז ארץ ישראל איז שווער איינצונעהמען? (במדבר י"ד ל"ז)

פון די אלע געשיכטען פון תנ"ך איז אזוי קלאָר וויא דער טאָג, אז די שרייבערס פון די הייליגע ספרים האָבען ניט אָנגעהויבען צו וויסען פון א דאָקטאָריע, דאָס הייסט פון נאטירליכע אורזאכען פון קראנקהייט און געזונדהייט. גאָט גיט געזונד פאר שכר פון מצות און ער שיקט קראנקהייט פאר א שטראָף פון עברות, אָדער אויף אנדערע איבערנאטירליכע ארטען.

ווייטער קומט קראנקהייט, לויט די הייליגע ספרים, פון „בייזע רוחות", פון שדים און מזיקים. דער אויבער־מזיק, דער שטן אליין, האָט געבראכט אויף איוב'ן אלערליי חולאתן.

עס איז גאנץ דייטליך, אז דיא הייפעלע „רופאים", וואָס זיינען יא אמאָל געווען, זיינען געשטאנען אויסערהאלב דיא רייהען פון דיא פאָרשטעהער פון רעליגיאָן. דיא רעליגיאָנס־מענשען האָבען געקוקט אויף דיא „רופאים" זעהר קרום, אזוי וויא אויף דיא פריסטער פון א'ן אנדערן גאָט.

עס געפינען זיך אין דיא הייליגע ספרים א סך געשיכטען וועגען קראנקע מענשען און עס שטייט אין ערגעץ ניט, אז מען האָט גערופען א רופא. חוץ דאָס איינע מאָל, ביי אסא מלך יהודה, וואו דער נביא רעכענט איהם דאס פאר א זינד.

עס שטייט אָבער יא, אז מען האָט זיך געווענדעט צום פראָפעט, אז ער זאָל העלפען, אָדער געזוכט א רפואה אויף אנדערע איבערנאטירליכע וועגען.

ווען דוד המלך'ס קינד איז קראנק געווארען, האָט ער נעפאסט און איז געשלאָפען אויף דרערד און געבעטען צו גאָט, אז דאָס קינד זאָל געזונד ווערען. עס שטייט ניט אז דער גרויסער קעניג האָט גערופען דיא גרעסטע דאָקטוירים! (שמואל ב' י"ב י"ד)

ווען אביה דער זוהן פון קעניג ירבעם איז קראנק געווארען, האָט דער קעניג געהייסען דיא קעניגין זיך פערשטעלען און גיין צום נביא אחיה. (מלכים א' י"ד ב'). דעם נביא האָט גאָט געזאָגט וואָס צו ענטפערן דער קעניגין, — שטייט. (שם ה').

אליהו הנביא האָט לעבעדיג געמאכט א טויט קינד. (מלאכים א. י"ז י"ח).

אזוי האָט זיין תלמיד אלישע לעבעדיג געמאכט א טויט קינד. (מלכים ב. ל"ה.)

מענשען וואָס קענען גלויבען, אז עס איז מעגליך א טויטען קערפער צוריק לעבעדיג צו מאכען, קענען ניט האָבען קיין אויסגענומענע נאטור־וויסענשאפטליכע געדאנקען וועגען קראנקהייט און געזונדהייט.

דיא ראציאָנאליסטען ווילען זיך איינרעדען, אז דאָס „מיינט מען" ניט, אז דיא קינדער זיינען טאקי געווען טויט, נאָר פערחלש'ט זיינען זיי געווען.. נאטירליך איז דאָס אזוי אמת, וויא אלע געמאטערטע פשט'לעך פון דיא ראציאָנאליסטען, וואָס ווילען

אלץ זיך איינגערעדען, אז מיט דיא אלטע קינדהייטען „מיינט מען" וויסענשאפטליכע חכמות. אָ, דער „מיינט מען"!

יעדענפאלס זעהט מען דאָ, אז מיט קראנקע קינדער איז מען ניט געגאנגען צו קיין געלערנטען דאָקטאָר, נאָר צום „געטליכען מאן". וויפיעל א געטליכער מאן פערשטייט פון דיא נאטור פון געזונדהייט און קראנקהייט זעהט מען ביי היינטיגע „געטליכע לייט", דיא הייליגע צדיקים, וואָס זיינען מיט גאָט קנעפיל בקנעפיל.

אז דער קעניג חזקיהו איז קראנק געוואָרען, ווער איז צו איהם געקומען אויף א וויזיט? ישעיה הנביא. ניט קיין דאָקטאָר. (מלכים ב' כ' ז').

אסא המלך, וויא געזאָגט, איז געוועזן דער איינציגער, ביי וועמען עס שטייט, אז ער האָט זיך בעדיענט מיט „רופאים". לויט וויא עס שטייט, אז דיא „רופאים" אין מצרים פלעגען באלזאמירען דיא מומיען (בראשית נ' ב'); און לויט וויא מען זעהט יעצט, אז דיעזע מומיען, וועלכע עקזיסטירען נאָך, זיינען געוועזן באלזאמירט מיט געוויסע קענטנים פון נאטור — זעהט מען, אז „רופאים" זיי־נען געוועזן אזעלכע, וואָס זיינען דערגאנגען עטוואָס פון נאטור־גע־זעצע וועגען געזונדהייט און קראנקהייט. האָט עס טאקי גאָט גע־רעכענט פאר א גרויסע זינד פון דעם קעניג אסא, וואָס ער האָט גע־גלויבט אין נאטירליכע וועגען פון היילען קראנקהייטען!

*   *   *

עס שטייט, אז ווען איינער פערוואונדעט א'ן אנדערן, זאָל ער איהם היילען (אָדער לאָזען היילען). (שמות כ"א י"ט). דרשן'ט דיא גמרא, אז פון דעם איז געדרונגען, דאָס עס איז געגעבען געוואָ־רען ערלויבניש דעם רופא צו היילען. אלזא, האָט דיא רעליגיאָן געמוזט געבען דערויף בעזונדערע ערלויבניש. זעהט מען דאָך, אז לויט דיא נאטור פון דיא רעליגיעזע בעגריפע האָט דער גלויביגער געדארפט אָננעהמען אז נאטירליכע היילונג איז פערבאָטען.

און וואָס האָט מען דאָ ערלויבט? ניט מעהר וויא פערבינ־דען אויסערליכע וואונדען.

כמעט אומעדום וואו עס שטייט דאָס וואָרט „רופא" אָדער „רפוא" זעהט מען, אז דאָס בעציהט זיך אויף היילונג פון אויסער־

ליכע וואונדען. דער מלך אסא, פון וועלכען מיר האָבען שוין אוי־בען גערעדט, איז קראנק געווען אויף דיא פיס. אלזא אויך א'ן אויסערליכע קראנקהייט. אזוי וויא דאָס איז אָבער ניט געווען קיין וואונד, איז עס שוין געווען א זינד, וואָס ער האָט גענומען א רופא.

קהלת זאָגט: „עס איז א צייט צו הרג'ענען און א צייט צו היילען" (ג, ג'), אלזאָ מיינט מען דאָ אויך היילען וואונדען.

ירמיה זאָגט: „צו דען איז קיין רופא ניטאָ?... וואָרום זיי־נען דיא וואונדען פון מיין פאָלק ניט געהיילט?" (ח כ"ב).

אויך דיא רופאים פון מצרים זיינען געווען דיא קינסטלער אין פערבאנדאזשירען דעם (טויטען) קערפער.

און עס איז א גרויסער אונטערשיעד צווישען אייסערליכע קראנקהייטען און אינערליכע: אונוויסענדע מענשען קענען גרינג איינזעהן דיא ווירקונג פון נאטירליכע אורזאכען ביי א י י ס ע ר־ל י כ ע קראנקהייטען און לערנען וויא זיי צו היילען, דאָך וועלען אינערליכע קראנקהייטען ביי זיי נאָך לאנג בלייבען א'ן איבערנאַ־טירליכעס געהיימנים. דען ביי אייסערליכע קראנקהייטען איז לייכט צו זעהן וויא זיי קומען נאטירליך. אָט זעהט מען דאָך, וויא א קלאפּ מאכט א וואונד! אויך איז לייכט צו דערגיין עטוואָס, וויא מען קען היילען אזעלכע וואונדען אויף נאטירליכען אופן. אָט זעהט מען דאָך, וויא וואסער וואשט אב דאָס בלוט.

אלזא, ווען מען זעהט, אז דיא תורה האָט געהייסען בענוצען נאטירליכע היילונג פאר אייסערליכע וואונדען, זעהט מען נאָך אין דעם ניט, אז זיא האָט אנערקענט נאטירליכע אורזאכען פון קראנק־הייט און געזונדהייט.

אלע גלויבערס אין איבערנאטירליכקייט וויסען פון דעססטווע־גען, אז ברויט זעטיגט דעם הונגער. ווייל דאָס איז זעהר א'ן אָ י י נ פ א כ ע ערפאהרונג. אָבער, וויא נאָר עס קומט צו א'ן עטוואס פ ע ר ו ו י ק ע ל ט ע ן נאטירליכען צוזאמענהאנג, קענען זיי איהם שוין ניט זעהן און גלויבען שוין, אז דאָ שטעקט געהיימניספאָלעס. נו, צו היילען אייסערליכע וואונדען איז אזא איינפאכע ערפאהרונג, וויא צו היילען דעם הונגער דורך ברויט. דאָס האָבען אפילו אלע ווילדע געקענט וויסען און אנערקענען.

אָבער פון דיא א י נ ע ר ל י כ ע פאָרגענגע אין דעם מענש־ליכען קערפּער און פון דיא נאַטירליכע אורזאַכען פון א י נ ע ר־ל י כ ע קראַנקהייט און געזונדהייט האָבען זיי ניט אַנגעהויבען צו ווייסען גאָר ניט. זיי האָבען גאָר קיין אידעע ניט געהאַט, אַז עס איז דאָ אַזעלכעס וויא נאַטירליכע אורזאַכען פון אינערליכע קראַנק־הייטען און געזונדהייט! זיי האָבען עס געהאַלטען פאַר אַפּיקורסת צו גלויבען אין דעם!

וויא אַזוי האָבען זיי געקענט ווייסען דיא וואַהרהייט וועגען נאַטירליכע אורזאַכען פון קראַנקהייט און געזונדהייט? פון וואַ־נען קען מען דען דאָס דערגיין? דאָס קען מען נאָר דערגיין פון זוכען און פאָרשען אין מענשליכע קערפּער. נו, צושניידען און זו־כען און פאָרשען אין א טויטען האָבען זיי נאָך אַפילו א טויזענד יאָהר שפּעטער מורא געהאַט, ווייל א טויטער איז געווען „טמא". דער בייזער רוח איז געווען אויף איהם!

אַפילו פאַר קרימינאַליסטישע צוועקען איז געווען פערבאָטען צו פאַלמעסען א געהרג'עטען. (חולין י"א:) דאָס האָט געהייסען גע־שענדעט דעם מענשען.

איין מאָל שטייט יא, אַז דיא תלמידים פון ר' ישמאל האָבען געפאַלמעסט א פּראָסטיטוטקע, וועלכע איז געווען פער'משפּט צו ווערען פערברענט מיט גיסען צולאָזענע בליי אין מאָגען אריין. (ברכות מ"ה.) דאָס איז שוין אָבער געווען א סך הונדערטער יאָהרען שפּעטער. זעהט מען דאָך, אַז אַפילו דעמאָלט איז אַזוינס געווען זעהר א זעלטענע פּאַסירונג. און וואָס האָבען זיי טאַקי אויסגע־לערנט? זיי זאָגען, אַז זיי האָבען געפונען, דאָס דער מענש האָט 252 גליעדער. (זיי מיינען בעזונדערע ביינער). דערויף זאָגט דיא גמרא, אַז דאָס האָט א פרוי; א מאַן אָבער האָט 248 גליעדער (רמח אברים), 4 וויניגער.

דער אמת איז, אַז א דערוואַקסענער מענש, סיי מאַן סיי פרוי, האָט 200 בעזאַנדערע ביינער, און א קינד האָט מעהר, ווייל ווען דער מענש וואַקסט אויס, וואַקסען אייניגע ביינער צוזאַמען. א פרוי האָט ניט קיין 4 ביינער מעהר וויא א מאַן! קיין איינעם אויך ניט!

אין דיא צייט, פון וועלכע דיא ערשטע געזעץ וועגען כשר און

טרפה שטאמען, — אין דיא ביבלישע צייט, — איז אָבער אזוי פיעל קענטנים אין דאָקטאָריע אויך ניט געווען. דיא וואָס האָבען גע־שריעבען דיא היילינע ספרים, האָבען געגלויבט, אז געזונדהייט און קראנקהייט זיינען עפעס געהיימניספאָלעס, איבערנאטירליכעס. זיי האָבען ניט אָנגעהויבען צו וויסען, אז עס זיינען דאָ אין דעם נא־טירליכע אורזאכען און נאטירליכע ווירקונגען, — וויא מיר האָבען אויבען געזעהן.

היינט איז עס דען מעגליך אין דער וועלט, אז פון א פאָלקס־צושטאנד מיט אזא בעגריף זאָל ארויסקומען א היגיענע, — זאָלען ארויסקומען ריכטיגע וויסענ־שאפטליכע רעגלען, וועלכע עסענס זיי־נען גוט און וועלכע שעדליך פאר'ן גע־זונד?

מאנכע מיינען, אז משה רבנו האָט זיך אויסגעבילדעט אין דיא ציוויליזירטע מצרים, ער איז אלזאָ שוין געווען א הויך - געבילדעטער מענש פיר יענער צייט, און פון זיין הויכע בילדונג האָט ער דאָס גע־נומען וויסענשאפטליכע לעהרען וועגען געזונדהייט.

דאָס וואָלט יעדענפאלס שוין געהייסען, אז דיא אידישע חכמות זיינען גאר ניט קיין אידישע נאָר עגיפּטישע. אָבער דאָס איז אויך ניט וואהר.

ערשטענס, ווען אזוי, וואָלט מען דאָך געדארפט געפינען ביי דיא מצריים אין יענער צייט גאָר א הויכע היגיענע. מען געפינט דאָס אָבער נים. צווייטענס, איז עס גאָר ניט וואהר, אז דיא דינים פון כשר און טרפה האָט משה, אָדער ווער עס איז, ערשט „געגע־בען". דאָס זיינען געווען אלטע, פון זיך ענשטאנענע מנהגים, נאָר דער שרייבער פון חומש האָט דיעזע אלטע מנהגים קאָדיפיצירט, דאָס הייסט פערשריעבען.

אין חומש גופא שטייט אזוי ביי איין מין טרפות. ביי דיא מעשה מיט יעקב'ן, וועלכער האָט זיך געראנגעלט מיט'ן מלאך און דער מלאך האָט איהם אויסגעלענקט זיין שפרינג - אָדער, שטייט: „דעריבער איז עס, וואָס דיא אידען עסען ניט דעם שפרינג־

אדער ביז'ן היינטיגען טאג". דא זעהט מען בפרוש, אז דער שרייבער פון חומש רעדט דא וועגען א טרפות־מנהג, וואס ניט ער האט איינגעפיהרט, נאר וועלכער איז שוין בעשטאנען פון גאנץ אלטע צייטען, בשעת ער האט דעם חומש געשריעבען — וויא עס איז קלאר פון זיינע ווערטער „ביז'ן היינטיגען טאג".

* * *

אין שפעטערע צייטען, אין דיא גמרא, געפינט מען שוין יא עטוואס מעדיצינישע רעגלען, מאנכע גאנץ גוטע. אבער אויך דעמאלט זיינען דיא אידישע זאגענאנטע „מעדיצינער" געווים ניט געווען מ ע ה ר נאטור־וויסענשאפטליך געזאננען, וויא דיא זאגענאנטע „מעדיצינער" פון אלע אנדערע אומות פון אזעלכע פינסטערע צייטען. דיא ביסעלע ריכטיגע מעדיצינישע רעגלען, וואס געפינען זיך אין דיא גמרא, ווערען אויך דארטען איבערגעוואויגען פון א בארג פינסטערן אבערגלויבען. פונקט וויא ביי דיא „מעדיצין־לייט" פון אלע פעלקער אין דיא פינסטערע צייטען!

ביי אנדערע פעלקער — ביי דיא גריכען און רוימער — זיינען שוין יא געווען דעמאלט, און נאך הונדערטער יאהרען פריהער, ביכער איבער נאטור־וויסענשאפט און דאקטאריע, וועלכע האבען א וויסענשאפטליכע בעדייטונג נאך ביז'ן היינטיגען טאג. פון אידישען פאלק זיינען אזעלכע סארט שריפטען ניט דא. און דיא גריכישע וויסענשאפטען (חכמות יונית) האבען אידישע חכמים פערבאטען צו לערנען.

דער רמב"ם פיהלט טאקי זעהר שטארק, וואס ביי אידען זיינען ניט געווען קיין וויסענשאפטליכע און פילאזאפישע שריפטען. עס דריקט איהם זעהר, וואס דיא העכסטע פילאזאפישע וואהרהייט — וויא ער האט געהאלטען יענע פילאזאפישע לעהרע — האט ער געמוזט לערנען פון דעם גוי אריסטו און אין דיא אידישע ספרים האט ער אזעלכע זאכען ניט געפונען. מוז ער נעביך אויסטראכטען, אז „מסתמא" זיינען געווען אזעלכע חכמות ביי דיא פארצייטיגע אידען, נאר זיי זיינען „פערלוירען געווארען"... (מ"נא' פע"א.)

אין אמת'ען דערציילט דיא גמרא, אז עס איז געווען צווישע

אידען עפעס איין דאָקטאָר בוך (ספר הרפואות), האָט מען דאָס פערניכטעט, מיט דיא צושטימונג פון דיא פאָרשטעהער פון רעלי־גיאָן. געבליבען זיינען אין דיא גמרא — וויא געזאָגט — אייניגע ציעמליך גוטע מעדיצינישע לעהרען, אָבער דאגעגען א'ן אונגע־הייערער בארג מיט זעהר אבערגלויביגע באבסקע רפואות. עס איז דער גרעסטער אונזין זיך איינצובילדען, אז דיא זאָגערם און שרייי־בערם פון אזעלכע באבסקע סגולות און רפואות (באלד וועלען מיר זעהען א ביישפיעל פון זיי) זאָלען האָבען געהאט אזא זעלטענע וויסענשאפט וועגען דעם, וואָס איז גוט צום געזונד און וואָס עס שאדט צום געזונד — וואָס אפילו דיא וויסענשאפטסלייט און גרויסע פילאָזאָפען פון רוים און גריכענלאנד האָבען ניט געוואוסט דערפון!

בסך הכל האָבען דיא גמרא־לייט אויך ניט מעהר געהאלטען פון א נאטירליכע בעטראכטונג פון געזונדהייט און קראנקהייט, וויא דיא היילינע לייט פון חומש און תנ"ך. אויך דיא גמרא־לייט האל־טען קראנקהייט פאר איבערנאטירליכע אָנשיקענישען פון גאט, רוחות און מזיקים — און רפואות הייסען זיי אויך זוכען אויף אי־בער־נאטירליכען וועג.

אויף איין אָרט שטייט אין דער גמרא, אז א תלמיד חכם זאָל ניט וואוינען אין א שטאָט, וואו עס איז קיין רופא ניטאָ. איילט זיך טאקי רש"י געשווינד צו ערקלערען, אז דעם רופא דארף מען מל צו זיין קינדער! (סנהדרין י"ז).

וויעדער אויף איין ארט שטייט אין דיא גמרא, אז אין בית המקדש איז געווען אָנגעשטעלט א ספּעציעלער בעאמטער, מיט'ן נאָמען בן אחייה. ער איז געווען געשטעלט אויף בויך־ווייטאָג פאר דיא כהנים. „אזוי וויא דיא כהנים זיינען ארומגעגאנגען באָרוועס אויף דיא שטיינער פון בית המקדש און האָבען געגעסען פלייש און געטרונקען וואסער, פלעגען זיי אָפט קריגען בויך־ווייטאָג". אזוי שטייט. האָט דער בן אחייה געוואוסט, אז „דער ווייז איז גוט פאר בויך־ווייטאָג און יענער וויין טויג ניט". (שקלים פ"ה הל. א.)

דאָס איז געווען שוין א גרויסער פאָרטשריט. מען האָט שוין געוואוסט, אז פון גיין באָרוועס אויף דיא קאלטע שטיינער און פון

עסען פלייש און טרינקען וואסער קריגט מען ווייטאָג אין דיא גע־דערים. אָבער וויא קליין איז געווען אפילו דיעזער פּאָרטשריט, ווען איינער, וואָס האָט געוואוסט, וועלכער וויין עס איז גוט פאר בויך־ווייטאָג, איז געווען אָנגעשטעלט אלס ספּעציעלער בעאמטער אין בית המקדש און זיין נאָמען איז געבליבען פעראייביגט, אלס א וואונ־דערליכער קענער, ביז׳ן היינטיגען טאָג!

(נאָך דיא קנייפ־מעטהאָדע איז גאָר זעהר געזונד צו גיין באָר־וועס אויף קאלטע שטיינער. יעדענפאלס שאדעט דאָס ניט ווען מען איז געוואָהנט.)

עס זיינען אין דיא צייט פון דיא גמרא יא געווען אידישע רופאים. אָבער זיי זיינען בענוצט געוואָרען דער עיקר מל צו זיין קינדער און צו האקען אָדער. (זעה מנחות מ״ב.) און דערצו זאָגט דיא גמרא אויף זיי: „דער בעסטער פון דיא דאָקטוירים געהער אין גיהנם אריין“. (קידושין ד.)

* * *

דאָ זיינען עטליכע ביישפּיעלע, וואָס שוין אפילו דיא גמרא־לייט, אין דיא שפּעטערע מעהר ענטוויקעלטע צייט, האָבען געוואוסט פון דאָקטאָריע:

א גוי׳אישע מיידעלע איז שוין פעהיג „בעמאנט“ צו ווערען ווען זיא איז אלט דריי יאָהר מיט א טאָג. (ע״ז ל״ז.)

אמאָל איז א איד אוועקגעפאָהרען פון זיין ווייב און האָט זיך געזאמט א יאָהר; ווען ער איז צוריקגעקומען, האָט ער געפונען זיין ווייב מעוברת. האָבען דיא תנאים גע׳פסק׳ענט, אז דאָס איז זיין קינד, ווייל א א י ד ע נ ע ק ע ן ט ר אָ ג ע ן 12 חדשים... (יבמות פ:)

זיי האָבען געגלויבט, אז פון א מענשליכע פרוי קען געבוירען ווערען א בהמה און פון א בהמה קען געבוירען ווערען א מענש. עס זיינען דאָ גאנצע שאלות אין דער גמרא, צו מען מעג עסען א מענ־שען וואָס איז געבוירען געוואָרען פון א בהמה. (נדה כ״ג:)

ווייטער איז דאָ שאלות, וויא איז דער דין אז פון א אידענע ווערט געבוירען א בהמה? צו הייסט דיא בהמה א מענש צו נים.

רבי מאיר זאָגט אז דאָס הייסט א מענש. פרעגט מען א שאלה, טאָ וויא איז דער דין, ווען דער פאָטער פון דיא בהמה האָט זיך גע־לאָזט פון איהרעט וועגען מקדש זיין? צו מעג דער, וואָס האָט מיט איהר אויף אזא אופן חתונה געהאט, נעהמען דער בהמה'ס שוועסטער פאר א ווייב? וויבאלד דיא בהמה הייסט א מענש, איז דאָך דאָס מקדש־זיין געווען גילטיג, טאָ טאָר ער ניט נעהמען איהר שוועסטער, ווייל צוויי שוועסטערן טאָר מען ניט נעהמען פאר ווייבער. וויבאלד אָבער דיא בהמה גילט ניט אלס מענש, נאָר אלס בהמה, איז ניט גילטיג וואָס מען האָט איהר פאָטער פון איהרעט־וועגען מקדש געווען און דער מאן מעג נעהמען איהר שוועסטער פאר א ווייב. (שם ע"א)

דיעזע שאלה בלייבט ניט גע'פסק'ענט און ביז'ן היינטיגען טאָג ווייסט מען ניט, צו מעג מען נעהמען דיא שוועסטער פון א בהמה פאר א ווייב, ווען מען האָט דיא בהמה מקדש געווען דורך איהר פאָטער.

איינער אין דער גמרא זאָגט, אז דאָס האָט מען געפרעגט אויף געלעכטער, „דען א בהמה וואָס ווערט געבוירען פון א מענש קען ניט לעבען"...

לאָז זיך יעדער פערשטענדיגער מענש אליין פאָרשטעלען, אויב פון מענשען, וואָס האָבען זיך אָבגעגעבען אָט מיט אזעלכע חקירות, האָט געקענט ארויסקומען אזא אויסגענומענע וואונדער־בארע נאטור־וויסענשאפטליכע היגיענע, וואָס דיא גרעסטע פילאָזאָפען פון אנדערע אומות האָבען ניט געקענט דערגייין!

* * *

אָט איז גאָר א וואונדערליכע שטיקעל דאָקטאָריע פון דיא גמרא:

ווען א מיידעלע פון דריי יאָהר ווערט בעמאנט, קריגט זיא דערנאָך צוריק איהר יונגפרוישאפט. איין טאָג שפּעטער פון דריי יאָהר שוין ניט. וויא איז אָבער, אז זיא איז שוין געווען נאָך'ן חשבון דריי יאָהר מיט א טאָג, נאָר דערנאָך האָבען דיא רבנים בע־

שלאָסען צו מאכען דאָס יאָהר פאר א'ן עובר - יאָהר און דאָס האָט זיא געמאכט (לויט דעם נייעם קאלענדער) מיט א חודש יונגער? — דאן קריגט זיא וויטער צוריק איהר יונגפרוישאפט! (ירושלמי נדרים פ"ו)

אָט אזא בעגריף האָבען זיי געהאט פון דיא פעסטקייט פון נאַ־טור־געזעצע! אז דיא רבנים רוקען צוריק דעם קאלענדער אויף א חודש, ענדערט דאָס דיא פיזיאָלאָגישע נאטור פון דעם מענשען!

פערשטייט איהר שוין וויא זיי האָבען געקענט וויסען פון דעם היגיענישען טייל פון פיזיאָלאָגיע אזוי פיעל מעהר וויא אלע חכמים פון אלע אוּמות?! אז עס איז גאָר ניטאָ פאר זיי קיין נאטור אין דיא טיעפערע פאסירונגען אין דעם מענשליכען קערפער!

* * *

דאָ וועלען מיר געבען א ליסטע פון זאכען, וואָס דיא גמרא זאָגט יא, אז זיי זיינען שעדליך פאר'ן מענשען. פון דעם וועט מען זעהן, וויא זיי האָבען געוואוסט און געקענט וויסען פון נאטירליכע היגיענע מעהר וויא אלע הכמים פון דער וועלט:

1) זאָלסט ניט עסען קיין גראדע צאָהל זאכען און ניט טרינ־קען קיין גראדע צאָהל כוסות (צוויי, אָדער פיער, אָדער זעקס, א. ז. וו.)

2) זאָלסט ניט טהון דיין בעדירפנים צווישען א טייטעלבוים און א וואנד.

3) זאָלסט ניט דורכגיין צווישען צוויי טייטעל־ביימער.

4) זאָלסט ניט אריבערגיין איבער אויסגעגאָסענע וואסער. סיידען רייטענדיג אויף א'ן אייזעל, אָדער אָנגעטהאָן אין שיך, אָדער ווען דיא זון האָט דאָס וואסער בעשיינט

5) זאָלסט ניט טרינקען קיין געבאָרגטע וואסער וואָס א קליי־נער האָט אָנגעשעפּט.

6) זאָלסט ניט דורכגיין צווישען צוויי ווייבער, און ניט לאָזען א'ן אשה דורכגיין צווישען צוויי מאנספערשוינען.

7) זאָלסט ניט דורכגיין צווישען צוויי הינד און ניט לאָזען א הונד דורכגיין צווישען צוויי מענשען.

8) זאָלסט ניט שלאָפען איינער אליין אין דעם שאטען פון א טייטעלבוים.

9) זאָלסט ניט שלאָפען איינער אליין אין דער שאטען פון דער לבנה.

10) זאָלסט ניט טרינקען קיין וואסער ניט מיטוואָך ביינאכט און ניט פרייטאג ביינאכט.

דיעזע צעהן געבאָט זיינען נאָר א גאנץ קליינער ביישפיעל פון נאָך א גרויסע מאסע אזעלכע „היגיענישע" פאָרשריפטען, וואָס געפינען זיך אין דיא גמרא. און עס איז דערביי גאנץ דייטליך געזאָגט, אז דאָס איז שעדליך צוליעב דיא בייזע רוחות. און דאָס שטייט ניט אין קיין זייטיגע נארישע ספרים, נאָר אין דיא סאמע הייליגע גמרא.

מיר דאכט זיך, אז אפילו דער קינציגסטער דרייה־קאָפּ קען אין דעם ניט אריינ'פּשט'לען קיין ראציאָנאליסטישע אויסטייטשונג, קיין נאטורוויסענשאפטליכע ערקלערונג. דאָס איז פשוט דער גרעבסטער אבערגלויבען, גראדע אזעלכער, וויא מען געפינט ביי אלע פעלקער אין דיא פינסטערע צייטען.

דיא גמרא־לייט זיינען ניט געווען קיין אויסנאהמע מיט דיעזען בארג אבערגלויבען. ביי אלע אומות האָבען זיך דיא „חכמים" אָבגעגעבען מיט אזעלכע אומנאטירליכקייטען אין דיא פינסטערע צייטען. אָבער קיין אויסנאהמע ווייעדער אין נאטור־וויסענשאפטליכער געזיננונג און פאָרשונג זיינען דיא גמרא־לייט על־כל־פנים אודאי ניט געווען, אויב זיי האָבען זיך אויך געקענט אָבגעבען מיט אזעלכע זאכען. עס קען ניט זיין, אז פון זייערע קעפּ זאָל זיין ארויסגעגאנגען אזא וואונדערבארע וויסענשאפט, וועגען דעם וואָס עס איז געזונד צום עסען און וואָס עס שאדט צום געזונד, — וואָס אלע גרויסע קעפּ פון אנדערע פעלקער האָבען ניט געקענט דערגיין.

* * *

צווישען דיא, וואָס פון זייערע זאָגאכטסען איז צוזאמענגעשטעלט דיא גמרא, זיינען געווען פערשיעדענע מענשען: נארישע און קלוגערע, זעהר גרויסע פאנאטיקער און אביסעל קלענערע, גאנץ

אונוויסענדע און אזעלכע וואָס האָבען יא עפּעס געוואוסט פון דער וועלט און דער נאטור, — פון דיא קליינע ביסעלע וואָס מען האָט דעמאָלט געקענט וויסען. אָבער אפילו דיא פון זיי האָבען געגלויבט אין אלערליי נארישקייטען וועגען געזונדהייט, קראנקהייט און רפואות.

רבי מאיר גילט אלס איינער פון דיא גרעסטע קעפּ פון דיא גמרא. זאָגט ער א דין, אז וואו מען טאָר ניט טראָגען אום שבת, מעג א אידענע יא טראָגען א זאַך וואָס איז אָבגעוואויגען געוואָרען מיט א געוויסען שטיינדיל, וואָס ווערט אָנגערופען „אבן תקומה"; ווייל דאָס שטיינדיל איז א סגולה מען זאָל ניט מפּיל זיין און אלע וואָס מען וועגט אָב מיט דעם שטיינדיל איז אויך אזא סגולה: אז א פרוי טראָגט דאָס, וועט זיא ניט מפּיל זיין. (שבת ס"ו:) א'ן אבער־גלויבען פון דעם ערגסטען סאָרט!

איינער פון דיא בעריהמטעסטע הייליגע לייט פון דיא גמרא איז אביי (לעז דאָס „אבאיע"). יעדער האָט געהערט זאָגען „אָמער אבאיע". ווען ער איז נאָך א קינד געווען, האָט שוין דער גרויסער תנא רבה דערקענט, אז דאָס וועט ארויסוואקסען עפּעס גאָר קיין קליינינגקייט ניט! (ברכות מ"ח)

נו, דיעזער איינער פון דיא גרעסטע גמרא־לייט דערציילט אלע מאָל וואָס זיין ניאנקע האָט איהם געזאָגט, און דאָס לערנט ער אי־דען אלס תורה!

למשל: מיין ניאנקע האָט מיר געזאָגט, אז צו א'ן איין־טאָגי־גען קדחת זאָל מען נעהמען א שפּאָגעל־נייעם גילדען און גיין אין דיא סאלינעס און אָבוועגען אויף דעם גילדען זיין געוויכט זאלץ און דאָס זאלץ אָנהיינגען דעם קראנקען אויפ'ן האלז מיט א האָרענע בענדיל. אָדער, אז ניט, זאָל ער זיך אוועקזעצען וואו דיא וועגען צושיידען זיך און ווען ער וועט זעהן א ריעזען־מוראשקע וואָס טראגט עפּעס, זאָל ער זיא נעהמען און ארייננוואַרפען אין א קופּערנע רעה־ריל און דאָס פערשטאָפּען מיט בליי און פער'חתמה'נען מיט 60 חתימות און דאָס שאָקלען און זאָגען: „דיין משא אויף מיר און מיינע אויף דיר". האָט ר' אחא געפרעגט ביי ר' אשי'ן (ביידע אויף

פון דיא גרעסטע גמרא־לייט) : טאָמער האָט שוין א׳ן אנדערער קראנקער מיט דיא אייגענע מוראשקע אזוי געטהאָן, טראָגט זיא דאָך שוין יענעמס קראנקהייט, און אז דער וועט זאָגען : „דיין משא אויף מיר", קען דאָך דאָס חלילה גיין אויף יענעמס קראנק־הייט ! איז געבליבען ביי זיי, אז מען זאָל ניט זאָגען „דיין משא אויף מיר און מיין משא אויף דיר", נאָר : „דיין משא און מיין משא אויף דיר".

אָט דאָס איז געזונדהייטס־לעהרע און דאָקטאָריע פון דיא גרעסטע לייט פון דער גמרא !

אויף דעם זעלבען אָרט אין דער גמרא (שבת ס"ו. און ווייטער) זיינען דאָ גאנצע בערג מיט אזא מין דאָקטאָריע : סגולות, קמיעות, אבשפּרעכונגען מיט אונפערשטענדליכע ווערטער (מסתמא שדים־לשון) א. ז. וו. דיא גרעסטע „חכמים" אונזערע, אויך דיא וואָס גילטען פאר געבילדעטע (לויט יענער צייט), נעהמען דאָרטען אנ־טהייל אין דיעזע „מעדיצינישע" בעלעהרונג און באבסקע רפואות פון אלטע נארישע ווייבער.

אמת, דיא גאנצע ביסעל פארצייטיגע „מעדיצין" קומט ארויס פון אזעלכע באבסקע קעפּ ביי אלע אומות. עס איז אויך וואהר, אז אפילו מאנכע ווירקליך גוטע דענקער און פאָרשער פון דיא פינס־טערע צייטען, ביי אלע אומות, האָבען זיך אָבגעגעבען מיט עהנלי־כען אבערגלויבען, און דאָך איז פון זיי ארויסגעקומען מאנכע וויכ־טיגע לעהרען, וואָס גילטען נאָך היינט. אלזא, זיינען דיא אידי־שע „חכמים" פון יענע פינסטערע צייטען ניט געוועזען ערגער וויא דיא (נאָך דעם היינטיגען בעגריף) נארישע „חכמים" פון אלע אומות. אָבער בעסער אויך ניט ! קיין ז ע ל ט ע נ ע וויסענ־שאפטליכע לעהרען קען מען דאָך פון זיי ניט ערוואַרטען !

מאנכע גוטע עצות פאר׳ן געזונד און גוטע רפואות געפינט מען ביי דיא פריסטער פון אלע ווילדע. ביי אלע פארצייטיגע פעלקער זיינען דיא פריסטערס געוועזען דיא „רופא׳ס" אויך און צו־זאמען מיט זייערע פינסטערע באבסקע רפואות און סגולות און אבשפּרעכונגען האָבען זיי אלע מאנכע מאָל געגעבען אמת׳דיג גוטע עצות פאר׳ן געזונד אויך. א נאר טרעפט אויך אמאָל אויף א

חכמה. און זיי זיינען גאר קיין נאראנים ניט געווען. זיי האבען בלויז ניט געקענט וויסען וואס עס איז ערשט שפעטער אויסגע־פארשט געווארען. אבגעגעבען מיט קראנקע האבען זיי זיך — איז עס דען ניט נאטירליך, אז זיי האבען געמאכט מאנכע גוטע בעאבאכטונגען?

דיא „מעדיסין־מען" פון דיא ווילדע אינדיאנער האבען אויך מאנכע װערקליך גוטע געזונדהייטס־לעהרען.

בעזונדערס פיעל גוטע געזונדהייטס־לעהרען זיינען אין דיא גמרא ניטא. פון דיא ביסעלע וואס זיינען דא, זיינען א סך אויך אזעלכע, וואס קענען יערע אלטע באבע איינפאלען. למשל:

ווען איינער געהט אין א הייסע באד און טרינקט ניט קיין גלעזעל ווארעמס, איז ער וויא א'ן אויווען וואס מען הייצט איהם פון אויסענווענינ און ניט פון אינעווענינ. און נאך אזעלכעס.

א סך ווידער איז דאס פארצייטיגע רפואות, וואס דיא נייס־טע וויסענשאפט האט בעוויזען אלס פאלש. איין הויפט־רפואה, וואס מען געפינט אין דיא גמרא, איז געווען — האקען אדער. היינט ווייסט מען, אז דאס ברייגנט אין פיעלע פעלע א סך מעהר שאדען וויא נוצען.

און צוליעב אט דיא ביסעלע „דאקטאריע" ווערען ענטהוזיאס־טען ענטציקט פון דיא חכמה פון דיא גמרא. זיי צוהיצען זיך דאס בלויז מיט געמאכטע התפעלות. זאלען זיי זיך נאר בערוהיגען און בעטראכטען די זאך קאלט־בלוטיג, ועלען זיי אליין צוגעבען, אז עס שטעקט אין דעם קיין שום וואונדערליכע חכמות ניט, און אז דיא בערג באבסקע רפואות, וואס געפינען זיך דארטען, בעווייזען מיט אבסאלוטע זיכערהייט, אז דיזע מענשען האבען בשום אופן ניט געקענט זיין קיין גרעסערע נאטור־וויסענשאפטליכע דענקערס און וויסערס, וויא זייערס גלייכען ביי אנדערע אומות (זעה ספר „פרדס דוד" פון דוד האלוב, השחר שנה ט').

* * *

א סך פון דיא כלומרשטיקע דאקטאריע, וועלכע דיא ראציא־נאליסטישע ענטהוזיאסטען זאגען אז זיי געפינען אין דיא גמרא, איז פשוט ארייגגע'פשט'עלט מיט דרשה־דריידלעך.

אַט למשל צייגט גאָר איינער, אז אין דיא גמרא געפינט זיך שוין דיא וואונדערבארע ערפינדונג פון דאָקטאָר פּאסטעיר, וויא צו היילען א מענשען פון א ביס פון א משוגענעם הונד, — פון הידראָפאָביע (מ. ראבינאָוויטש, האסיף תרמ"ז). רען אין דיא גמרא איז גערעדט וועגען געבען אזא געביסענעם צו עסען דעם לע־בער פון דעם הונד וואָס האָט איהם געביסען, און פּאסטעיר'ס ער־פינדונג איז דאָך אויך מען זאָל איהם איינשפּריצען אין זיין בלוט דעם זעלבען גיפט פון הידראָפאָביא, וואָס דער משוגענער הונט האָט אין זיך.

וואונדער איבער וואונדער! אזא געוואלדיגע ערפינדונג פון דיא היינטיגע צייט האָבען שוין גאָר געוואוסט דיא גמרא־לייט מיט צוויי טויזענד יאָהר צוריק! אזעלכע געוואלדיגע חכמים זיינען זיי געוועזן!

איז אָבער דער אמת, אז דער וואונדער איז ניט, וואָס יענע זיינען געוועזן אזעלכע חכמים דעמאָלט, נאָר דער וואונדער איז, וואָס דער משכיל איז אזוי אונוויסענד היינט. ער רעדט זיך נעמ־ליך איין, אז פּאסטעורס רפואה בעשטייט אין דעם, דאָס מען שפּריצט איין דעם געביסענעם מענשען אין זיין בלוט דעם גיפט פון הידראָפאָביע, אָבער דאָס הייבט זיך גאָר ניט אָן!

פּאסטעור'ס רפואה בעשטייט אין דעם, דאָס מען שפּריצט איין דעם געביסענעם א געוויסען שטאָף, וואָס מען נעהמט ארויס פון א קראָליק, וואָס האָט אין זיך אזא פערגיפטונג דורך הידראָ־פאָביא־גיפט. אָבער פריהער מאכט מען דורך געוויסע מיטלען אז דער גיפט אין דיעזען שטאָף זאָל ניט קענען וויר־קען. ביי דיא איינשפּריצונג היילט אלזאָ ניט דער גיפט פון דעם משוגענעם הונט, נאָר גראדע דער אנדערער שטאָף היילט, דער שטאָף וואָס מאכט דעם גיפט אונשעדליך. אַט דאָס איז פּאסטעורס ערפינדונג. וואָס זשע פאר א פערגלייך דערצו איז דיא באבסקע רפואה פון דער גמרא, אז מען זאָל געבען דעם געביסענעם צו עסען דעם לעבער פון דעם הונד, וואָס האָט איהם געביסען?!

איך העל אָפט פּאָרווירפע, פאר וואָס פערשוויינ איך „דיא אנדערע זייט", וועלכע בעוויזט וואונדערליכע חכמות אין דיא

אלטע רעליגיאָן. אָם איז דאָ א מוסטער פון דיעזע „אנדערע זייט" וואָס א לעזער געפינט אמאָל ערגעץ פאַרגעשטעלט! דער מאן ווייסט ניט וואָס פאסטעור'ס ערפינדונג איז, און דער ציילט דער וועלט, אז פאסטעור'ס ערפינדונג געפינט זיך שוין אין דיא גמרא! אָט אויף אזא אופן געפינט מען דאָס כלומרשט היינטיגע גרויסע ערפינדונגען און וויסענשאפטען אין דיא פאר־צייטיגע „היילינע" שריפטען!

אפילו דער רמב"ם זאָגט, אז דאָס מיט דיא לעבער פון א משוגענעם הונד מיינט מען ניט קיין נאטירליכע רפואה, נאָר א'ן אבערגלויבישע סגולה. און ער אליין גלויבט ניט אין דעם. (פירוש המשניות, יומא פ"ג.) עס איז קיין פראגע ניט, אז דאָס איז איינע פון דעם סאָרט באבסקע „רפואות" פון דיא ווילדעסטע פון דיא ווילדע מענשען. קומט אזא בעל־פשטיל און וויל זיך איינרע־דען, אז דאָס „מיינט מען" דיא גרויסארטיגע מאָדערנע ער־פינדונג פון פאסטעיר, איינע פון דיא וואונדערבארסטע אויפ־טהואונגען פון דיא נייסטע שוועד־פאַרשענדע וויסענשאפט!

* * *

ווען דאָס איז שוין געווען געשריבען, האָט מיר א פריינד א דאָקטאָר געזאָגט, אז ער האָט ערגעץ געלעזען פון א היינטיגען דאָקטאָר, אז דיא לעבער פון א משוגענעם הונד איז א רפואה צו הידראָפאָביע. און איינער א אידישער ראציאָנאַליסט, זאָגט ער, האָט זיך דערויף געכאפט, אז דיא גמרא האָט דאָס שוין געוואוסט.

אויף דעם איז צו ענטפערן, ערשטענס, מאלע וואָס איין דאָק־טאָר דריקט אויס א מיינונג. דאָס איז פון דיא פאָרשער דערווייל ניט בעשטעטיגט.

צווייטענס אָבער איז דאָ א'ן אנדערע געשיכטע דערביי: יע־נער ראציאָנאַליסט מאכט זיך ניט וויסענדיג, אז אין דיא גמרא שטייט אייגענטליך נאָר, אז איין תנא, ר' מתיא בן חרש, האלט, אז דאָס איז א רפואה, אָבער דיא גמרא אליין פסק'ענט, אז דאָס איז ניט קיין רפואה.

עס האנדעלט זיך נעמליך ווענען א שאלה, צו מעג מען א אי־

דען געבען צו עסען דיעזע רפואה און דיא משנה פסק'ענט, אז ניט. פאר א'ן אמת'ע רפואה, שטייט דאָרטען, מעג מען געבען טרפות, אָבער דעם משוגענעם הונד'ס לעבער טאָר מען ניט, ווייל עס איז ניט קיין אמת'ע רפואה!

אויב אלזאָ היינט געפינט מען, אז דאָס איז יא א רפואה, בעווייזט דאָס דאָך גאָר, אז דיא חכמים פון דיא גמרא האָבען ניט געוואוסט דיא וויסענשאפטליכע וואהרהייט. פון דעם מאַכען זיי זיך ניט־וויסענדיג!

דאגעגען זאָגט דאָרטען, אין דיא גמרא, שמואל — דער „דאָקטאָר" גראדע, — אז אויף א משוגענעם הונד רוהט דער „בייזער רוח". און אביי גיט דיא „ריכטיגע" רפואה צו א ביס פון א משוגענעם הונד. ער הייסט אזוי טהון: מען זאָל נעהמען דיא פעלל פון א מענליכע קלאפּער־שלאנג און אויפשרייבען אויף איהר: „איך משה בן חיים (למשל) שרייב אויף א פעלל פון א מענליכע קלאפּער־שלאנג צו דיר (שד פון דעם משוגענעם הונד): „כנתי כנתי קלירוס (שדים־לשון מסתמא), יה, יה, יהוה צבאות, אמן אמן סלה". און דאָס זאָל מען ארייגלייגען אין דיא קליידער פון דעם געביסענעם און בעגראָבען אויפ'ן בית־עולם אויף 12 חדשים. דערנאָך זאָל מען דאָס ארויסנעהמען און פערברענגען אין א אויווען און דאָס אש צושפּרייטען אויפ'ן שייד־וועג. און אין פערלויף פון דיא 12 חדשים זאָל דער געביסענער נאָר טרינקען וואסער פון א קופּערנע בעכעריל. אז ניט, קען ער זעהן דעם שאָטען פון דעם שד פון דעם משוגענעם הונד און זיין אין געפאהר".

דערויף דערציילט דיא גמרא, אז איינער אבא בר מניומא איז געביסען געוואָרען פון א משוגענעם הונד, האָט איהם זיין מוטער אזוי געטהאָן און אנשטאט פון א קופּערנע בעכעריל האָט זיא איהם געמאכט א גאָלדענע. (יומא פ"ד.)

וואָס זאָגט דער משכיל צו אזא „דאָקטאָריע"? פון דעם מאכט ער זיך ניט וויסענדיג!

דאָס גיט דיא גמרא פאר דיא „אמת'ע" רפואה פאר דעם ביס פון א משוגענעם הונד, אנשטאט דיא רפואה פון דעם הונד'ס לעבער, וועלכע דיא גמרא פּסק'ענט, אז זיא איז א פאלשע.

* * *

אויך אין עין הרע האבען דיא חכמים געגלויבט אויף'ן דומ־
סטען אופן. זיי האבען געזאגט, למשל, א גאנץ שטרענגען דין, אז
עס איז פערבאטען צו שטיין און קוקען אויף א פעלד, בשעת עס
איז פול בעוואקסען מיט תבואה־זאנגען, ווייל מען קען נאך געבען
דיא תבואה א'ן עין הרע. (ב"מ ק"ז.) אפילו א מלבוש קען מען
געבען א'ן עין הרע. דעריבער זאל מען א געפונענעם בגד ניט אויס־
שפרייטען ווען פרעמדע זיינען דא. (פסחים כ"ו:)

* * *

דער רמב"ם, וועלכער איז געווען א געלעהרטער אין די
גוי'אישע חכמות, און אויך א גרויסער מעדיצינער, האט טאַ־
קי ניט אריינגעשטעלט אזעלכע דינים פון דער גמרא אין זיין ספר
אריין, וואו ער האט צוזאמענגעשטעלט אלע דינים פון דער גמרא
סיסטעמאטיש. זיין מיינונג איז געווען, אז אזא אבערגלויבען דארף
מען ניט גלויבען, כאטש דאס שטייט גאנץ בפרוש, און אין א
העכסט ערנסטען טאן, אין דיזעלבע הייליגע גמרא, פון וועלכע דיא
גאנצע רעליגיאן קומט. פון דעם זעהט מען דייטליך, אז דער רמב"ם,
דער געלערנטער דאקטאר, — וועלכער האט גענומען זיין דאק־
טאריע פון אראבישע גוי'אישע חכמים, נאטירליך, ניט פון דיא
גמרא, — האט אליין געהאלטען דיא גמרא־לייט פאר אונוויסענד
אין אזעלכע זאכען. און דיא גמרא־לייט זיינען שוין געווען אין
דער צייט פון א פיעל העכערע קולטור וויא דיא צייט, אין וועלכע
דער חומש איז ענטשטאנען.

דיא עכטע פרומאקעס, דיא וואס האבען ניט געוואוסט פון
קיין שום גוי'אישע חכמות, נאר ריינע אידישקייט, דיא האַ־
בען טאקי זעהר שטארק „געצארנט" אויף דעם רמב"ם פאר דעם.

* * *

אין פיעל שפעטערע צייטען זיינען יא געווען גרויסע אידישע
דאקטוירים. אבער זייער דאקטאריע איז ניט גע־
קומען פון רעליגיאן און איז ניט גע־
ווען קיין שום מחותן מיט אידישקייט.

דיא אידען האָבען הונדערטע יאָהרען געהאלטען דיא דאָקטוירים פאר פושעי־ישראל'ניקעס. זייער דאָקטאָריע איז געווען „חכמת עכו"ם", גוי'אישע חכמות; כאָטש דיעזע אידישע דאָקטוירים האָבען אין דיעזע חכמה זעהר א סך אויפגעטהאָן.

מאַנכע שפּעטערע אידישע גרויסע געלעהרטע אין דאָקטאָריע זיינען אפילו, אין מאַנכע צייטען און ערטער, געווען אויך גרויסע למדנים און ערנסט־פרומע אידען. אָבער זיי האָבען ניט ענטוויקעלט דיא דינים פון כשר און טרפה לויט זייער געלערענטקייט אין דאָקטאָריע און היגיענע.

ניין, זיי האָבען ניט געוואגט צו פּסק'ענען שאלות וועגען כשר און טרפה לויט זייער דאָקטאָריע. זיי זיינען געווען גלויביג און האָבען געהאלטען דיא דינים פון כשר און טרפה פאר גזרות פון גאָט, וואָס האָבען גאָר ניט צו טהאָן מיט מענשליכע וויסענשאפט און מיט נאטירליכע היגיענע (זעה וואָס מיר ברייננען, זייטע 100, פון רמב"ם).

די שפּעטערע ענטוויקלונג פון וויסענשאפטליכע אידען האָט ניט געהאט קיין שום איינפלוס אויף דיא דינים פון כשר און טרפה. ניט זיי זיינען געווען די אויטאָריטעטען וועגען דעם. דער גרעסטער אויטאָריטעט, דער שלחן ערוך, האָט אזוי פיעל געוואוסט פון וויסענשאפט, דאָס נאָך אזוי שפּעט וויא אין 16טען יאָהרהונדערט, האָט ער געשריבען אַ דין וועגען „עופות וואָס וואקסען אויף אַ בוים און וואָס הייננען אויף דיא בוימער מיט זייערע שנאָבלען"! (יורה דעה פ"ד). דאָס שטעהט אין דעם ספר, וועלכער איז דער העכ־סטער אויטאָריטעט אין כשרות און טרפות! אַ קינד פון ערשטען קלאַס וועט זיך היינט אויסלאכען פון אזאַ „וויסענשאפט", וואָס רעדט וועגען עופות וואָס וואקסען אויף בוימער.

איין מאָל שטעהט דערצעהלט אין דער גמרא וועגען אַ תנא, וועלכער האָט געמאכט נאַטור־וויסענשאפטליכע עקספּערימענטען, אום זיך צו איבערציינגען וועגען נאַטור־פאקטען, און אָט איז דיא געשיכטע, וועלכע ציינגט דייטליך, וואָס פאר אַ וויסענשאפטליכע ווערדע זייערע חקירות האָבען:

דער תנא ר׳ משרשיא איז געווען א נאטור־פאָרשער, וואָס האָט ליעב געהאט אליין צו זוכען, וואָס טהוט זיך אין דער נאטור. אין פסוק שטייט, אז דיא מוראשקעס האָבען ניט קיין מלך, האָט ער זיך געוואָלט אליין איבערצייגען, אויב עס איז אזוי. האָט ער גע־נומען א מאנטעל און האָט פארשפרייט איבער א נעסט פון מו־ראשקעס. האָט ער געזעהן וויא איין מוראשקע איז ארויסגעקומען און האָט זיך בעטראכט דעם שאטטען פון דעם מאנטעל און האָט זיך געמאכט א סימן וואו דאָס איז.

דערנאָך איז דיא מוראשקע אריין אין נעסט און אָנגעזאָגט דיא איבריגע מוראשקעס דיא בשורה, אז זיא האָט געפונען א קיה־לען שאָטען דאָ נאָהענט. זיינען זיי אלע ארויס. זיא איז געגאנ־גען פריהער און זיי געוויעזען דעם וועג. איידער זיי זיינען ארויס־געקומען, האָט דער תנא דערווייל זיין מאנטעל אוועקגענומען. וויא דיא מחנה מוראשקעס האָבען דעם שאָטען ניט געפונען, זיינען זיי בעפאלען דיא איינע מוראשקע און זיא דערהרג׳עט. דאָ האָט ר׳ משרשיא געזעהען, אז זיי האָבען טאקי ניט קיין מלך, וואָרים ווען זיי וואָלטען געהאט א מלך, וואָלט דאך זיי ניט געווען ערלויבט אליין צו לינטשען דעם פערפיהרער אָהן דעם מלך!

דערנאָך האָט זיך אָבער דער תנא מיישב געווען: ניין, דאָס איז קיין ראיה ניט! ערשטענס, טאָמער איז דער מלך טאקי געווען צווישען זיי; צווייטענס אפשר איז דאָס פונקט געווען נאָך דעם טויט פון איין מלך און איידער א׳ן אנדערער מלך איז נאָך גע־קרוינט געווארען. הכלל, האָט ער זיך שוין געמוזט פערלאָזען אויף דעם וואָס דער פסוק זאָגט, אז דיא מוראשקעס האָבען ניט קיין מלך! (חולין נ״ז:)

און פון מענשען, וואָס ביי זיי איז אָט דאָס נאטור־פאָרשונג, וויל מען זיך איינרעדען, שטאמט א וואונדערליכע וויסענשאפטליכע היגיענע!

וואָס דען איז דיא מעשה מיט כשר און טרפה? צוליעב וואָס איז דאָס? פון וואנען האָט זיך דאָס גענומען?

דאָס וועלען מיר ערקלערען אין דיא ווייטערע קאפיטלען.

וועגען דיא קראנקהייטען צוליעב וועלכע אַ בהמה ווערט טרפה, וועט גערעדט ווערען אין דיא לעצטע עטליכע קאפּיטלען, און דאָס וועט דער אויפמערקזאמער לעזער לעזען מיט דעם שפּאַ־נענדסטען אינטערעס. נאָר פריהער מוזען מיר בעטראַכטען עהנ־ליכע מנהגים וועגען כשר און טרפה ביי אנדערע פעלקער.

## III

# כשר און טרפה ביי ווילדע מענשען

פון וואנען אלזא שטאמט דאָס, וואָס פונקט ביי אידען איז גע־ווען פערבאָטען צו עסען וואָס מען וויל און עס זיינען געגעבען גע־וואָרען אזעלכע גענויע געזעצע, וואָס מען מעג עסען און וואָס מען טאָר ניט, וואָס עס איז כשר און וואָס טרפה? פאר וואס זיינען גראד אידען געווען אזעלכע אָבגעהיטענע?

איז דער תירוץ: עס איז גאָר ניט אמת, אז דאָס איז געווען נאָר ביי אידען!

ביי אלע פעלקער זיינען געווען פערבאָטענע מאכלים. אפילו ביי דיא ווילדע מענשען פון אויסטראליען, ניו זעעלאנד, און אלע פערוואָרפענע אינזלען, וואס זיי זיינען זיך קיין מאָל ניט געווען צוזאמענגעקומען מיט אונזערע מענשען, ווייל זיי זיינען געווען אב־געשיידט פון זיי דורך זעהר גרויסע ימים (איידער עס זיינען גע־ווען דיא היינטיגע ערפינדונגען האָט מען איבער דיעזע ימים גאָר ניט געקענט פאָהרען) —אפילו ביי זיי זיינען דאָ א מאסע פערבאָטענע שפייזען.

עס איז דאָ א וואָרט „טאבו", וואָס ווערט היינט בענוצט אין אלע שפראכען. דאָס וואָרט שטאמט פון דיא שפראך פון דיא ווילדע מענשען פון דיא פּאָלינעזישע אינזלען. דער טייטש פון דער וואָרט איז: פערבאָטען, טרפה. אייגענטליך בעדייטעט דאָס אָבגעשיידט פון מענשליכען געברויך, אדער אויך — הייליג צו דיא געטער.

דיא אידישע טרפה איז אויך אָפט צוליעב דעם, וואס דיא זאך איז הייליג, אָבגעשיידט פאר גאָט. למשל חלב איז טרפה; שטייט דערביי בפרוש אין חומש: „ווער עס וועט עסען חלב פון א בהמה וועלכע מען איז מקריב א בראנד־אָפּפער צו גאָט, זאָל פערשניטען ווערען"... (ויקרא ז' כ"ח) חלב איז אלזא פערבאָטען פאר'ן מענשען דערפאר וואס גאָט וויל עס אליין האָבען, מען זאָל

עס צו איהם מקריב זיין. דאָס איז דאָסזעלבע וואָס אזעלכע פאַר־טען „טאבו“ ביי אלע מינים ווילדע מענשען אויף אלע עקען פון דער וועלט.

אויך בלוט איז טרפה צוליעב דעם וואָס דאָס געהער צו גאָט; עס איז הייליג, אָבגעשיידט פאר א קרבן אויפ'ן מזבח. אזוי שטייט בפרוש אין פסוק: „ווער עס וועט עסען בלוט, דעם וועל איך (גאָט) פערשניידען, דען דיא זעעלע פון פלייש איז אין בלוט און איך האָב עס אייך געגעבען אום דאָס מקריב צו זיין אויפ'ן מזבח, פאר א כפרה פאר אייערע זעעלען. דעריבער האָב איך געזאָגט צו דיא אידען, קיינער פון אייך זאָל קיין בלוט ניט עסען...“ (ויקרא י"ז י"א י"ב)

עס איז דאָך מערקווירדיג, וויא מענשען ווילען זיך דוקא איינ־רעדען, אז בלוט האָט מען פערבאָטען וויל עס איז אונגעזונד, ווען דאָ שטייט אין חומש גופא אזוי קלאָר און דייטליך ערקלערט, אז בלוט איז פערבאָטען ווייל דאס איז דיא נשמה פון דער בהמה און דאָס איז הייליג פאר גאָט'ס וועגען, עס געהער פאר א קרבן אויפ'ן מזבח; מיט איין וואָרט עס איז „טאבו“!

נאָר וועגען דיא אורזאכען פון טאבו וועלען מיר ווייטער נאָך רעדען. דאָ וועלען מיר קודם זעהען, אז דיא פארצייטיגע ווילדע*) אבות פון אידישען פאָלק זיינען ניט געווען דיא איינציגע, ביי וועל־

*) דיא פארצייטיגע אבות פון אַלע פעלקער זיינען געווען וויל־דע. מיט דעם וואָרט „ווילדע“ מיינט מען אין וויסענשאַפטליכען לשון ניט דאָס, וואס דאס וואָרט מיינט אין פראָסטען מאַמע־לשון. אין פּראָס־טע רייד הייסען „ווילדע“ אונרוהיגע מענשען, שלעכטע, פערדאָרבע־נע. אין וויסענשאַפטליכען לשון מיינט מען מיט דעם וואָרט ווילדע: מענשען וואָס האָבען נאָך ניט קיין שום קינסטליכע זאַכען און קיין בילדונג און קיין וויסענשאַפט, נאָר זיי לעבען נאָך „אזוי וויא דיא נאַטור האָט זיי געהאַט“. אַזעלכע מענשען קענען פון דעסטוועגען זיין זעהר גוטהארציג און עהרליך. אין אמת'ן זיינען זיי טאַקי ווייניגער חיות רעות און ניט אַזעלכע ביטערע שווינדלערס און ליגנערס וויא דיא שלעכטע מענשען פון דיא ציוויליזירטע וועלט.

כע עס זיינען געווען פערבאָטענע עסענס: ביי אלע ווילדע איז געווען און איז נאָך דאָ דינים פון כשר און טרפה.

איך וועל אָנפאנגען טאקי מיט בלוט.

אין עסטהאָניא (רוסלאנד, לעבען פינלאנד) היטען נאָך היינט מאנכע אָב א׳ן אלטען מנהג פון דיא פארצייטיגע ווילדע איינוואָהנער, ניט צו עסען קיין שום בלוט. זיי גלויבען טאקי אויך, אזוי וויא דער אידישער פסוק זאָגט, אז דיא נשמה פון דיא בהמה איז אין בלוט און ווען דער מענש עסט בלוט גייט אין איהם אריין דיא נשמה פון דיא בהמה. (פ. י. וויערדערמאן: „אויס דעם איננערן אונד אויסערען לעבען דער עסטען", 448, 478).

„מאנכע ווילדע אינדיאנישע שבטים פון נאָרד־אמעריקא" — זאָגט דזשיימס אדעיר (היסטאָרי אָוו דהי אמעריקען אינדיענס, 117—134) — היטען זיך זעהר שטארק ניט צו פערזוכען קיין בלוט פון קיין שום בעשעפעניש, ווייל זיי גלויבען, אז עס האָט אין זיך דיא נשמה פון דיא בעשעפעניש. דאָס איז ביי זיי א שטרענגער רעליגיעזער געפיהל". זייער פריש־געשאָכטענע פלייש, איידער זיי צושניידען עס, ציהען זיי דורך איינינגע מאָל דורך פייער און רויך, כדי דערמיט מקריב צו זיין דאָס בלוט צו גאָט און עס זאָל אויך אזא אופן „אין גאנצען" ארויס פון דעם פלייש. דאָס בלוט איז דער גייסט, אדער דיא גייסטער. עס שוידערט דיא ווילדע פאר דעם געדאנק וועגען אראָבשלינגען דיא רוחות פון דיא בהמה, — דאָס הייסט דאָס בלוט".

דיא יעגערס פון דיא ווילדע אינדיאנער שבטים, דיא סלייווס, דיא הערס און דיא דאָגריבס, ווען זיי שיסען א חיה, קלייבען זיי צוזאמען דאָס בלוט אין דיא בלאָז פון דיא חיה און בעגראָבען דאָס אין שניי. (פרייזער: גאָלדען באָו, 1, 179)

דערזעלבער שרייבער ברייננט בעווייזע, אז אויך ביי דיא פארצייטיגע ווילדע רוימער האָט מען געגלויבט, דאָס אין דעם בלוט איז דיא נשמה פון דיא חיה און מען האָט עס דעריבער ניט געגעסען. דאָסזעלבע אויך ביי דיא אראבער און ביי דיא גאנץ ווילדע שבטים — דיא פאפואס אין ניי־גינעא.

דאָ זעהט מען, אז דיזעלבע איינבילדונג, דאָס אין בלוט איז

דיא נשמה פון דיא חיה, און אז דעריבער איז דאָס בלוט טרפה — דיזעלבע איינבילדונג איז ענטשטאנען ביי ווילדע מענשען פון אזעלכע פערשיעדענע ווינקעלעך פון דער וועלט, דאָס זיי האָבען בשום אופן ניט געקענט האָבען דאס איבערגענומען איינע פון דיא אנדערע.

עס איז לייכט צו פערשטיין, וויא אזא געדאנק איז ענטשטאַנען נאטירליך אין דיא איינבילדונג פון ווילדע מענשען. דאָס בלוט איז פערבאָרגען אין קערפּער. ווען דער קערפּער ווערט געעפענט און דאָס בלוט בעוויייזט זיך און לויפט אָב, גייט מיט דעם אוועק דאָס לעבען פון דעם קערפּער. איז דאָך נאטירליך, אז עס האָט זיך ביי קינדערשע מענשען געבילדעט א פאנטאזיע, אז דאָס בלוט איז דער לעבענס־גייסט. און פונקט אזוי נאטירליך איז עס, וואס זיי האָבען מורא געהאט איינצושלינגען אין זיך דעם לעבענס־גייסט פון דיא חיה אדער בהמה. און אויך איז עס נאטירליך, וואָס זיי האָבען זיך פאָרגעשטעלט, אז דעם לעבענס־גייסט, דאָס בלוט, דארף מען מקריב זיין צום אויבער־גייסט, צו גאָט. עס איז דאָך גאָר זיין!

איבערהויפּט, „לויט דיא מיינונג פון דיא ווילדע איז דער מענש אין סכנה בשעת ער עסט און טרינקט, ווייל אין דער צייט קען איהם דיא נשמה ארויסלויפען פון מויל, אָדער זיא קען ארויסגעצויגען ווערען דורך כשוף־קונצען פון א שונא. דעריבער האָבען דיא ווילדע אלערליי מנהגים, וויא צו פערהיטען זיך פאר אזוינע סכנות ביי'ן עסען און טרינקען". (פרייזער: „דהי גאָלדען באָו", 1, 160) אויך אז בייזע רוחות זאָלען מיט'ן עסען ניט אריין אין מויל. (דאָרטען 162).

דיא קאמטשאטקער (איינוואָהנער פון דעם האלב־אינזעל קאמטשאטקא, אין סיביר) זיינען אין אָנפאנג פון 19טען יאהרהונדערט נאָך געווען זעהר ווילד. דער נאמען פון זייער גאָט איז געווען קוטקא. זיי האָבען זיך איהם פאָרגעשטעלט אלס זעהר א בייזען. און כדי איהם ניט צו ברייננגען אין כעס אריין, האָבען זיי זיך שטארק געהיט פאר פערשיעדענע „עברות" מיט וואָס זיי האָבען געגלויבט, אז זיי דערצערנען זייער גאָט. איין עברה איז געווען צו קאָכען פיש און פלייש אין איין טאָפּ. דאָס איז געווען שטרענג

טרפה. ווער עס טהוט דאָס, האָבען זיי נעגלויבט, קריגט געשווירען אויף'ן גאנצען קערפער.

אנדערע עברות זיינען געווען: צו גיין אויף דעם וועג וואו א בער איז געגאנגען; אבצוקראצען דעם שניי פון דיא פיס מיט א מעסער, און נאָך אזעלכע זאכען. ((קלעמם'ס קולטור־געשיכטע, 2, 368).

בי דיא אינקאָפען אויף דיא אנדראמאן אינזלען איז טרפה א געבראָטענער חזיר; א געקאָכטער איז כשר. קרעבס און פיש טאָר מען ניט קאָכען ביי'ן פייער פון א געוויסען סאָרט האָלץ. (זשורנאל פון דיא אנטהראָפּאָלאָגישע געזעלשאפט, 159,7).

ביי דיא אלטע גריכען איז פיש געווען טרפה (אָדער הייליג, וואָס עס איז דאסזעלבע, וויא מיר וועלען ווייטער זעהן). אין קריענס־צייט האָבען זיי קיין מאָל ניט געגעסען קיין פיש, זיי האָבען אפילו געמעגט שטארבען פון הונגער. אין פריעדענס־צייט האָבען זיי נאָר געגעסען פיש ווען זיי האָבען אבזאָלוט ניט געהאט עפּעס אנדערש צו עסען. (דאָס קען מען זעהן אין האָמערס „אָדיסעע" 4 163 און 5 329) דאָס איז געווען אזוי ביי דיא גריכען מיט 3000 יאָהר צוריק, ווען זיי זיינען געווען ווילדע. און ביי די ווילדע שווארצע קאפערן, דיא וואָס רופען זיך סיאה פּאָש, איז נאָך היינט אזוי: זייערע טייכען זיינען פול מיט פיש, אָבער זיי עסען זיי ניט, ווען זיי זאָלען אפילו שטארבען פון הונגער. (עלפינסטאָן, קינגדאָם אָוו קאָבול, 2, 379) אויך דיא הינדוסען פון דער צייט ווען זייער חומש איז ענטשטאנען (זייער חומש, דיא „ווערדאס", איז עלטער וויא דער אידישער חומש) האָבען אויך קיין פיש ניט געגעסען. (צימטער, אלט־אינדישעס לעבען 271).

אין האָמערס צייטען, ביי דיא אלטע גריכען, איז דער חזיר געווען א הייליגע זאך. א סטארע חזרים רופט האָמער „געטליך". דאָס איז א סימן, אז זיי האָבען אמאָל ניט געגעסען קיין חזיר. אין קרעטא האָט מען קיין מאָל קיין חזיר ניט געגעסען. אין דעם גרויסען טעמפּיל אין היראָפּאָלים האָט מען געהאלטען חזרים. א טייל מענשען האָבען געדענקט אז זיי זיינען הייליג, א טייל — אז זיי זיינען טמא. סיי ווי סיי האָט מען חזיר ניט געגעסען.

(ציטירט אין דיא „בריטאניקא“, פון לוסיאן). איבערהויפט איז ביי אלע ווילדע פארצייטענס און היינט ניט קיין אונטערשיעד צווישען הייליג און טמא.ביידע זיינען עפעס א'ן איבערנאטירליכע אייגענשאפט וואס קלעפט אן דיא זאך און מאכט זיא שעדליך צו עסען. (מיר וועלען ווייטער זעהן, אז אויך אין אידישען חומש געפינט מען די זעלבע דינים פאר א הייליג זאך און די זעלבע פאר א טמא'דיגע אדער טרפה'נע זאך).

א קוה איז הייליג ביי דיא הינדוסען און טמא ביי דיא שין קאסטע פון דיא דארדען. ביידע עסען ניט קיין קוה־פלייש.

דאס זיינען אלץ ביישפיעלע פון אזעלכע טרפות'ן, וואס זיינען אלעמען פערבאטען. אבער נאך א סך מעהר מינים טרפות זיינען דא, ביי אלע מינים ווילדע, וואס זיינען נאר טרפה פאר איין סארט מענשען און כשר פאר א'ן אנדערען סארט ביי זיי. גאנץ בעזונדערס זיינען דא א סך טרפות'ן פאר ווייבער, וואס זיינען כשר פאר מענער; און אויך מאנכע טרפות'ן פאר מענער וואס זיינען כשר פאר ווייבער. ווייטער זיינען דא א סך זאכען וואס זיינען טרפה פאר אלע מענשען, נאר „דער רבי מעג“, דער גייסטליכער אדער דער הויפטמאן מעג. פונקט ווי ביי אידען דיא קרבנות און דיא הייליגע ברויט: קיינער האט עס ניט געטארט עסען נאר דיא כהנים.

אט זיינען נאך עטליכע ביישפיעלע פון א גאנצע מאסע אזעלכע טרפות'ן ביי פערשיעדענע ווילדע:

אין האוואי איז געוועזען טרפה פאר ווייבער חזיר־פלייש, עופות, קרעבס און פערשיעדענע סארטען פיש; ווייטער קאקוס־נים און איבערהויפט אלץ וואס מען פלעגט בריינגען פאר א קרבן צו גאט.

ביי דיא מענשען־פרעסערס אין דיא מארקוועזאס אינזלען, איז מענשען־פלייש טרפה פאר ווייבער.

אויף ווערען ביי אלע ווילדע אמאל זאכען טרפה (טאבו) אויף א צייט. דער פריעסטער אדער דער הויפטמאן גיבען ארויס א חרם, א'ן איסור אויף דיא־און־דיא זאך אויף אזוי־און־אזוי לאנג, היט מען דאס שטרענג אפ.

אין די זעלבע מארקוועזאס (אדער מארקיזען) אינזלען ווערען

מאנכע מאָל געוויסע פּרוכטען, געוויסע חיות, געוויסע פיש טרפה געמאכט פאר אלע מענשען אויף אייניגע מאָנאַט.

ניט נאָר שפּייזען און געטראנקען קענען זיין טאבו. אלצ־דינג קען זיין טאבו. א הויז קען זיין טאבו, — טאָר מען אין דער־רינען ניט וואוינען. א מענש קען זיין טאבו, — טאָר ער קיין עסען ניט אָנריהרען. וואָס ער ריהרט אָן, ווערט טרפה. ער טאָר דאן אפילו זיין אייגענע עסען ניט אָנריהרען. מען מוז איהם אריינלייגען זיין שפּייז אין מויל אריין.

אין האוואי איז פערהאנען א היילינע צייט פון א'ן אלגעמיינע שטרענגע טאבו. אין דיעזע צייט טאָר מען אין קיין הויז קיין פייער ניט ברענען (אזוי וויא שבת ביי אידען), מען טאָר זיך ניט באָ־דען, קיינער טאָר פון הויז ניט ארויסגיין. דיא הינד טאָרען ניט בילען, דיא קעץ טאָרען ניט מיאַוען, דיא חזרים טאָרען ניט קוויטשען. אין דער צייט פערבינדען זיי דעריבער דיא מיילער פון דיא אלע חיות. דאָס איז דער גרויסער שטרענגער טאבו. דער־מאָלט איז אלצדינג טרפה און אלץ טאָר מען ניט. פון דעם זעהט מען, אז דער „מען־טאָר־ניט" איז א בעגריף פון היילינקייט. וואָס מעהר מען־טאָר־ניט, איז אלץ מעהר היילינקייט.

דאָס איז, אלזאָ, בכלל ניט בלויז ביי אידען אזוי!

עס איז איינפאכע אונוויסענהייט, ווען מען זאָגט, אז נאָר אידען זיינען געווען שטרענג אָבגעהיטענע מיט פערשיעדענע מצוות און עברות. עס הייבט זיך גאָר ניט אָן! אלע ווילדע מענשען האָבען אימימער געהאט און האָבען נאָך ביז היינטיגען טאָג פּעק, בערג וואָס־מען־טאָר־נישט'ען, נאָך א סך גרעסערע בערג וויא דיא אידישע. ביי אידען זיינען זיי אויפגעשריעבען — אָט דיא דינים פון „מען־מעג" און „מען־טאָר־ניט". זיי זיינען אָבער ביי מאנכע האלב־ווילדע אויך אויפגעשריעבען, למשל ביי דיא הינדוסען. און ביי אידען זיינען זיי אויך ערשט שפּעטער אויפגעשריעבען געוואָ־רען. פריהער זיינען זיי געווען בלויז מנהגים, „תורה שבעל פּה".

עס איז אויך פאַראַנען טרפות פאר געוויסע משפחות, וואָס פאר אנדערע משפחות איז כשר. ביי דיא דייאַקס אין באָרנעאָ האָט זיך יעדע פאמיליע איהר בעזונדערע כשרות מיט טרפות. ביי

איין פאמיליע איז א'ן אָקס טרפה און א חזיר איז כשר, ביי א'ן אנדערע איז פערקעהרט.

מיט דיא טאבו בענוצען זיך אויך איינצעלנע מענשען ביי די ווילדע. ווען איינער, עפּעס א שטיקעל יחסן וויל, אז קיינער זאָל ניט ארויפטרעטען אויף דעם שטיק פעלד נאָר ער, שטעלט ער זיך אוועק אויף דעם פעלד און טהוט א געשריי: „טאבו!" איז עס שוין טרפה פאר אלע אנדערע מענשען חוץ איהם; סיידען א גרע־סערער מאן פון איהם נעהמט אראָב דעם טאבו.

ווען איינער א שטיקעל מיוחס וויל אז א געוויסען מאכל זאָל קיינער ניט טאָרען עסען נאָר ער, רופט ער אוים אויף דעם מאכל „טאבו!" מעג ער שוין זיכער זיין, אז עס איז אזוי וויא אונטער זיעבען שלעסער. סיידען א גרעסערער פון איהם איז דאָס מתיר. (שטארק עהנליך צו דיא אידישע „הלכות נדרים וחרמים"!)

גרויסע מענשען, — הויפּטלייט, פּריסטערס, קעניגע — זיי־נען אלע טאבו און אלץ וואָס עס געהערט צו זיי איז טאבו. דאָס איז ווייל זיי זיינען הייליג, געטליך. און פּונקט אזוי זיינען ביי א סך ווילדע שבטים „טאבו" פרויען אין זייער אונ־ריינע צייט און אלץ וואָס געהערט צו זיי. דאָס איז וויע־דער ווייל זיי זיינען טמא. דיא מנהגים, וויא צו היטען זיך פאר יענע הייליגע טאבו זיינען גענוי דיזעלבע וויא דיא מנהגים, וויא צו זיין אָבגעהיט פאר דיעזע טמא טאבו! (פרייזער: „גאָלדען באָו", 1, 169)

און וויא שטרענג און עהרליך דיא ווילדע מענשען היטען אָב דיא אלע טאבו'ס! וויא ערנסט פרום זיי זיינען! מען דארף זיי גאָר ניט שטראָפען פאר זינדיגען מיט טרפות. זינד געגען טאבו בעגייהען דיא מענשען נאָר, ווען זיי ווערען אויפגעקלערט, ציווי־ליזירט. אָבער אזוי לאנג וויא זיי בלייבען ווילדע, היטען זיי זיך אליין אָב אזוי שטרענג, אז ווען זיי זינדיגען אמאָל געגען טאבו ניט־וויסענדיג און זיי ווערען דאָס דערנאָך געוואהר, טרעפט זיך, אז זיי שטארבען פון שרעק! און נאטירליך, אז דאָס טרעפט, זעהן דאָך שוין אלע איבריגע בעשיינפערליך, וויא גאָט שטראָפט, אָדער זייערע געטער, אָדער דיא טייוואָלים שטראָפען פאר עסען טאבו.

קיין לאָנדאָן האָט מען אמאָל געבראכט א טיעף־ווילדען מענ־שען, א מאָארי פון ניי־זעעלאנד. אין לאָנדאָן איז ער אויסגעביל־דעט געווארען און ער האָט אויף זיינע עלטערע יאהרען געשריעבען א בוך איבער דעם לעבען און דיא מנהגים פון זיין ווילדען פאָלק. ווער עס קען ענגליש, מעג נעהמען דעם אינטערעסאנטען בוך צו לע־זען אין א גרויסע ביבליאָטהעק. דער בוך הייסט „אָלד ניו זיעלענד, ביי ע פאקעהא מאָרי“. אויף זייטע 96 פון דעם בוך דערציילט דער געוועזענער ווילדער פאָלגענדע העכסט אינטערעסאנטע געשיכטע:

איין מאָל האָט א גרויסער הויפטמאן און הייליגער אָבגעגע־סען א מאָהלצייט אויף א סטעזקע אין וואלד און ווען ער איז אוועק, איז געבליבען פון איהם שטיקלעך שפייז. איז פארביינגעגאנגען א שטארקער געזונדער חברה־מאן, אויך א נאקעטער ווילדער, נא־טירליך. זעהענדיג דיא געבליבענע שפייז ליגען, האָט ער עס אויפ־געגעסען. וויא נאָר ער האָט אראָבגעשלונגען דעם לעצטען ביסען, קומט צו איינער, וועלכער האָט געוואוסט, אז דאָס איז דעם היי־ליגען עלטסטען׳ס שפייז, און שרייט אוים מיט ציטערניש:

„וואָס טהוסטו? טאבו! געבליבען פון עלטסטען!“

און אָט איז ווערטערליך וויא דער געוועזענער ווילדער דער־ציילט ווייטער:

„איך האָב דעם אונגליקליכען זעהר גוט געקענט. ער איז געוועזען א זעלטען־מוטהיגער און שטארקער מענש. אין אלע מלחמות פון דעם שבט האָט ער זיך אויסגעצייכענט מיט גבורה און אונער־שראָקענהייט. אבער וויא נאָר ער האָט געהערט דיא שרעקליכע נייעס, אז ער האָט געגעסען טאבו, האָט עס איהם גענומען וואר־פען אין קרעמפּען און קאָנוואולסיע און עס האָט שוין נים אויפ־געהערט ביז אבענד, ווען ער איז — געשטאָרבען אין גרויסע יסורים. ער איז געווען א מאן א גבור, אין דיא בעסטע בליהונג פון זיין לעבען. און ווען א ווייסער (אייראָפּעער) אפיקורס וואָלט געזאָגט, אז נים פאר זיינע זינד פון עסען טאבו, נ י ט ד ו ר ך ד י א ג י י ס ט י ג ע ק ר א פ ט, ו ו א ס א י ז א י ן א י ה ם א ר י י ן ד ע ר פ ו ן, איז ער אומגעקומען, וואָלט מען געקוקט אויף אזא משוגענעם ווייסען אפיקורס מיט פעראכ־

טונג און מען וואָלט גאר ניט געקענט פארשטיין, וויא א בעשע־פעניש קען דאָס זיין אזא פערשטאָפּטער קאָפּ, ניט צו גלויבען אזא פשוט'ע זאך, וואָס מען זעהט מיט דיא אייגענע אויגען".

אָט האָבען מיר דאָ דעם גאנצען סוד פון דיא אמת'ע „ש ע ד־ל י כ ק י י ט" פון טרפות: יאָ, עס איז זעהר שעדליך; נעמליך, ווען מען איז ווילד גענוג צו גלויבען, אז אויף טרפות רוהט א נייס־טיגע הייליגע אָדער טמא'דיגע קראפט, א רוח, א שד, א דיבוק, א שווארץ־יאָהר, וואָס גייט אריין אין דעם מענשען וועלכער עסט דאָס — דאן קען מען שטארבען פון שרעק, אז מען עסט דאָס!

אמת, א טייל אידישע טרפות האָט אין זיך עפּעס וואָס איז ווירקליך שעדליך צום געזונד. אָבער דאָס זיינען געווען מאנ־כע טאבו'ס פון דיא ווילדע אויך. איז עס דען ניט גאנץ נאטירליך, אז צווישען אזוי פיעל „מען־טאָר־נישט'ען" האָט זיך אמאָל אריינ־געכאפּט אויך עפּעס, וואָס האָט טאקי געבראכט דעם ווילדען בויך־ווייטאָג אָדער אנדערע קראנקהייטען און דאָס איז געווען דיא אור־זאכע פאר וואָס עס איז געוואָרען טאבו און טרפה?

אז עס געפינט זיך אמאָל עפּעס א „טרפות" וואָס איז אויך אויף וועלכע ארט עס איז אונגעזונד, טשעפּעט מען זיך דערצו און מען כאפּט דאָס אויף אלס א „בעוויז", אז כשרות און טרפות איז „נאָר" צוליעב געזונדהייט. דער אמת איז אָבער, אז נאָר זעהר א קליינער טייל פון טרפות־זאכען קען אמאָל זיין בעזאָנדערס אונ־געזונד. — און זיך דערפאר צו היטען דארף מען אויך ניט קיין רעליגיאָן. דיא וויסענשאפט גיט וועגען דעם א סך בעסערע בע־לעהרונג. — און אפשר 90 פּראָצענט פון אלץ וואָס איז טרפה איז נ י ט אויף קיין ארט מעהר אונגעזונד וויא כשר'ע זאכען; און א סך זאכען, וואָס דער דין איז בפרוש אז זיי זיינען כשר, זיינען אין אמת'ן זעהר געפעהרליך אונגעזונד — וויא מיר וועלען זעהן אין ווייטערע קאפּיטלעך.

דער סך הכל פון דיעזען קאפּיטעל איז:

**צו זיין אָבגעהיט פון טרפות איז ניט קיין חכמה און ניט קיין איי־דעלקייט, נאָר ווילדהייט.**

IV

## דיא מעלה פון „אבגעהיטענקייט“.

פון דעם וואָס מיר האָבען גערעדט אין פאָריגען קאפּיטעל קומט אויך ארויס א'ן ענטפער אויף א'ן אנדערע טענה פון מאנכע ראציאָנאליסטען. דאָס איז דיא טענה, אז אפילו ווען בעזונדער איז יעדע כשרות און טרפות ניט געזונד און ניט אונגעזונד, איז עס אָבער אין אלגעמיין דאָך א גרויסע זאך, וואָס אידען האָט מען געלערנט זיין אָבגעהיט מיט אזוי פיעל דינים, וואָס מען מעג און וואָס מען טאָר ניט. דורך דיא דאָזיגע זעלטענע אָבגעהיטענקייט, זאָגען זיי, האָט זיך דאָס אידישע פאָלק ענטוויקעלט צו זיין איינגעהאלטען, ניט צולאָזען, ניט נאָכצוגעבען זיך אלץ וואָס מען האָט חשק. דאָס, אין א ל ג ע מ י י ן, האָט טאקי יא אויסגעהיט דאָס אידישע פאָלק פון קראנקהייטען און פון פערדאָרבען ווערען.

אלע אנדערע אומות, רעדט מען זיך געוועהנליך איין, האָבען געלעבט סתם הפקר. אלץ האָבען זיי געמעגט. פאר זיי איז גאָר ניט געווען קיין „מען טאָר ניט“. דאָס אידישע פאָלק אָבער איז אויסגעאיידעלט געוואָרען דורך א מאסע פון געבאָטע און פערבאָטע.

אזוי מיינען כמעט אלע, אי פרומע, אי משכילים, אי אפּיקורסים.

אין „האסיף“ תרמ"ו שרייבט דער טריעסטער רב משה יצחקי אשכנזי וועגען „דעם איינפלוס פון כשר און טרפה אויף דעם אידישען כאראקטער“.

דיעזער פרומער למדן ניט אליין א'ן אויסגעצייכענטען בע־וויז, אז כשר און טרפה איז נ י ט צוליעב געזונדהייט. ווירקליך, דער בעוויז פון דיעזען פרומען רב איז אליין גענוג שטארק, צוצוקלאפּען דיא איינבילדונג, אז כשרות און טרפות איז צוליעב געזונדהייט.

ער זאָגט אזוי:

„היינטיגע צייטען טראכט מען אויס א טעם פאר כשר און טרפה, אז דאָס איז ווייל טרפה איז אונגעזונד. דאָס איז נאָר אין זעהר א קליינעם טייל אמת. דען צו עסען צופיעל כשר'ע עסען פון כשר'ע בהמות און עופות און פיש, בפרט פון זייערע פעטע חלקים, איז דאָך א סך מעהר אונגעזונד, וויא צו עסען א קליינע שטיקעלע חזיר אָדער פון אַנדערע טרפה'נע בעשעפעניש‏ען, אָדער אפילו ווערים, בפרט פלויש מיט מילך. אפילו ברויט איז דאָך אונגעזונד, ווען מען עסט דערפון א סך, בעזאָנדערס ווען עס איז פריש פון אויווען ארויס. היינט אויב טרפות איז צוליעב געזונד, טאָ דארף דאָך זיין צופיעל ווארעמע ברויט מעהר טרפות וויא א קליינע שטיקעל חזיר".

אָבער ער זאָגט, דער פרומער ר' משה יצחק אשכנזי, אז דיא אָבגעהיטענקייט אין כשר און טרפה האָט געמאכט פון דיא אידען דיא איינציגע ערלע, אָבגעהיטענע, איינגעהאלטענע מענשען, ווען אלע אנדערע מענשען זיינען געווען צולאָזען — הפקר פעטרושקע — אלץ האָבען זיי געמעגט.

דאָס איז אָבער איינע פון דיא גרויסע פאלשקייטען, וואָס האָ־בען זיך אזוי טיעף איינגעוואָרצעלט אין מענשען, אז זאָגאר פריי־דענקער ווייסען אפילו ניט צו צווייפלען אין דעם.

עס איז שקר וכזב, דאָס אידען זיינען געווען דאָס איינציגע פאָלק וואָס האָט געהאט געזעצע וואָס מען מעג און וואָס מען טאָר ניט און אז אלע אנדערע מענשען האָבען געמעגט אלצדינג.

שקר וכזב איז עס אויך, וואָס מען רעדט זיך איין, אז ווילדע מענגען אלעס און זיי זיינען דעריבער צולאָזען, און אז אזעלכע שווערע געזעצע וואָס מען מעג און וואָס מען טאָר ניט, וויא דיא אידען האָבען געהאט, זיינען א ציוויליזאציאָן, א מיטעל צו לער־נען מענשען זיך פיהרען לייטיש, מעשה תרבות! שקר וכזב איז דאָס אלעס!

פונקט פערקעהרט איז גאָר דער עסק: וואָס ניעדעריגער א פאָלק שטייט אין דער ענטוויקלונג, אלץ מעהר „טאָר מען ניט" ביי איהם.

פון אלעם וואָס מיר האָבען געבראכט אין פאָריגען קאפּיטעל, איז דאָס גאנץ קלאָר.

„ט א ב ו!" דאָס וואָרט זאָגט שוין גענוג.

חוץ „טאבו" איז דאָ ביי אלע ווילדע, היינטיגע וויא פארצייטיגע, נאָך א מין „וואָס־מען־טאָר־נישט׳ען". דער אנדערער מין ווידער ווערט אָנגערופען „ט אָ ט ע ם". אין דיא וויסענשאפט ווענען דיעזע זאכען הייסט דאָס „טאָטעמיזמוס".

דאָס הייסט דער גלויבען, אז געוויסע חיות אָדער פלאנצען אָדער אנדערע זאכען זיינען איינעמס גייסטיגע קרובים, זייער „גייסט" איז „בעפריינדעט" מיט זיין גייסט, און דעריבער מוז ער דיא זאכען שאנעווען, ער טאָר זיי ניט עסען, ניט צוברעכען, ניט אָנריהרען; דערפאר וועלען זיי איהם שאנעווען און בעשיצען. אָט דיעזער גלויבען ווערט אָנגערופען „טאָטעמיזמוס". דאָס קומט פון דעם אינדיאנער וואָרט „טאָטעאם".

אלע היינטיגע ווילדע פון דיא גאנצע וועלט, און אויך דיא פארצייטיגע ווילדע אבות פון אלע היינטיגע קולטור־מענשען האָבען „טאָטעמס". יעדער שבט האָט זיין שבט־טאָטעם. איין שבט׳ס טאָטעם איז א הונד, א׳ן אנדערנס א הירש. דיא פארצייטיגע אידישע שבטים האָבען אויך געהאט עטוואָס עהנליכעס: יהודה — א לייב; בנימין — א וואָלף; ישכר — א׳ן אייזעל; דן — א שלאנג; נפתלי — א הירש. (זעה פרשה ויחי.) חוץ דעם האָט יעדער איינער בעזונדער זיינע אייגענע טאָטעמס, פון וועלכע ער איז זעהר אָבגעהיט. מיט א גאנצע שפּינוועבס פון הלכות טאָטעם איז דער ווילדער ארומגעוועבט.

און אָט וואָס עס זאָגט א גרויסער געלעהרטער וועגען דעם אלעם:

„קיין מיינונג קען ניט זיין קיין גרעסערער טעות, וויא דיא מיינונג, אז דיא ווילדע מענשען ווייסען ניט פון קיין שום אייגעהאלטענקייט און היטען ניט אָב קיין געזעץ פון גלויבען. פונקט פערקעהרט! דער רעגעל איז, — מיט זעהר וויניג אויסנאהמע, — אז דער מענש, וואָס לעבט אין א פּרימיטיווען (ווילדען) צושטאנד, איז זיין גאנצען לעבען דורכגענומען מיט רעליגיאָן, מיט

פרומקייט, מיט אָבגעהיטענקייט. פון זיין געבוירענשאפט אָן ביז צו זיין טויט, און בעזאָנדערס ווען ער איז דערוואקסען, היט ער אָב אויף יעדען טריט און שריט א פינקטליכען שולחן ערוך פון דיא שטרענגסטע דינים, אָפט אזעלכע, וואָס זיינען זעהר לעסטיג און שמערצליך און פאָדערן מסירת נפש. ער קען ניט טהאָן קיין שום זאך אין זיין לעבען וואו זיינע דינים זאָלען איהם ניט זאָגען: „דאָס מעגסטו און דאָס טאָרסטו ניט". ער איז א'ן איי־ביגער שקלאף צו דיא אומשטענדען וואָס ווערען בעשאפען פון אזעלכע דינים. דאָס זעהט מען בעזאָנדערס אין דיא מנהגים ווע־גען „טאָטעם", און וועגען „טאבו" ביי אלע ווילדע איבער דיא גאנצע וועלט.

„דיא טאָטעם־געזעצע און טאבו־געזעצע רעגיערען דעם ווילדענס עסען און טרינקען, זיינע געשלעכטליכע פערהעלטניסע און זיין פערהאלטען זיך צו מענשען; זיי רעגולירען זיין אייגענטהום און בעשטימען זיינע ווייבער. פון זינדיגען געגען דעם איז גאָר קיין רייד נים. דאָס בריינגט איהם חרם אָדער טויט. פערטראָ־גען אז יענער זאָל זיך פיהרען וויא ער האָט חשק דאָס איז ניט פארהאנען ביי דיא ווילדע"...

אָט אזוי שרייבט א גרויסער געלעהרטער אין דיא זאכען, פראָפעסאָר פון אלטערטהומס־קענטניסע ג. ברינטאָן, אין זיין בוך „רעליגיאָנען פון פרימיטיווע פעלקער" (זייט 38). און ער בריינגט פעק מיט ביישפיעלע אויף דעם.

פון דעם אליין זעהט מען שוין אויך, וויא פאלש עס איז דיא מיינונג, אז אזא שטרענגע אָבגעהיטענקייט איז א מעלה, אז זיא מאכט דעם מענשען זיין א „בעל תרבות", א'ן איינגעהאלטענער. מען זעהט דאָך, אז עס איז פונקט פערקעהרט: דיא מענשען וואָס זיינען אם שטארקסטען אָבגעהיט אין אזעלכע רעליגיעזע זאכען, דיא זיינען דוקא גאָר דיא ווילדעסטע מענשען. און וואָס מעהר מענשען זיינען ציוויליזירט, נעלאסען, אויסגעבילדעט, איידעל, איינגעהאלטען, אלץ ווייניגער קוקען זיי אויף „טאָטעם" און „טאבו" און „טרפה" און נאך אזעלכע מען־טאָר־נישט'ען.

דיא פעדאגאָגען (חכמים אין דיא חכמה פון ערציהונג) זאָגען

אויף היינט אלע, אז א קינד ווערט ניט גוט ערצוינגען ווען מען האלט איהם אין איין קאָמאנדרעווען, אין איין בעפעהלען און פער־ביטען. אדרבה, דאָס מאכט איהם ערשט ווילד. זיי זאָגען אלע, אז וואָס מעהר מען גיט א קינד פרייהייט, — נאטירליך מיט א פערנינפטיגע מאָס, — אלץ לייכטער פלאקערט זיך אין איהם אויס דיא ענערגיע וואָס טרייבט איהם צו זיין צולאָזען און אלץ גרינגער ווערט ער איינגעהאלטען.

ניין, פרייהייט איז ניט קיין צולאָזענהייט, און קייטען אויף דיא הענד און פיס זיינען ניט א זאך, וואָס מאכט איידעל און געזעצט. פונק פערקעהרט, פרייהייט איז דיא הייליגסטע זאך און פאנאטישע „אָבגעהיטענקייט“ איז נאָר ווילדהייט.

V.

# פערבאָטענע בעשעפענישען.

## א. — אלגעמיינע כללים.

איצטער קומען מיר צו בעטראַכטען יעדען מין טרפות בע־זונדער און מיר וועלען זעהן, וויא ווייט דאָס איז „אונגעזונד“ און וואָס עס איז אין אמת'ן געווען דיא אורזאכע, פאַר וואָס מען האָט עס פערבאָטען.

לאָמיר פאַר אלעם אוועקשטעלען איינינע כללים, וועלכע גיל־טען פאר אלע מינים טרפות, אין בעצוג אויף זייער ווירקונג אויף'ן געזונד:

1) **עטוואָס וואָס איז שעדליך צום געזונד קען מען געפינען אין אלצדינג!** ניט נאָר אין אלע מינים פלייש, נאָר אפילו אין דיא אונשולדיגסטע פלאַנצונגען. א סימן האָט איהר, אז מיט פיש און מיט אייז־קריעם פערגיפטעט מען זיך אמאָל, דורך פּטאָמעין וואָס טרעפט זיך אין זיי; מיט עפּעל פערדארבט מען זיך אמאָל דעם מאָגען; פון שמאַלץ קריגט מען אמאָל קראנקהייטען, א. ז. וו. אויב איהר ווילט זאָגען, אז, למשל, חזיר איז אונגעזונד, ווייל אין איהם געפינט זיך טריכין, קענט איהר פונקט אזוי זאָגען, אז אָקס איז אונגעזונד, און ברויט איז אונגעזונד, און צו אָטהעמען איז אפילו אויך אונגעזונד, ווייל אין דיא לופט געפינט זיך דאָך געווים אלע מינים קראנקהייטס־שטאָפען. דאן איז נאָר „געזונד“ איין זאך: אוועקצולייגען זיך און צו שטארבען!

2) ווען דיא רעליגיאָן וואָלט צופעליג פערבאָטען צו עסען ציבעלעס, לעקעך, קיהבעבע, — וואָס איהר ווילט, וואָלט מען אלץ געקענט אויסזוכען עפּעס וואָס איז אונגעזונד אין דעם און זאָגען, אז צוליעב דעם האָט מען דאָס פערבאָטען!

3) דער שכל זאָגט אָבער, אז שמרענג פערבאָטען דאַרף נאָר זיין אזא שפייז, וואָס איז זיכער אין א העכערען גראַד שעדליך וויא ניצליך פאר דעם מענשען.

4) מיר האָבען שוין גערערט, אז מ א נ כ ע מינים טרפות האָבען אפשר אין זיך עטוואס, וואָס איז טאקי מעהר שעדליך וויא ניצליך פאר דעם מענשען. עס איז דאָך געוועזען נאטירליך, אז צווי־שען אזא בארג מיט פערבאָטענע זאכען זיינען מאנכע געוועזען צופעללינ אומגעזונד אויך. דערפאר דארף מען אָבער ניט היטען קיין כשרות. לערנט היגיענע און היט זיא!

5) נאנץ נאטירליך האָט דאָס היטען כשרות מיט דער צייט טאקי אויך געווירקט אויף אידענס געזונד. פון איין זייט האָט דאָס געמאכט, אז דער איד איז אזוי ניט קרעפטיג, ניט אזוי „גע־זונד וויא א גוי"; פון דער אנדערער זייט — אז ער האָט מעהר ווידערשטאנדסקראפט נעגען געוויסע קראנקהייטען. ער איז לייכ־טער צו ביינען און שווערער צו ברעכען. אויב דאָס איז א מעלה, איז א'ן אנדערע פראגע. (זעה קאפיטעל: „אידישקייט און גע־זונדהייט", אין דיעזען בוך.) נאָר אזוי ווייט וויא דאָס איז א מעלה, איז דאָס דער צופעלינער רעזולטאט פון דיא צופע־לינע טאבו'ס. אפשר האָט אויך דיעזער צופאל געהאָלפען דאָס אידישע פאָלק מיט זיין טאבו־סיסטעם זיך אָבקלייבען, (מיט א „נאטירליכע אָבקלייבונג") און איבערצולעבען אנדערע אלטע פעלקער.

זעהר ריכטיג זאָגט א. ס. פיעס:

„עס איז מעהר וואהרשיינליך, אז פון געזעצע וועגען טרפות זיינען ערשט ארויסגעקומען מאנכע פערהיטונגען נע־גען אונגעזונדע זאכען, איידער צו גלויבען פערקעהרט, אז פון דיא פערהיטונגען פאר אונגעזונדע זאכען זיינען ארויסגעקו־מען געזעצע וועגען טרפות. ווען עס האָט זיך צופעליג געטראָפען ביי א פאָלק, צווישען דיא זאכען, וואָס זיינען ביי זיי געוועזען טרפה, א סך אזעלכע זאכען, וואָס זיינען אונגעזונד אויך, ראן האָט אזא פאָלק געהאט מעהר געלעגענהייט צו זיין גע־

זונד און שטארק וויא אנדערע פעלקער, מיט וועלכע זיי האָבען געהאט מלחמות, און אויף אזא אופן זיינען דיא אנדערע פעלקער ניכער אויסגעראָטעט געוואָרען אין דיא מלחמות און דיזעס פאָלק האָט גיכער געקענט איבערלעבען. אויף אזא אופן, קען זיין, האָבען זיך אָבגעקליבען צו בלייבען איבערלעבען דיא פעלקער, וועלכע האָבען צופעללינ ניט געגעסען מאנכע שעדליכע זאכען צום געזונד... עס איז זיכער, אז דיא מנהגים וועגען טרפות זיינען ענטשטאנען אין א צייט, ווען עס האָט זיך נאָך קיינעם ניט גע'חלום'ט אפילו דער א' ב' פון געזונדהייטס־לעהרע". („ענסיקלאָפּעדיע אָוו דהי בייבעל".)

און ענדליך דארף מען ביי דיזע בעטראכטונגען גערענקען —

6) אז דאָס רוב פון דיא „אונגעזונדקייטען", וואָס ראציאָנאַליסטען געפינען בלומרשט אין טרפות, איז ניט אונגעזונד נאָך אלע וויסענשאפטליכע מיינונגען, ניט „לכל הדעות". זיי געפינען דאָרטען איין פּראָפעסאָר, אָדער אזוי א שרייבער, וואָס זיין מיינונג איז, אז דאָס־און־דאָס איז אומגעזונד. מאלע וואָס איינער ערקלערט אלץ פאר אומגעזונד! מען זאָל קוקען וואָס איין פּראָפעסאָר אָדער גלאט שרייבער האָט אמאָל געזאָגט, קען מען „בעווייזען" כמעט אויף אלצדינג אין דער וועלט אז עס איז אונגעזונד. עס איז ניטאָ דיא דומהייט אויף דער וועלט, וואָס קען ניט געפינען ערגעץ עפּעס א פּראָפעסאָר וואָס וועט זיא ערקלערען פאר א וויסענשאפטליכע חכמה.

אפילו ביי דיא ערנסטע ווירקליכע וויסענשאפטסלייט זיינען נאָך דאָ און וועלען נאָך לאנג זיין וועגען א סך אזעלכע זאַכען פערשיעדענע מיינונגען.

איינער זאָגט, אז געקאָכטע מילך איז געזונטער, דער אנדערער — אז רויהע איז געזונטער.

איינער זאָגט, אז עס איז זעהר אומגעזונד צו שלאָפען מעהר וויא אכט שטונדען אין מעת לעת, דער אנדערער זאָגט: שלאָף וויפיעל דו קענסט, וואָס מעהר אלץ בעסער.

איין דאָקטאָר פערשרייבט חזיר־שמאלץ פאַר א רפואה, דער אנדערער זאָגט, אז חזיר שאדט צום געזונד.

א סך געלעהרטע, דיא ווענעטאריאנער, זאָגען דאָך גאָר, אז פלייש איבערהויפט איז וויסענשאפטליך סם פאַר דעם מענשען!

ווען דיא אידישע רעליגיאָן וואָלט געוועזן אין גאנצען פער־באָטען פלייש צו עסען, וואָלטען דיא אתה־בחרתנו׳ניקעס דאָס גאנץ געוויס אַנגענומען פאַר א בעוויז פון דיא וואונדערליכע חכמה פון אידישקייט — שטיצענדיג זיך אויף דיא מיינונג פון דיא ווע־געטאריאנער. נו, האָט אָבער גראדע דיא אידישע רעליגיאָן גע־הייסען עסען פלייש פאַר א מצוה (שבת און יום טוב) און דוקא א זאָגענאנטע „עבודה־זרה" האָט פערבאָטען צו עסען פלייש גאָר אין גאנצען! דאָס איז דיא בודהיסטישע רעליגיאָן. (אין אמת׳ן איז דיעזע רעליגיאָן א סך וויינינגער „עבודה זרה" וויא דיא אידי־שע און קריסטליכע.) און אנדערע געלעהרטע זאָגען דוקא, אז דיא בודהיסטען זיינען גאָר שוואך דורך דעם וואָס זיי עסען ניט קיין פלייש.

בקיצור, אז מען געפינט א מאָל איינעמס אָדער איינינגעס א מיינונג וועגען דיא שעדליכקייט פון א געוויסע זאך, און מען כאפט זיך אז אזא זאך איז גראדע ביי אידען טרפה, איז דאָס ניט ווערט קיין שום פּולווער אלס בעוויז, דאָס טרפות איז אומגעזונד, אזוי לאנג וויא דיא מיינונג איז ניט אנערקענט פון אלע וויסענ־שאפטסלייט, לכל הדעות.

און טרפות׳ן וואָס זיינען אומגעזונד לכל הדעות, נאָך א ל ־ ג ע מ י י ן ־אנערקענטע וויסענשאפט, זיינען דאָ זעהר, זעהר וויניג.

נאָך דיעזע אלגעמיינע רעגלען וועלען מיר יעצט בעטראכטען יערען מין טרפות בעזונדער.

## ב. — ח ז י ר.

אפילו ווען חזיר זאָל זיין אונגעזונד, איז אָבער אבזאָלוט קיין שום צווייפעל ניט, אז ניט צוליעב דעם איז עס געוועזן טרפה.

דען ביי א סך ווילדע איז אויך חזיר טאבו, און ביי אנדערע איז ער גאָר הייליג. וויא מיר האָבען שוין גערעדט אויבען.

נאָר הייליג און טרפה איז איינס.ביידע טאָר מען ניט עסען. אלץ איבער דיזעלבע אורזאכע, — ו ו י י ל  א׳ן  א י־ב ע ר נ א ט י ר ל י כ ע ר „ע פ ע ס“ ר ו ה ט  ד ע ר ו י ף.

מיר האָבען דאָס שוין דערמאָנט אויבען. מיר האָבען געזעהן, אז ביי אלע ווילדע איז „טאבו“ אי א הייליגע זאך אי א טמא׳דיגע זאך. דיזעלבע דינים וועגען היטען זיך ניט אָנצוריהרען דיא קליי־דער און כלים פון א הייליגען מאן, — גענוי דיזעלבע דינים גיל־טען אויף דיא קליידער און כלים פון א פרוי אין איהר אונריינע צייט. אזוי איז עס ביי זעהר א סך ווילדע מענשען, אין אלע עקען פון דער וועלט. און אזוי איז עס אויך אין חומש:

א כהן וואָס איז מקריב א קרבן חטאת ווערט הייליג („יקדש“ שטייט). ווען דאָס בלוט פון דעם קרבן ווערט געשפריצט אויף א בגד, מוז עס געוואשען ווערען אויף א הייליגען פלאַץ. און ווען מען קאָכט דעם קרבן אין א׳ן ערדענע כלי, מוז דיא כלי צובראָ־כען ווערען. און ווען מען קאָכט עס אין א קופערנע כלי, מוז מען דיא כלי אויסרייבען און אויסוואשען. (ויקרא ו׳ כ׳).

אלזאָ מאכט א הייליגע זאך טרפה. און א טמא׳דיגע זאך מאכט פונקט אזוי טרפה: ווען איינער טראָגט א נבלה אויף זיין בגד, מוז ער אויך דעם בגד אויסוואשען. (ויקרא י״א כ״ה). און אז א טמא׳דיגער שרץ, א קריכעדיגע חיה, פאלט אריין אין א׳ן ערדערנע כלי, מוז מען אויך דיא כלי צוברעכען (שם ל״ג). דאָס איז נאָר איין ביישפיעל פון א סך אזעלכע דינים, וואָס זיינען גלייך אי פאר הייליגע זאכען, אי פאר טמא׳דיגע.

ווען די כהנים גייהען ארויס פון בית המקדש, שטייט אין יחזקאל (מ״ד י״ט), זאָלען זיי אנטהאָן אנדערע קליידער, „כדי זיי זאָלען ניט הייליג מאכען דאָס פאָלק מיט זייערע קליידער“. הייליג מאכען איז אלזא פונקט אזוי שעדליך וויא טמא מאכען.

א ט  ד אָ ס  א י ז  ד י א  א מ ת׳ע  א ו ר ז א כ ע  פ ו ן  ט ר פ ה׳נ ע  מ י נ י ם  ב ע ש ע פ ע נ י ש ע ן: מען האָט זיך איינגערעדט, אז עס רוהט אויף זיי עפּעס א׳ן איבערנאַ־

טירליכע קראפט. — א הייליגע אדער א טמא'דיגע, אלץ איינס; און צוביידע איז געפעהרליך זיך צוצוריהרען.

נו, דער חזיר איז ביי מאנכע אומות געוועזן הייליג און ביי אנדערע טמא.

ביי דיא מצריים פארצייטענס איז אויך חזיר געוועזן טאבו. נאר איין מאל אין יאהר האט מען איהם מקריב געווען צום גאט אזירים, און דעמאלט האבען דיא כהנים איהם גענעסען.

אויב חזיר איז אין א הויכען גראד אונגעזונד צוליעב דיא טריכין, וואס געפינט זיך אין איהם, איז אבסאלוט ניט זיכער. ווען אין דעם חזיר געפינט זיך מעהר טריכין, דערפאר געפינט זיך אין איהם וועניגער קרעאטין, וויא אן אלע אנדערע פליישען; און קרעאטין, אין א צו גרויסע מאס, איז פשוט גיפט. און דורכ'ן קאכען ווערט דער טריכין אויך אבסאלוט אונשעדליך. אין גאנצען פערבאטען דעם חזיר האט נאך קיין וויסענשאפטסמאן ניט.

דער פאקט איז, אז חזיר האבען אלע סעמיטישע פעלקער ניט גענעסען, און דאך זיינען זיי אין זייערע מלחמות געווען שוואכער ווי דיא פעלקער, וואס עסען יא חזיר: די חזיר־פרעסער האבען מנצח געווען מיט זייערע גבורה און איבערגעלעבט דיא, וואס האבען קיין חזיר ניט גענעסען.

דיא מאהאמעדאנער עסען ניט קיין חזיר און דיא קריסטען יא; וואו מאהאמעדאנער וואהנען אפילו אין איין שטאדט מיט קריסטען, זיינען אויך ביי דיא מאהאמעדאנער, שיינט עס, ניטא וועניגער קראנקע און טויט־פעלע ווי ביי דיא קריסטען, — אויב זיי זיינען נאר ביידע אויף איין מדרגה פון ציוויליזאציאן.

(דאס וואס דער חזיר פרעסט מיאוס'ע זאכען, האט גאר ניט צו טהאן מיט דעם ענין. די שעהנענקע אונשולדיגע היהנדעלע פיקט אויף ארוים קערנדלעך פון דיא שמוציגסטע שטאפען).

דיא אונטערשטע שורה איז: ווער עס רעכענט, אז עס איז געזונד צו עסען פלייש איבערהויפט, דער האט ניט קיין ערנסטע אורזאכע צו מאכען מיט חזיר א'ן אויסנאהמע. דיא אינטעליגענטע גוים ווילען זיך כ'לעבען, אויך ניט קראנק מאכען. זיי וואלטען

נעוויס קיין חזיר ניט נעגעסען, ווען עס וואלט נעווען בעזונדערס אונגעזונד.

## ג.—אנדערע פערבאָטענע בהמות.

וועגען חזיר זיינען נאָך דאָ מאנכע מיינונגען, אז ער איז אפשר מעהר אונגעזונד צום עסען וויא אָקס; אָבער וועגען דיא אנדערע טרפה'נע בהמות, — וועלכע זיינען ניט „מעלה גרה" און האָבען ניט קיין „צושפּאָלטענע קלאָיען", — זיינען גאָר ניטאָ קיין פערשיעדענע מיינונגען: אלע וויסענשאפטסלייט וועלען אייך זאָגען, אז עס איז ניטאָ פאר וואָס צו דענקען, אז — למשל — פערד־פלייש זאָל זיין מעהר שעדליך צום געזונד וויא אָקסען־פלייש, קע־מיל־פלייש וויא הירשען־פלייש.

דעם קעמיל פלעגען דיא אראבער עסען. זיי פלעגען אויך מקריב זיין קעמילס צו גאָט. אָבער עס זיינען דאָ שפּורען פון א גלויבען ביי דיא אראבער, אז דער קעמיל, אָדער וויינינגסטענס גע־וויסע סאָרטען קעמילס קומען ארויס פון טייוואָלים. (ר. א. סמיטה: „רעלידזשאָן אָוו דהי סעמיטס" 283).

ד ע ר ה אָ ז (ארנבת) איז טמא, טרפה. אזוי שטייט אין חומש. קיין איין דאָקטאָר וועט אייך ניט זאָגען, אז האָזען־פלייש איז מעהר אונגעזונד וויא אנדערע פלייש. דיא אראבישע פרויען טראָגען האָזען־קעפּ פאר א קמיע. (ר. ז. 382) א סימן אז ביי סע־מיטישע פעלקער איז געווען איינגערעדט, אז דער האָז האָט אין זיך עפּעס איבערנאטירליכעס. דער האָזען־פוס ווערט בענוצט ביי דיא אראבער פאר א סגולה נעגען טייוואָלים. (ר. ז. „פערוואנד־שאפט" 211). דיא אראבער עסען דעם האָז, אָבער דיא אנדערע איינוואָהנער פון סיריען, דיא טערקען און דיא ארמעניער עסען איהם ניט פון דיא עלטסטע צייטען אָן. דיא פארסיעס האלטען דעם האָז פאר דיא טמא'דיגסטע חיה. און דיא פארסיעס זיינען איין זעלטען פארצייטיגע פעלקעל, וואָס דיענען נאָך היינט איינע פון דיא „עבודה־זרות", פון וועלכע דיא גמרא רעדט. (אין אמת'ן איז דאָס אויך ניט מעהר עבודה זרה וויא „אונזערע" רעליגיאָנען.)

און דיא פארצייטיגע בריטאָנען — דיא ערשטע איינוואָהנער

פון ענגלאנד, — ווילדע מענשען, גאנץ אבגעזונדערטע און זעהר ווייטע פון דיא פעלקער, פון וועלכע אונזערע היילינגע ספרים רעדען — האָבען אויך ניט גענעסען קיין האָז. אזוי דערציילט יוליוס צעזאר, דער גרויסער מלך רומא.

פערשיעדענע ווילדע מענשען האָבען זיך איינגערעדט, אז דיא האָז האָט אונריינע צייטען יעדען מאָנאט, אזוי וויא א מענשליכע פרוי, און אז זיא האָט אין זיך דעריבער עטוואָס מענשליכעס.

ד ע ר ק ר אָ ל י ק (שפן) איז אויך טרפה. מען וויים ניט קיין שום שלעכטס וועגען זיין פלייש. דאָך, א סך פעלקער עסען איהם ניט. אין אבעסיניען עסען איהם ניט אפילו דיא קריסטען. אויף דעם סינאי האלב־אינזעל גלויבט מען, אז דער קראָליק און דער פאנטהער קומען ארויס פון מענשען און ווער עס עסט זייער פלייש וועט קיין מאָל ניט זעהן זיינע עלטערן מעהר. (ר. וו. סמיטה: „רעליגיאָן פון דיא סעמיטען" 2. 88. 444).

ד ע ר א י י ז ע ל איז גאָר ניט אלע מאָל געוועזען טרפה ביי אידען. עס שטייט בפרוש (שופטים ו' ד'), אז דאָס פאָלק מדין האָבען פערניכטעט אלע עסענוואַרגען ביי אידען „און ניט געלאָזען קיין שום שפייז, ניט קיין שעפּסיל, ניט אָקס, ניט קיין א י י ז ע ל". זעהט מען דאָך דערפון, אז דער אייזעל איז געוועזען עסענווארג ביי אידען. נאטירליך, אז מען וויל דוקא, קען מען דאָס פערטייטשען מיט א „מיינט מען". אָבער ווער עס וויל ניט דוקא זיך אליין אָבנארען, וועט דאָ זעהן דייטליך, אז מען האָט יא גענעסען אייזעל־פלייש ביי אידען. (ווייטער וועלען מיר זעהן, וואָס דערפון איז געדרונגען.)

עס איז דאָ נאָך א בעווייז דערצו. עס שטייט (מלכים ב' ו' כ"ה), אז אין שומרון איז געוועזען אזא הונגער, אז א'ן א י י ז ע ל־ ס אָ פּ האָט געקאָסט אכציג זילבערשטיק. דיא פשט'ילניקעס זאָגען, אז דאָס „מיינט מען" אזא מאָס תבואה, וואָס איז געוועזען אָנגערופען „א'ן אייזעל־קאָפּ". זאָל זיך דאָס גלויבען א'ן אייזעל־קאָפּ. איך רעכען, אז קיין גלייכער קאָפּ קען ניט גלויבען, אז דאָס „מיינט מען" דאָ. עס געפינט זיך ניט אין ערגעץ אין גאנץ תנ"ך דערמאָנט קיין תבואה־מאָס מיט'ן נאָמען „אייזעלקאָפּ".

דיא אראבער פלעגען דעם אייזעל האלטען פאר הייליג. דיא גאנץ פארצייטיגע גוי'אישע בעשרייבערס פון אידישען פאלק פלע־גען אלע דערציילען, אז דיא אידען דיענען צום אייזעל. מסתמא האבען זיי דאך געזעהען, אז וועלכע עס איז פערוואנדעטע פעל־קער צו אידען האלטען הייליג דעם אייזעל. און מיר ווייסען שוין, אז וואס עס איז הייליג, איז פונקט אזוי טרפה און טאבו, וויא וואס עס איז טמא.

דאס פ ע ר ד איז גאר ניט מעהר אונגעזונד וויא דער אקס. פערד־פלייש האט נאר אין זיך וויינינגער נאהרונגס־שטאף. דערי־בער איז פערבאטען אין פיעלע לענדער צו פערקויפען פערד־פלייש פאר אקסען־פלייש, ווייל מען נארט דערמיט דיא קונים. אבער אפענע פערד־יאטקעס זיינען ערלויבט אין ציוויליזירטע לענדער. אין דייטשלאנד עסט מען מאסען פערד־פלייש. עס איז א'ן ארי־מער מאכיל, ווייל געזונדע פערד זיינען מעהר ווערט צו דער אר־בייט וויא צו דער שחיטה. אין פלייש פערקויפט מען אלטע פערד און שוואכע.

ביי דיא אידען, ווען זיי האבען געדיענט אנדערע געטטער, פלעגט מען האלטען פערד פאר הייליג צו דיא געטטער. דער מלך יאשיהו, 800 יאהר נאך משה, ד ע ר ע ר ש ט ע ר ו ו א ס ה א ט פ ל ו צ ל ו נ ג „ע נ ט ד ע ק ט" א ס פ ר ת ו ר ת מ ש ה (מלכים ב' כ"ב ח'), האט פערניכטעט דיא פערד, וואס דיא אנדערע קעניגע פון יהודה האבען געהייליגט צו דיא זונן. (שם כ"ג י"א).

ד ע ר ה ו נ ד איז ביי א סך פעלקער געווען בעטראכט אלס דער ברודער פון דעם מענשען, צוליעב זיין טרייהייט און פריינד־ליכקייט צו דעם מענשען. פריהער פלעגט מען ביי אידען אבהא־קען א הונדס קאפ צו גאט. (ישעיה ס"ו ג') ביי דיא ווילדע אד־זשיבוואס האלט מען דעם הונד אי פאר הייליג אי פאר טמא. זעלטען וועלכע מענשען עס עסען הונד־פלייש.

ר ו י ב ־ ט ה י ר ע (חיות רעות) ווערען נאטירליך געהאל־טען פאר טייוואלים, ביי א סך ווילדע מענשען. פשוט ווייל זיי, דיא רויב־טהירע, הרג'ענען מענשען.

* * *

די אורזאכען, פאר וואס ביי מאנכע פעלקער האט מען גע־האלטען די מינים חיות פאר הייליג אדער טמא און ביי מאנכע אנדערע מינים, איז זעלטען מעגליך צו דערגיין. ווער ווייסט דורך וועלכע צופעלע דארטען עס האבען זיך געבילדעט אזעלכע אבער־גלויבערייען? זעהן מיר דען ניט פאר אונזערע אויגען, ווי ביי דעם דומען אונוויסענדען פאלק קומט פלוצלינג אויף א'ן איינרע־דעניש און קיינער קען ניט אויסגעפינען פון וואנען עס האט זיך גענומען? און אפט ווארצעלט עס זיך איין אזוי טיעף, אין דעם גלויבען פון פאלק, אז עס האלט זיך ווער ווייס ווי לאנג און מען קען עס מיט העק ניט ארויסהאקען.

א סך איז טאבו און טרפות געקומען פון געוואהנהייט. מיר זעהען, אז מענשען מיאוס'ן זיך שרעקליך צו עסען פון א חיה, וואס זיי זיינען ניט געוואהנט צו עסען. און ווען זיי מיאוס'ן זיך שוין, האלטען די אבערגלויביגע מענשען נאטירליך די זאך פאר עקעל־האפט, טמא, און פאר „זינדיג" דאס צו עסען. זיי מיינען דאן שוין, אז מען „פעראומרייניגט" זיך דערמיט. אין אמת'ן אבער קומט דאס מיאוס'ן זיך פשוט פון געוואהנהייט, פון הרגל. גע־וואהנהייט ווערט די צווייטע נאטור. דער בעסטער סימן איז, אז הירשען־פלייש איז כשר, דאך וואלטען א סך אידען אויסגעבראכען די גרינע גאל ווען זיי וואלטען דאס געגעסען. ווייל זיי זיינען היינט ניט געוואהנט דאס צו עסען.

אין פסוק שטייט בפרוש, אז דעריבער זאל מען ניט עסען דיא אלע טמא'דיגע ברואים, ווייל אידען דארפען זיך היטען ניט צו „פעראומרייניגען" זייערע נשמות מיט עקעלהאפטע זאכען. דיא גמרא זאגט אויך, אז פאר טרפה'נע זאכען עקעלט זיך. („הנפש קצה בהם", בכורות ל"ז.)

זיי האבען זיך איינגערעדט, אז דער עקעל איז א נאטירליכער. זיי האבען ניט געוואוסט, אז דאס איז ניט מעהר ווי פון געוואה־הייט. עס איז אבזאלוט ניטא קיין שום נאטירליכע אורזאכע, פאר וואס פאר עסען פערד־פלייש זאל זיך מעהר עקלען ווי פאר אקסען־פלייש און פאר ציעגען־פלייש וויניגער ווי פאר האזען־פלייש.

אז מען איז שוין דורך וועלכע־עס־איז אורזאכע ניט געווען געוואהנט צו עסען א געוויסע לעבעדיגע בעשעפעניש, האט מען געפיהלט א'ן עקעל דערפאר; און צוליעב דעם האט מען זיך איינגערעדט, אז דאס איז טמא און אז דעריבער איז עס אזוי עקעלהאפט. מען האט ניט פערשטאנען, אז פערקעהרט איז די מעשה: עס איז עקעלהאפט פון געוואהנהייט און דעריבער האלט מען עס פאר טמא.

ווען אידישע קינדער הערען ניט ביי זייערע עלטערן פון קיין טרפות, בעלעקען זיי זיך עסענדיג געוויסע ווערימלאך, אזוי וויא איהר בעלעקט זיך פון פעטע גריוועז. און אז איהר קוקט צו וויא זיי עסען דאס, ווילט זיך אייך ברעכען. ווען עס זאל זיין דערצו א'ן „איינגעבוירענער" עקעל, פאר וואס איז דער עקעל גאר ניט איינגעבוירען אין די קינדער? איז דאך דייטליך, אז עס איז ניט מעהר ווי געוואהנהייט.

פון חומש זעהט מען, אז זעהר לאנג איידער עס זיינען אויפגעשריעבען געווארען די דינים, וועלכע בעשעפענישען זיינען כשר'ע און וועלכע טרפה'נע, — הונדערטער יאהרען פריהער, — האט שוין דאס פאלק געהאלטען א טהייל ברואים פאר „אומריינע" און א טייל פאר „ריינע". (בראשית ז' ז'). דיעזען אונטערשיעד האט זיך דאס פאלק צוגעוואהנט צו מאכען דורך פערשיעדענע צופעללע: האט מען דערנאך שוין געמיינט, אז די „אונריינע" ברואים האבען אויף זיך א „רוח הטומאה" און אז דעריבער „פעראונרייניגט" מען זיך די נשמה ווען מען עסט זיי.

* * *

פון וואנען זשע קומט עס, ווער דער פערשטענדיגער לעזער פרעגען, וואס פונקט איז געווארען א געוואהנהייט צו האלטען פאר „ריינע" בהמות די וואס זיינען „מעלה גרה" און האבען צושפאלטענע קלאען, און די וואס זיי פעהלט איינע פון דיא צוויי סימנים— צו האלטען פאר טמא, פאר טרפה, פאר טאבו? ווי אזוי האט זיך די צופעלליגע געוואהנהייט געקענט פונקט צופאסען צו אזא מין קלאסיפיקאציע?

איז דער שכל מחייב, אז דא איז מסתמא געווען אזא מעשה:

צופעלליג האט דאס פאלק מאנכע מינים בהמות געגעסען און פאר די אנדערע זיך געמיאוסט, אויס געוואהנהייט און אויס אבער־גלויבען. אבער ניט ביי אלע שבטים איז דאס געווען גלייך. מינים וואס זיינען ביי איין שבט געווען כשר, זיינען ביי אנדערע געווען טרפה. נאר שפעטער, ווען די כהנים האבען זיך געגרינדעט איין מעכטיגע ממשלה איבער אלע שבטים און געמאכט פון זיי איין „ממלכת כהנים", איין פעראייניגטע גרויסע טהעאקראציע, האבען זיי נאטירליך געוואלט מאכען איין גלייכען געזעץ פאר אלע שבטים. האט מסתמא עפעס איין קלוגער קאפ פון זיי גע־נומען טראכטען א סיסטעם, א כלל, וועלכע מינים בהמות זאל מען ערקלעהרען פאר טרפה פ א ר א ל ע און וועלכע פאר כשר? איז איהם איינגעפאלען, אז ווען מען בעטראכט, וועלכע עס זיינען ביי ד א ס ר ו ב שבטים כשר און טרפה, קען מען א ו נ ג ע־פ ע ה ר מאכען א כלל, אז כשר זיינען די מינים בהמות, וואס האבעןביידע סימנים, אי זיי זיינען מעלה גרה, אי זיי האבען געשפאלטענע קלאען. נאטירליך, ג ע נ ו י האט דער צופאל ניט געקענט טרעפען פונקט אויף דיעזע קלאסיפיקאציע. א ט האט מען דאך טאקי געגעסען דעם אייזעל, כאטש ער האט ניט ביידע סמנים! אבער אזוי א ו נ ג ע פ ע ה ר האט זיך דיעזע קלאסיפיקאציע גראדע צופעליג געפאסט צום מנהג. דער כהן, ווען עס איז איינ־געפאלען דיעזע קלאסיפיקאציע, האט דאס מסתמא געהאלטען פאר א וואונדערליכען קלוגען איינפאל און ער האט דאס אוועקגעשטעלט פאר א כלל גדול, אז די סארט בהמה וואס האט ניט די צוויי סימנים איז טרפה. ווער ווייסט וויפיעל נאך מינים בהמות אהן די צוויי סמנים, חוץ דעם אייזעל, זיינען פריהער אין דעם מנהג ניט געווען טרפה און זיינען דאס געווארען ערשט דורך דיעזע אויסגעטראכטע קלאסיפיקאציע!

יערענפאלס האט דער „ראציאנאליזמוס" מיט אלע זיינע זעהר אונראציאנעלע פשט'לעך, בשום אופן ניט געקענט אויסטראכ־טען קיין נאטירליכע ערקלעהרונג, פאר וואס זאל מען יא עסען גראד דיא מינים בהמות וואס זיינען מעלה גרה און האבען צושפאלטענע

קלאָען און די וואָס האָבען איינעם פון די צוויי סמנים נים — ניט! וואָס קען עס האָבען צו טהון מיט געזונדהייט צו דיא בהמה האָט אַ צושפּאַלטענעם קלאָ צו ניט? אין דער היגיעניישער וויסענשאַפט האָבען דיעזע אונטערשיעדע קיין שום בעדייטונג ניט.

ד. — טרפה'נע עופות.

דאָס רוב פון די מינים פויגעל, וואָס שטייהען אויסגערע־כענט אין פסוק, אַז זיי זיינען טרפה, זיינען רויב־פויגלען. די אור־זאַכע איז נאַטירליך דיזעלבע, וואָס ביי די רויב־חיות.

אנדערע פון די עופות, וואָס שטייהען אין פסוק אויסגערע־כענט אלס טרפה'נע, וואָהנען געוועהנליך אין די חורבות, און עס איז דעריבער נאַטירליך, פאַר וואָס מען האָט זיי געהאַלטען פאַר חברים פון די שדים און רוחות.

עס איז מערקווירדיג, אַז דיזעלבע פויגעל, וואָס שטעהען אויסגערעכענט אלס טרפה'נע, שטעהען אויך עטליכע מאָל אוים־גערעכענט צוזאַמען מיט די מזיקים און משחיתים, וואָס וועלען וואָהנען אין די חורבות פון די פעלקער, ווען די נביאים זאָגען צו אַ מפּלה!

אָט זיינען די נעמען פון די טרפה'נע פויגלען:

נשר, פרס, עזניה, ראה, דיה, עורב, בת־היענה, נץ, חוס, ינשוף, תחמס, שחף, תנשמת, קאת, רחמה, שלך, חסידה, ענפה, דוכפת, עטלף. (דעם טייטש ווייסט מען היינט ניט מעהר פון אלע).

ישעיה זאָגט נבואה אויף בבל, אַז זי וועט חרוב ווערען און אין איהרע חורבות וועלען וואָהנען די שדים און — דיא בת־היענה און די איה. (ישעיה י"ג) דאָסזעלבע זאָגט ירמיה (נ' ל"ט).

וועגען אדום זאָגט ישעיה, אַז אין זיינע חורבות וועלען וואוי־נען די קאת, און די קפּוד, און די ינשוף און דער עורב.

פון דעם איז קלאָר, אַז דיעזע פויגלען האָט מען געהאַלטען פאַר גלייך מיט די שדים און בייזע רוחות. אָט דעריבער זיינען זיי געוועזן טרפה, טאבו.

ביי דעם פונקט וועגען עופות זעהט מען גאנץ בפרוש, אז ניט „גענגעבענע" געזעצע האבען בעשטימט וואס עס זאל זיין טמא און וואס ניט, נאר דאס איז שוין געווען אין דעם פאלקס בעגריף איי־דער די געזעצע זיינען געגעבען געווארען. דען דא שטייט בפרוש אין פסוק: „יעדען פויגעל וואס איז ט ה ו ר (פערקעהרט פון טמא) מעגט איהר עסען". וועלכע זיינען דאס? שטייט ניט. איז דאך דייטליך, אז וועלכע זיינען „טהור" און ו ו ע ל כ ע „טמא" איז, בשעת דאס איז געשריעבען געווארען, שוין פון פריי־הער געווען בעשטימט אין דעם פאלקס בעגריף!

ד י א ט ו י ב איז ביי אידען טהור. ביי זייערע שכנים און ראסען־קרובים די סיריער איז די טויב געווען זעהר שטרענג טמא.

ה. — ט ר פ ה'נ ע פ י ש.

פיש, וואס האבען ניט קיין שיפען און קיין פלים־פעדערען זיי־נען טרפה. פון היגיענע איז דערויף ניטא קיין שום פערנינפטיגער טעם. עס זיינען דא פיש אהן שיפען און אהן פלים־פעדערן, וואס זיינען פון דיזעלבע „משפחה" מיט עהנליכע פיש וואס האבען דאס יא. זיי האבען דיזעלבע לעבענס־געוואהנהייטען און דיזעלבע נא־טור און זיינען פונקט אזוי געזונד.

אויב יא ערקלערען אונגעזונדע פיש פאר טרפה, האט בע־דארפט זיין טרפה — טוכלע פיש. און דאס וואלט חלעבען אידען זעהר צוניץ געקומען... אבער טוכלע פיש איז דוקא גאנץ כשר. דער רב האט שלעכט־ריכענדע פיש ניט גע'אסר'ט און ניט אריינ־געווארפען אין וואסער. אז מען האט דאס געטהאן, האבען דאס געטהאן די אפיקורסים די דאקטוירים. אפט איז דאס געווען א גזרה פון מלכות, אויף וואס מען האט געדארפט גוזר תענית זיין אפשר...

מיר האבען שוין גערעדט, אז פיש זיינען ביי א סך אלטע פעלקער געווען אלע טמא, טרפה, טאבו.

זעהר מעגליך, אז ביי אידען האט מען זיך געעקעלט פאר פיש אהן שיפען און פלים־פעדערען, ווייל זיי זיינען ע ה נ ל י ך צ ו ש ל א נ ג ע ן.

ו. — קריכעדיגע בעשעפענישען (שרצים).

דעם גרעסטען עקעל האבען אלע נאטור־מענשען פאר קריכעדיגע בעשעפענישען. זיי האלטען זיי פאר שדים און בייזע רוחות. עס איז קיין וואונדער ניט. זיי זעהען אוים העסליך. און זיי פערקריכען אין דרערד און אין בלאטעס און זומפען. ביי דעם פראסטען פאלק שטעלט מען זיך פאר דעם גיהנם אלס א'ן ארט פון שלאנגען און עקדעשען. די שלאנג איז פארגעשטעלט אלס דער ערשטער יוצר הרע, וואס האט געבראכט אלע צרות אויפ'ן מענשען. אט דאס איז דיא „טומאה“ פון שלאנגען און עקרעשען.

א סך פון דיעזע ברואים זיינען גאנץ געזונד צום עסען.

אלע ציוויליזירטע מענשען עסען קרעבסען און ראקעס און זשאבעס און עס שאדט זיי גאר ניט מעהר וויא העכט און קארפען.

די אידען אין אמעריקא עסען שוין היינט כמעט אלע איםטערס (איסטריצעס). אין א רעסטאראן, אויף וועלכען עס שטייט אויפגעשריעבען „כשר“, וועט מען אייך פסח געבען מצה און „קלעם־טשאודער“ (יויך מיט אזעלכע וואסער־שרצים'לעך) אין א יום־טוב'דיגען טעלער. עס שאדט קיינעם ברוך השם ניט צום געזונד — אויב די שרצים'לעך זיינען נאר פרישע.

עס איז נאך דא א סך צו רעדען וועגען דעם אלעם. מען מוז אבער אבהאקען, ווייל עס איז נאך דא צו בעהאנדלען דעם וויכטיגסטען און אינטערעסאנטסטען פונקט, נעמליך דיא „קראנקהייטען“ וואס מאכען א כשר'ע בהמה טרפה. אין דעם שטעקט דער גאנצער טעות וועגען די „היגיענע“ פון כשרות!

איך וועל אזלא ענדיגען דעם קאפיטעל מיט דעם פונקט וועגען

ז. — כשר'ע ווערים.

די אידען, וואס רעדען זיך איין, אז טרפה איז דאס, וואס איז „פון נאטור עקעלהאפט“, „שקץ“, קענען זיך לייכט איבערצייגען אין זייער טעות, ווען זיי וועלען זיך דערמאנען, אז אין פסוק שטייהען בפרוש אויסגערעכענט פיער מינים זעהר עקעלהאפטע

היישריקען, זשוקעס, (ווערים מיט פליגעלאך), וואס זיינען כשר צו עסען (ויקרא י"א, כ"א, כ"ג).

די סימנים פון די כשר'ע ווערים זיינען: ווען זיי האבען פיער פיסלעך און פיער פליגעלעך און די פליגעלעך פערדעקען דעם גרעסטען טייל פון קערפער, און זיי האבען צוויי שפרינג־פיסלעך. אזעלכע ווערימלעך מעג מען עסען. מען דארף זיי ניט שעכטען: זיי קענען קיינמאל ניט זיין טרפה. לעבעדיגערהייט מעג מען זיי כאפען און אויפעסען!

אט אזוי שטייט נאך בפרוש אין דעם שולחן ערוך, וואס איז ערשט געשריעבען מיט ניט גאנצע 300 יאהר צוריק! (יו"ד פ"ה)

נאך מעהר: דער „זאפט" איז כשר אפילו פון טרפה'נע זשו־קעס! (שם).

ערשט פיעל שפעטער האט געשריעבען דער „באר היטב", אז היינט איז מען זיך נוהג ניט צו עסען קיין שום ווערים, „ווייל מען ווייסט נים וועלכע עס זיינען דיא כשר'ע מינים".

היינט עקעלט עס א אידען אפילו זיך פארצושטעלען ווענען עסען די „זאפט" פון אזוינע אויסגעקוועטשטע ווערים. פאר וואס? ווייל מען איז אבגעוואהנט דערפון.

פון דעם קען מען זעהן דייטליך, אז ניט וואס מיאוס איז טרפה, נאר וואס טרפה, (סיי פון א מנהג סיי פון דין) ווערט מיט דער צייט פער'מיאוס'ט און וואס עס ווערט פער'מיאוס'ט פון מנהג ווערט דערנאך טרפה פון דין.

עס איז אלזא אלץ ניט מעהר-ווי געוואהנהייט. און ווער עס האט שכל און מוט, קען זיך צוגעוויינען ווי ער וויל. —

אידען אליין האבען זיך שוין איבערגעוועהנט אויף פערשיע־דענע ארטען. די כשר'ע ווערימלעך און דער אייזעל זיינען ניט די איינציגע זאכען, וואס זיינען מיט דער צייט, דורך א נייע געוואהנהייט, געווארען טרפה. עס זיינען שוין געווען א סך אזעל־כע ענדערונגען ביי אידען פון כשר צו טרפה און פון טרפה צו כשר.

אין סאמע אנהייב חומש שטייט גאר, אז דער מענש זאל

נאר עסען פלאנצונגען. אלזא איז יעדער מין פלייש טרפה. (בראשית א׳ כ״ט) דערנאך שטייט ווידער בפרוש, אז א ל ץ ו ו א ס ל ע ב ט זאל דער מענש עסען, נאר דאס בלוט ניט. (בראשית ט׳ ג׳ ד׳).

אלזא שאדט גאר ניט, אז היינט וועלען מיר זיך צוריק צוגע־וועהנען צו עסען אלץ וואס איז נאר ניט ווירקליך אונגעזונד!

דען — און דא ציה איז אונטער דעם סך הכל — די פער־באטענע בעשעפענישען זיינען ניט פערבאטען געווארען ווייל זיי קענען אייך קראנק מאכען, נאר ו ו י י ל ז י י ו ו ע ל ע ן א י י ך „ט מ א“ מ א כ ע ן, — ווי עס שטייט גאנץ דייט־ליך און קלאר יעדעס מאל ווען עס שטייט מען זאל דיא ברואים ניט עסען. „דו זאלסט ניט עסען, שטייט, אלעם וואס איז אומ־ווירדיג“. „דו זאלסט זיין הייליג, דו זאלסט דיך ניט טמא מאכען מיט זיי“. „טמא זאלען זיי דיר זיין!“

און „טמא“ איז דער פינסטערער אבערגלויבען פון „כוחות הטומאה“, פון איבערנאטירליכע רוחות, שדים, מחבלים און אלער־ליי פאנטאזיעס פון אונוויסענהייט.

## VI.

## טרפהינע טיילען פון כשר'ע בעשעפענישען.

חוץ דיא פערבאטענע מינים לעבעדיגע בעשעפענישען האט דער חומש אויך פערבאטען פערשידענע טיילען פון כשר'ע מינים בעשעפענישען.

אם שטרענגסטען איז פערבאטען —

### א. — בלוט.

מיר האבען שוין אויבען גערעדט, אז ווער עס וויל אויס־טראכטען א היגיענישען טעם פאר דעם פערבאט פון בלוט, דער וויל פשוט זיך מאכען בלינד. גראדע אויף דעם פערבאט פון בלוט האט דער חומש א מאסע מאל גאנץ דייטליך און אויסדריק־ליך ערקלערט דעם טעם: ווייל די נשמה פון די לעבעדיגע בע־שעפענישען איז אין בלוט און דעריבער געהער דאס בלוט אלס קרבן צו גאט און דער מענש טאר עס ניט עסען. קיין פערבאט שטייט ניט איבערגע'חזרט אין חומש אזוי פיעל מאל, וויא דער פערבאט צו עסען בלוט, און יעדעס מאל אלץ אויסדריקליך מיט דעמזעלבען טעם. (ווייטער, ביי דעם פונקט „חלב", וועלען מיר דאס נאך גרינדליכער בעווייזען.)

מיר האבען שוין אויבען געצייגט, אז דיזעלבע איינבילדונג וועגען בלוט האבען א סך ווילדע פעלקער, און עס איז טאקי ביי זיי פונקט אזוי טרפה, אדער טאבו. דאס, וואס מיר האבען שוין אויבען גערעדט וועגען בלוט אלס טרפות און טאבו, איז פאלשטענ־ליג גענוג צו ערקלערען, פאר וואס אידען האבען עס ניט געגעסען, און צו איבערצייגען, אז עס איז ניט מעהר וויא ווילדער אבער־גלויבען.

א י ז  ב ל ו ט  ג ע ז ו נ ד?

ווען די בהמה האט אין זיך קראנקהייטס־שטאָפען, איז דאָס בלוט אונגעזונד צו עסען. אבער דאָס פלייש אויך! דאָס בלוט קען, נאָך דיא מיינונג פון מאַנכע, גיבער האָבען אין זיך דיא קראנקהייטס שטאָפען, — ווען די בהמה איז א קראַנקע, — וויא אנדערע טיילען פון קערפער. אבער נאָך מעהר איז דאָס מיט מילך. מילך איז בלוט! אויב בלוט איז טרפה, ווייל אין א קראַנקע בהמה ענטהאַלט דאָס גיכער קראנק־הייטס־שטאָפען, ווי אַנדערע טיילען, דאַן דאַרף מילך גיכער זיין טרפה!

אז מען היט זיך אבער, ניט צו עסען פון א קראַנקע בהמה, נאָר פון א געזונדע, איז בלוט אבזאָלוט ניט אונגעזונד. אדרבה, דאָס גיט קרעפטיגע נאהרונג. פאר א רפואה גיט מען אפילו ביי פרומע אידען א שווינדזיכטיגען ניט כשר־געמאכטען ביפסטייק.

מיט יעדען טראָפען בלוט, וואָס גייט ארויס פון דעם פלייש, ווערט פערלוירען א טראָפען נאהרונג, וועלכער איז געוועהנליך ניט שעדליכער פון דעם פלייש גופא.

און גוט דורכגעקאָכטעס בלוט איז געוויס גאָר ניט מעהר אונגעזונד.

## ב. — וויַיקען און זאַלצען פלייש.

אין דיא תורה שטייט ניט, מען זאָל וויַיקען און זאַלצען פלייש. ביז עטליכע הונדערט יאָהר נאָך חורבן ירושלים איז דער מנהג פון „כשר מאַכען" פלייש גאָר ניט געווען ביי אידען. פער־באָטען צו עסען איז נאָר געווען דאָס בלוט וואָס גייט אליין ארויס פון פלייש. דאָס בלוט וואָס בלייבט אין פלייש איז געווען כשר.

ערשט שפעט אריין אין גמרא־צייט איז פלוצלינג איינגע־פאַלען איינעם שמואל צו זאָגען, אַז דאָס בלוט גייט ניט ארויס פון פלייש סיידען ווען דאָס פלייש ווערט גוט געשוויינקט און גוט געזאַלצען. דאָס איז נאַטירליך זעהר ניט וויסענשאַפטליך. דורכ'ן שוויינקען און זאַלצען דאָס פלייש גייט נאָך אַלץ ניט ארויס דאָס

גאנצע בלוט. יעדער קען דאס זעהן מיט דיא אויגען. נאר אזוי זאגט שמואל, און פרעגט קיין קשיות ניט.

אבער אפילו שמואל האט נאך אויך ניט געזאגט, אז מען מוז לאזען דאס פלייש ווייקען א האלבע שעה און ליגען אין זאלץ א שעה. ער האט געזאגט, אז מען זאל עס אבשוויינקען און אב־זאלצען און באלד ווידער אבשוויינקען. אלעס צוזאמען קאן דויערן פינף מינוטען, איז שוין אפילו שמואל אויך צופרידען.

נאר ביי די נאך שפעטערע רבנים איז דאס נאך אלץ גע־ווען פאר אידען צו לייכטע פייגעלעך. ערשט דער רמ"א, מיט א יאהר 200 צוריק, האט זיך מיישב געווען, אז עס איז א יושר צו הייסען די אידישע טעכטער ווייקען דאס פלייש א האלבע שטונדע, אנשטאט וואס שמואל זאגט בפרוש מען זאל עס בלויז אבשוויינקען.

וועגען זאלצען האט נאך דער רמב"ם געהייסען לאזען ליגען אין זאלץ ארום 20 מינוטען. נאר אלץ דערזעלבער רמ"א האט געזאגט, אז 20 מינוט איז נאר געגוג, ווען מען איילט זיך, לכבוד אורחים, אדער לכבוד שבת, אבער זאנסט, זאגט ער, איז „דער מנהג" צו לאזען ליגען אין זאלץ א גאנצע שעה. און ער הייסט ניט אנדערש טהון. היינט גייט פאלגט ניט דעם רמ"א!

אט אזוי איז דאס „כשר מאכען" ביסלעכווייז „ענטוויקעלט" געווארען פון גאר ניט ביז אויף ווייקען א האלבע שעה און זאל־צען א שעה. ווען ניט די אפיקורסת, וואס פערשפרייט זיך בעוונותינו הרבים, וואלט עס זיך מסתמא נאך ווייטער ענטוויקעלט, אפשר ביז א מעת לעת. פרומע אידען זשאלעווען ניט. זיי ווייסען אויך פון „ענטוויקלונג" און „פּבאגרעס" — צו אלץ מעהר פינסטערע חומרות!

ג ע ז ו נ ד ה י י ט? דאס ווייקען און זאלצען ציהט ניט ארוים דאס בלוט, אויך ניט קיין שום קראנקהייטס־שטאפען. דערפאר ציהט עס אבער ארוים די קרעפטען אי פון דעם פלייש אי פון דיא אירענע.

די דומהייט פון דיא איינבילדונג, אז דאס זאלץ ציהט ארוים דאס בלוט, קען מען זעהען פון דעם, אז ווען מען זאלצט אוים

אפילו א גאנצען אָקס ניט צושניטען, איז כשר; און אז מען צושניידט דאָס פלייש אויף קליינע פיצלעך, מוז מען איטליכעס פיצעל אויסזאַלצען פ ו ן א ל ע ז י י ט ע ן, אז ניט איז טרפה. אויב דאָס בלוט קען ארויס פון מיטען א גרויסען שטיק פלייש, ווען עס איז ניט צושניטען, וויבאלד מען זאלצט עס פון אויבען, טא פאר וואָס קען דאָס בלוט ניט ארויס פון צושניטענע שטיקלעך, וויבאלד מען זאַלצט זיי פון איין זייט?

דיא גאַנצע געשיכטע איז א'ן „ענטוויקעלטע" פינסטערע דומהייט.

## ג. — ח ל ב.

חלב איז נאָר טרפה פון א'ן אָקס, פון א שעפּסיל און פון א ציעג. מיר האָבען שוין אויבען גערעדט, אז דאָס איז טאבו ווייל גאָט וויל דיעזען פעטסטען חלק אליין פאר זיך, מען זאָל עס צו איהם מקריב זיין אויפ'ן מזבח.

ביי דיא געלעגענהייט וועלען מיר בעטראַכטען א פונקט, וואָס עס וועט אוראי ביי מאַנכע זיין א נייעס, — אז אייגענטליך האָט דער חומש אין גאנצען פערבאָטען אידען צו שעכטען בהמות און צו עסען זייער פלייש, סיידען ווען זיי ברייננגען די בהמות צום כהן אין גאָט'ס הויז און דער כהן איז זיי מקריב צו גאָט, און נעהמט פון זיי געוויסע טיילען פאר זיך און דעם חלב פערברענט ער פאר גאָט און דאָס בלוט שפּריצט ער פאר גאָט. און אַט דאָס מיינט מען, ווען עס שטייט, אז דער חלב און דאָס בלוט זאָל מען ניט אויפעסען: ניט אז מען זאָל עס אוועקוואַרפען מיינט מען, נאָר אז מען זאָל עס אוועקגעבען צו גאָט.

אזוי שטייט בפירוש!

נאָט איז א ווערטליכע איבערזעצונג דערפון:

„ווען וועלכער־עס־איז מענש פון דיא קינדער פון ישראל וועט שעכטען א'ן אָקס, אָדער א שעפּסיל אָדער א ציעג, אין דער מחנה, אָדער ארויס פון דער מחנה, און וועט דאָס ניט ברייננגען צו דער טהיר פון גאָטס הויז מקריב צו זיין דאָס פאר א קרבן צו גאָט — — זאָל עס דעם מענשען פערעכענט ווערען פאר א בלוט־

זינד, בלוט האט ער פערגאסען און דיעזער מענש זאל פערשניטען ווערען פון זיין פאלק". (ויקרא י"ז ג')

דערנאך שטייט, אז דאס בלוט און דעם חלב זאל מען לאזען פאר גאט „פאר א גוטען געשמאק צו איהם" (אזוי שטייט טאקי בפרוש).

נאר אין א שפעטערען חומש שטייט, אז אויב דאס אידישע לאנד וועט ווערען גרוים און א טייל פון דיא אידען וועלען וואהנען צו וזייט פון גאט'ס הויז, מעגען דיא, וואס וואהנען צו ווייט, אליין קוילענען זייערע בהמות, נאר דאס בלוט דאך ניט עסען. (דברים י"ב כ"א) הייסט דאס, אז דאס איז שפעטער געמאכט געווארען א הנחה פאר די ווייטע פון גאט'ס הויז. די נאהענטע אבער טארען אלץ פאר זיך ניט שעכטען, נאר פאר א קרבן צו גאט מוזען זיי אלע בהמות זייערע ברייגנען.

דער גרונד־געדאנק, אלזא, איז געווען, אז אלע בהמות געהע־רען איבערהויפט צו גאט. מען טאר זיי דעריבער איבערהויפט ניט טויטען און ניט עסען. עס איז בלוט־פערגיסונג! סיידען מען איז זיי מקריב צו גאט, און דאן, אז מען גיט אב צו גאט דאס זייניגע, — די נשמה פון דיא בהמה, דאס הייסט דאס בלוט, און דעם פעסטען חלק, דעם חלב, — און געוויסע וויכטיגע־חלקים דעם כהן, נאטירליך — מעג שוין דער מענש דאס איבריגע אויך עסען.

ד י א ט ר פ ה'נ ע ב ע ש ע פ ע נ י ש ע ן ט א ר מ ע ן נ י ט ע ס ע ן ו ו י י ל ז י י ז י י נ ע ן „ט מ א"; ד י א ט ר פ ה'נ ע ט י י ל ע ן פ ו ן כ ש ר'ע ב ע ש ע־פ ע נ י ש ע ן, פ ע ר ק ע ה ר ט, ו ו י י ל ז י י ז י י נ ע ן ק ד ו ש, ה י י ל י ג צ ו ג א ט !

אט דאס איז דער אמת'ער זין פון דעם פערבאט פון בלוט און חלב. דאס שטייט אזוי דייטליך און קלאר, אז מען דארף זיין ווער וויים וויא בלינד צו גלויבען אנדערע אויסטייטשונגען און פשט'לעך!

ווער עס קען זיך נאך היינט גלויבען אין א גאט, וואס וויל האבען אויף זיין חלק דאס פעטסטע און דאס בעסטע פון דער

בהמה, „פאר אַ גוטען געשמאק פאר איהם", דער זאָל נאָך היינט היטען ניט אויפצועסען גאָט'ס חלק. דער, אָבער, וואָס רעכענט, אז צו גלויבען אין אַזעלכע זאַכען איז שוין עפּעס ניט פאר היינ־טיגע צייטען, דער האָט ניט קיין שום אורזאַכען ניט צו עסען קיין בלוט און חלב. נאַטירליך ניט וויא יענער ישיבה־בחור־ אפיקורס, וועלכער האָט אָבגעקראַצט דעם חלב פון דיא לייכטערלעך אין בית המדרש און אויפגעגעסען אויף להכעיס. אַזאַ „הייליגען" חלב, זעהט איהר, זאָלט איהר טאַקי ניט עסען. אָבער פרישער חלב איז פּונקט אַזוי געזונד ווי אנדערע פעטס. מ ע ן ה אָ ט ע ס נ י ט פ ע ר ב אָ ט ע ן ו ו י י ל ע ס א י ז ע ר ג ע ר, נ אָ ר ו ו י י ל ע ס א י ז ב ע ס ע ר, פ ע ט ע ר, און דע־ריבער גאָט'ס חלק.

אז דיא רעליגיאָן האָט ניט געמיינט קיין געזונדהייט, קען מען אויך זעהן פון דעם פאַקט, דאָס פערבאָטען איז בלויז דער חלב פון דיא דריי מינים בהמות, אָקס שעפּס און ציעג. פון אנדערע בהמות איז כשר. און דיא פרומע אידען פון דיא והיין־לענדער עסען דעם חלב וואָס איז בעהעפט צום בויך. עס שטעהט בפרוש אז זיי מעגען און אנדערע ניט, ווייל זיי האָט מען מתיר געמאַכט. (רמ"א יו"ד ס"ד, ט"ו).

## ד. — ה י נ ט ע ר ־ ח ל ק.

דער הינטערשטער חלק פון דיא בהמה איז נראדע דער געזונד־סטער, קרעפטיגסטער און געשמאַקסטער. אַזוי ווייסט יעדער וואָס עסט דאָס און אַזוי שטעהט אין אַלע ביכער וועגען דיעט. עס איז דאָך טאַקע דער טהייערסטער טייל אויך. — און אידען עסען דאָס ניט.

דאָס איז אַ גאַנץ נייער פערבאָט, נאָך קיין הונדערט יאָהר ניט. אין מאַנכע ערטער עסען פרומע אידען נאָך היינט דעם הינטער חלק.

פאַר וואָס האָבען אונזערע רבנים אונז בעשאַפען דיעזען נייעם ווילדען „טאַבו", ערשט נאָך אין דיא צייטען ווען עס האָט שוין אנגעהויבען ליכטיג צו ווערען אויף דער וועלט?

דיא גאנצע געשיכטע שטאמט פון איינעם פון דיא קינ־דערשסטע לעגענדעס. יעקב אבינו האט זיך בעגעגענט מיט א מלאך, האט ער זיך געראנגעלט מיט איהם. האט דער מלאך יעקב'ן א ריק געטהאן אין דיא „לענדען" און אויסגעלענקט דארטען אן אדער (דער רמב"ם זאגט אז דאס אלץ האט זיך יעקב'ן נאר גע־חלומ'ט). שטעהט דערביי אזוי:

„דעריבער איז ביז'ן היינטיגען טאג א מנהג ביי אידען ניט צו עסען דעם ארויסגערוקטען לענדען־אדער".

דערפאר וואס דער מלאך האט פעררוקט דעם אדער פון יעקב'ן, דעריבער עסען ניט זיינע קינדער דעם אדער פון דיא אק־סען.

מילא, דאס איז טאקי זעהר א גרויסע חכמה. אז דער מלאך האט פארט אוועקגערוקט ביי יעקב אבינו דעם אדער, ווי קענען טאקי זיינע קינדער עסען דעם אקסישען אדער?

אבער וואס האט דאס צו טהאן מיט'ן הינטער־חלק? נעהמט מען ארויס דעם פעררוקטען אדער און זאל דאס הינטער־חלק וואויל בעקומען!

הערט־זשע אבער וואס עס דארף פאסירען: מיט א יאהר 80 צוריק, לערך, האט א טרייבערער אין פראג פלוצלונג געמאכט א געשריי, אז ער געפינט גאר ניט קיין פעררוקטען אדער אין א'ן אקס. אין א קוה יא, אבער אין א'ן אקס ניט! מען נעהמט זו־כען אין דיא אקסען — מען געפינט טאקי ניט! (ווי קומט דאס, וואס ביז דעמאלט האבען דיא טרייבערערס גאר געשוויגען? ווייסט איין גאט! צו האט ניט אמאל יענער מלאך ארויסגענומען פלוצ־לונג די רוק־אדערען פון אלע אקסען?) קלעהרט מען, אפשר מיינט דער פסוק טאקי גאר ניט דיא אקסען? (וועמען דען?...) געפינט מען אבער בפירוש אין דיא ספרים, אז דער דין וועגען דעם פער־רוקטען אדער געהט אי אויף זכרים אי אויף נקבות! זאגט איי־נער, אז דאס מיינט מען, אז דיא מ ע נ ש ע ן זכרים און נקבות דארפען דאס האלטען. זאגט א'ן אנדערער ניין, דאס מיינט מען אז ביי דיא ב ה מ ו ת זכרים און נקבות דארף מען דאס היטען. טא וואו־זשע פארט איז דער אדער אין דעם אקס?

אהין־אהער — שלעכט! זעהט מען דאך בעשיינפערליך, אז דא איז עפעס ניט גלאט מיט דעם הינטער־חלק. מען ווייסט הפנים גאר ניט, וועלכעס איז אייגענטליך דער רוק־אדער. בעהיט זאל מען ווערען! טאמער חס וחלילה איז ער ערגעץ בעהאלטען, און דא געה, עס, אז דער מלאך האט ביי יעקב אבינו פעררוקט!

האט מען זיך מיישב געווען, גלייכער דעם הינטער־חלק אין גאנצען ניט עסען. איז אזוי געבליבען. ושלום על ישראל! — — (שו"ת ח"ס ס"ט).

* * *

דאס טרייבערען איז ארויסצונעהמען בלוט־אדערען און חלב־אדערען. פון דיא אדערען, זאגען דיא רבנים, קען דאס זאלץ דאס בלוט ניט „ארויסציהען“, דעריבער מוז מען זיי אין גאנצען אויסטרייבערען.

## VII.

### ווען כשר'ע בעשעפענישען ווערען טרפה.

איצטער קומען מיר ערשט צו דיא אמת'ע טרפות. און דאס איז דער אינטערעסאנטסטער טהייל.

פערבאטענע בעשעפענישען הייסען אייגענטליך ניט „טרפה", נאר „טמא". דאס איז נאר אין עם־הארץ־לשון, וואס מען רופט זיי אויך „טרפה". זיי זיינען „טמא". און מיר האבען שוין געזעהען, אז טמא הייסט א זאך, וואס א בייזער רוח רוהט דערויף.

און ווידער דיא פערבאטענע טהיילען פון ניט־פערבאטענע בעשעפענישען זיינען אויך ניט טרפה, נאר הייליג צו גאט.

„טרפה" אבער איז שוין גאר עפעס אנדערש.

דער טייטש פון דעם ווארט „טרפה" איז — צוריסען פון א ווילדע חיה. אין דיא תורה שטעהט ניט מעהר, נאר אז פלייש וואס בלייבט אין פעלד פון א בהמה וואס איז צוריסען געווארען פון א ווילדע חיה, איז טרפה און מען זאל דאס ווארפען פאר דיא הינט. בפרוש שטעהט „אין פעלד". קומט אבער דיא גמרא און זאגט, אז זי ווייסט, אז משה רבנו האט איבערגעגעבען מינדליך און עס איז איבערגעגאנגען פון מויל צו מויל, אז דאס וואס ער זאגט „אין פעלד", „מיינט מען" ניט דוקא אין פעלד, נאר אלץ איינס וואו א בהמה ווערט בעשעדינט; און ניט דוקא בעשעדיגט דורך א חיה „מיינט מען", נאר פערשיעדענע בעשעדיגונגען פון א בהמה מאכען זי „טרפה".

גערעגקט־זשע גוט: ווירקליכע „טרפה" הייסט א קאלעטשעטע בהמה.

אבער וועלכע סארטען קאלעטשען מאכט א בהמה טרפה?

דערויף זאגט דיא גמרא, אז פון משה רבנו'ן אויפ'ן בארג סיני איז איבערגעגעבען געווארען מינדליך — כאטש שטעהן שטעהט

דאס ניט — אז אויך אכט ארטען קען א בהמה בעשעדיגט ווערען אז זי זאל זיין טרפה.

מיר וועלען באלד אויסרעכענען דיא אכט ארטען. לאמיר דא קודם גלייך אבפערטיגען איין אנדער פונקט, וועלכער וועט פאר איין גאנג געבען א שליסעל צו דעם גאנצען סעקרעט פון טרפה. דער אנדערער פונקט איז:

### א. — נ ב ל ה.

חוץ „טמא" און „טרפה" איז נאך דא א דריטער מין פערבאָ־טענע פלייש. דאס איז „נ ב ל ה". דער טייטש דערפון איז א פּאדלע, א פגירה, — א בהמה (אדער עוף), וואס איז אליין גע׳פּגר׳ט און ניט דורך מענשליכע הענד געקוילעט געוואָרען.

דאס, דאכט זיך, דארף דאך שוין יא זיין א גוטער פערבאָט פאר׳ן געזונד! געוויס איז דאך פלייש פון א בהמה, וואס איז אליין גע׳פּגר׳ט, אונגעזונד!

איינע פון דיא זאכען, וואס דער „דזשאנגל"־געשריי האט אויפגערעקט, איז דאס אין דיא שלאכט־הייזער אין שיקאגא ברענגט מען אזעלכע בהמות. וואס גוסס׳ן שוין און זיי וואלטען שוין קיין שטונדע ניט געלעבט. זיי קענען שוין אפילו ניט געהן צו דיא שחיטה. מען מוז זיי פיהרען אויף וועגעלעך.

אלזא, אזוי ווי ביי דיא אידישע רעליגיאן איז „נבלה" פערבאָטען, איז דאך „בשר כשר" על־כל־פנים בעוואָהרענט פאר די ע־זען סארט „דזשאנגל"־פלייש?

הויבט זיך גאר ניט אן! עס שטעהט בפרוש אזוי:

„ו ו ע ן ד ע ר ש ו ח ט ש ע כ ט א ב ה מ ה ו ו א ס א י ז ש ו י ן ל ע ב ע נ ס ג ע פ ע ה ר ל י ך (האלט ביים פגר׳ן), ו ו י מ ע ן ק ע ן ד א ס ז ע ה ן פ ו ן ד ע ם, ד א ס ו ו ע ן מ ע ן ש ט ע ל ט ז י א ו י ף, ק ע ן ז י נ י ט ב ל י י ב ע ן ש ט ע ה ן, א י ז ו ו י ב א ל ד ב י י ס ו ף ש ח י ט ה ה א ט ז י נ א ך א צ א פ ע ל ג ע ט ה א ן, א י ז ז י כ ש ר". (יו"ד י"ז א׳).

„וואס מיינט מען א צאפּעל געטהאן? ביי קליינע בהמות

און אלע חיות מיינט מען, ווען א פאדערשטען פוס האט זי אויס-געצויגען און צוריק איינגעצויגען, אדער א הינטערשטען פוס אויס-געצויגען אפילו ווען ניט איינגעצויגען. ביי גרויסע בהמות איז אלץ איינס מיט וועלכען פוס. אויב זי האט נאר איינגעצויגען אליין אדער אויסגעצויגען אליין, איז שוין כשר. און ביי עופות איז כשר אפילו ווען זיי האבען בלויז א מאך געטהאן מיט'ן אויג אדער א רודער געטהאן מיט'ן עק". (שם).

ווייטער שטעהט אזוי:

„דיא גרעסטע פון דיא רבנים פלעגען ניט עסען פון א בהמה וואס מען האט זיך געאיילט זי צו שחט'ן כדי זי זאל ניט פגר'ן. פערבאטען איז דאס ניט. ווער עס וויל אוף זיך נעהמען דיא שווערינקייט, איז געלויבט" (שם). „און דאס אויך נאר ביי בהמות וואס גע-הערען צו גוים. אבער בהמות וואס געהערען צו אידען זאל מען אפילו פון חסידות וועגען ניט טרפה מאכען אין אזא פאל, (ווען זי וואלט באלד גע'פגר'ט אויב מען וואלט זי ניט כשר גע'שחט'ען), וויל עס איז א שאד אידישע געלד. (ש"ך).

דא זעהט מען גאנץ דייטליך, אז דאס וואס א גע'פגר'טע בעשעפעניש איז טרפה איז ניט דערפאר וואס זי איז א שמוציגע פאדלע, געפעהרליך צום געזונד, נאר דערפאר וואס איהר נשמה איז ניט אויסגעגאנגען דורך דעם פרומען שניט פון דעם שוחט!

אויב דער שוחט האט זי אבער נאך געכאפט ביי דער לעצ-טער סעקונדע פון איהר פגירה און זי האט בעוויזען מיט איין ציה מיט א פוס, אז איהר נשמה איז נאך ארויסגעגאנגען דורך דעם אויפגעשניטענעם האלז, איז דיא פאדלע, דיא פגירה כשר!

מען דארף ניט זיין קיין גרויסער ווייסער אין דאקטאריע צו פערשטעהן, אז א סעקונדע פאר דיא פגירה איז אזא פאדלע ניט א האאר וועניגער שעדליך צום געזונד, ווי א סעקונדע נאך דיא פגירה! אבער וואס געהט דער רעליגאן אן אייער געזונד? זי

וויל בלויז, אז דער טויט זאָל זיין דורך דיא הייליגע פּרומע שחיטה, און ניט דורך אַ'ן אַנדער אורזאַכע. — און דאָס איז אויך דער גאַנצער טעם פון דיא ווירקליכע טרפה, דאָס הייסט פון דעם, וואָס אַ קאָלעטשעטע בעשעפעניש איז טרפה: זי איז טרפה, ווייל זי קען זיין טויט געוואָרען ניט דורך דיא פרומע שחיטה, נאָר דורך דיא וואונד!

דערמיט האָבען מיר קודם אָבגעפערטיגט דעם פונקט וועגען „נבלה". און פאר איין גאנג האָבען מיר געקראַגען דעם שליסעל אויך צו דעם גאנצען סעקרעט פון „טרפה" דורך קראנקהייט אין דער בהמה, — צו וואָס מיר קעהרען זיך יעצט צוריק:

## ב. — דער פונדאמענט פון טרפות" אין אלגעמיין.

איך וועל בעטען דעם לעזער זיך גוט צו מערקען אַט־אַ־דאָס:

דאָרטען, וואו אין דיא גמרא און אין דיא אנדערע ספרים איז גערעדט און גע'טענה'ט וועלכע קראנקהייטען אין דיא בהמה דאַרפען זי מאכען צו זיין „טרפה", דאָרטען זעהט מען דאָך טענות און חקירות און פּלפּולים, צו דאַרף דיא־און־דיא קראנקהייט יאָ מאַכען טרפה, צו ניט? נו, קען מען דאָך זעהן, ארום וואָס דרעהען זיך דיעזע חקירות און טענות און פּלפּולים? צו ארום דאָקטאָריע און נאטור־וויסענשאַפט? אויב זיי חקרה'נען דאָרין ניט לויט נאָך דיא נאטירליכע שעדליכקייט פון יעדע קראנקהייט, טאָ מיט וואָס דען רעכענען זיי זיך דאָרטען, בשעת זיי קלעהרען און טענה'ן און זיינען זיך מפלפל, וואָס עס דאַרף זיין טרפה און וואָס ניט? דאָ קען מען דאָך זעהן דייטליך, אויף וואָס קוקענדיג זיי האָבען גראָד אָבגעקליבען, אז דיא קראנקהייט מאַכט טרפה און יענע ניט? האָבען זיי ניט דערביי געקוקט אויף דיא נאַטירליכע ווירקונג פון דיא קראַנקהייטען?

העט־זשע גוט, ווערטהער לעזער, דיא ערקלעהרונג וועגען דעם. דאָס איז דער רעכטער עיקר:

דיא ערשטע רבנים האָבען דערביי

מאנכע מאל יא גערעכענט זיך מיט דיא נאטירליכע ווירקונגען פון יעדע קראנק־היט; אבער זיי האבען דערביי ניט גע־קוקט, וואס פאר א ווירקונג דיא קראנק־היט פון דיא בהמה קען האבען אויף דעם מענשען, וואס עסט איהר פלייש, נאר זיי האבען געקוקט, וואס פאר א ווירקונג דיא קראנקהייט וואלט געהאט אויף דיא בהמה — דאס הייסט, צו זי וואלט געפגר'ט אויבמען וואלט זי ניט געשאכטען מיט דעם פרומען שניט פון דעם שוחט!

עס איז נעמליך געווען א כלל, אז „טרפה" זיין דארף דיא קראנקהייט, מיט וועלכע דיא בהמה וואלט ניט געקענט לעבען 12 חדשים. („כל שאין כמוה חיה". משנה חולין מ"ב) דען אלע מינים טרפה דורך קראנקהייט אין דער בהמה זיינען דאך איי־גיינטליך, — ווי מיר האבען געזעהן, — נאר א'ן אויסברייטונג פון דעם וואס „טרפה" איז אין אמת'ן דער טייטש — פון דעם, וואס דער פסוק רופט „טרפה", — נעמליך, א פערצוקונג דורך א חיה. אט דאס איז אויסגעברייטעט געווארען אויף יעדע אנדערע עהנליכע בעשעדיגונג, וואס וואלט געמוזט זיין לעבענס־געפעהרליך פאר דיא בהמה. אויף דעם האבען זיי יא געקוקט, ווען זיי האבען געטראכט, וועלכע קראנקהייט זאל זיין טרפה און וועלכע נים. אבער זיי האבען גאר ניט געקוקט און ניט גע־וואוסט צו קוקען דערביי אויף דעם, וועלכע פון דיא קראנקהייטען פון דיא בהמה קען מאכען איהר פלייש אונגעזונד פאר דעם מענשען.

געוועהנליך נעהמען זיי אייגענטליך גאר ניט אין אנבעטראכט קיין נאטירליכע ווירקונג פון דיא קראנקהייטען, וואו זיי חקרה'־נען, צו דארף דאס אדער יענעס זיין כשר צו טרפה. דיא טענות זיינען געוועהנליך נאר פלפולים, צו האט דער תנא, וואס האט געזאגט אזוי־און־אזוי, געמיינט דיא קראנקהייט אויך, צו אין אזא פאל אויך, אדער ניט. דיא חקירות זיינען געוועהנליך ניט מעהר ווי

פלפולים וועגען דיא בעדייטונג פון ווערטער פון פריהעריגע תנאים.

נאר אייניגע מאל זיינען אין דיא גמרא, ביי דיא פלפולים וועגען כשר און טרפה, יא דא חקירות אין דיא נאטור פון דיא קראנקהייט, וועגען וועלכע מען איז זיך מפלפל: איינער זאגט, אז א געוויסע קראנקהייט אין א בהמה דארף זיין טרפה און דער אנ־דערער זאגט כשר און יעדער גיט א טעם צו זיין מיינונג פון דיא נ א ט י ר ל י כ ע  ו ו י ר ק ו נ ג פון דער קראנקהייט. און אט זיינען אייניגע ביישפיעלע פון אזעלכע שטיקלעך גמרא:

„רבי יוסי דער זוהן פון רבי יהודה זאגט, ווען דיא גאל קריגט א לאך איז טרפה. דיא אנדערע תנאים זאגען עס איז כשר. וואס טענה'ן זיי? זיי ברייגגען א בעוויז, אז דיא גאל קען זיין אין גאנצען אויסגעגאסען און דאך זאל מען קענען לעבען. פון וואנען בעווייזען זיי דאס? פון דעם וואס עס שטעהט געשריבען, אז איוב קלאגט: „מיין גאל איז אויף דר'ערד אויסגעגאסען" — און דאך לעבט ער!

„וואס זשע זאגט רבי יוסי דערצו? ער זאגט, אז פון איוב'ן איז קיין ראיה ניט, ווייל מיט איהם איז א נס גע־שעהן" א. ז. וו. (חולין מ"ג).

(דער אויסדרוק אין איוב איז נאטירליך ניט מעהר ווי א מליצה, א שטייגער ווי מען זאגט אויף אידיש „דיא גאל איז מיר געפלאצט פון יסורים". דאס פערשטעהען זיי ניט און נעהמען עס ווערטערליך).

„ר' יוסא בן נהוראי האט געפרעגט רבי יהושע בן לוי, ווי גרויס דארף זיין אלאך אין דיא לופט־רעהר, אז דיא בהמה זאל זיין טרפה? האט ער איהם געזאגט: עס שטעהט דאך בפרוש, — אזוי גרויס ווי א'ן איטאליענישער גילדען. האט ער געפרעגט: סטייטש ביי אונז אין שכנות איז דאך געוועז א שעפסעל, וואס זי האט געהאט אזא לאך אין דיא לופט־רעהר, האט מען איהר ארויפגעזעצט א הייטעל און ז י  ה א ט  ג ע ק ע נ ט  ל ע ב ע ן? (אלזא דארף זי דאך ניט זיין טרפה!) האט ער געענטפערט: אויף דעם

קוקסטו? אלא־מאי אלע ווייסען, אז ווען ביי א'ן עוף ווערט ארויסגעריסען דיא היפטע איז זי טרפה, און פונדעסטוועגען האט ר' שמעון בן חלפתא געהאט א היהנרעל, וואס איהר היפטע איז ארויסגעריסען געווארען, האט מען איהר ארייננגעזעצט א רעהרעל און זי האט געלעבט? נאר וואס רען? דאס בעווייזט נאך ניט, אז זי וואלט אזוי אויסגעלעבט גאנצע 12 חדשים? נו, איז מיט דיא שעפסעל אויך אזוי: מען קען ניט וויסען אויב זי וואלט אויסגעלעבט גאנצע 12 חדשים". (חולין נ"ז).

אט־א־דא זעהט מען ענדליך זעלטען אמאל, ווי דיא גמרא־לייט בעטראכטען דיא נאטור־ווירקונג פון א קראנקהייט, בשעת זיי קלעהרען, צו דארף דיא קראנקהייט מאכען דיא בהמה טרפה צו ניט. און וואס זעהט איהר זיי דא פארשען? זעהט איהר דא קלעהרען וויפיעל שעדליך איז דיא קראנקהייט פון דער בהמה פאר דעם מענשען (וואס עסט איהר פלייש?) ניין, איהר זעהט דא זוכען פאקטען, וויפיעל שעדליך דיא קראנקהייט איז פאר דיא בהמה'ס לעבען!

נו, פרעגט זיך אבער נאך ביי יעדען דאקטאר, וועט ער אייך זאגען, אז עס זיינען דא אהן א שיעור קראנקהייטען, מיט וועלכע דיא בהמה וואלט יא געקענט לעבען 12 חדשים, און דאך איז דערפון איהר פלייש זעהר שעדליך פאר דעם מענשען צו עסען; און פערקעהרט, הונדערטער קראנקהייטען, מיט וועלכע דיא בהמה וואלט ניט געקענט לעבען איין שטונדע, מאכען פון דעסטוועגען איהר פלייש אבסאלוט ניט שעדליך פאר דעם מענשען.

דיא געפעהרליכסטע בהמה פאר'ן מענשען'ס געזונד איז א שווינדזיכטיגע. א שווינדזיכטיגע בהמה, ווען דיא קראנקהייט איז נאך ניט ווייט פארטגעשריטען, קען לעבען אפילו צוועלף מאל צוועלף חדשים. איז זי ביי אידישקייט כשר! (אויב זי האט ניט געוויסע אנדערע סמנים).

פערקעהרט ווידער, ווען דיא בהמה קריגט — טאקי ווי אט אין דיא שטיקעל גמרא — דורך א שטאך א לאך אין האלז, וואס

דאָס מאַכט איהר פלייש אַ האָר ניט אונגעזונד פאַר'ן מענשען, איז זי דאָך טרפה!

דיא אונטערשטע שורה איז:

דער עיקר פון טרפה דורך קראַנקהייט פון דער בהמה איז אַ קינסטליכע בעשעדיגונג, דורך אַ ריס, אַ קלאַפּ, אַ שטאָך, אַ זעץ, און כדומה (וואָס דאָס מאַכט איהר פלייש גאָר ניט שעדליך פאַר דעם מענשען). אָבער אַ נאַטירליכע קראַנקהייט אין דער בהמה (וואָס מאַכט איהר פלייש שעדליך צום מענשען'ס געזונד) איז געוועהנליך ניט טרפה!

דאָס איז אין פּרינציפּ. שפּעטער וועלען מיר זעהן אויסנאהמען.

בעטראַכטענדיג אַלזאָ דיא זאַך אין אַלגעמיין, זעהען מיר גלייך, אַז כשרות מיט געזונדע פלייש, טרפות מיט אונגעזונדע פלייש, (געזונד און אונגעזונד צום עסען עס), זיינען צוויי גאַנץ בעזונדערע זאַכען.

און איצטער וועלען מיר באַלד דאָס זעלבע אויסגעפינען ווען מיר וועלען בעטראַכטען דיא ליסטע פון אַלע מינים טרפות דורך קראַנקהייט אין דיא בהמה.

איך קען אָבער ניט אַוועק פון דעם פּונקט איך זאָל ניט אויפמערקזאַם מאַכען דעם לעזער, ווי אַזוי דיא גמרא־לייט „פּאַרשען" דאָ אין דער נאַטור! וואו עס טרעפט זיך שוין יאָ אַמאָל אין אַ יובל, אַז זיי אינטערעסירען זיך צו וויסען אַ נאַטור־פאַקט און ווילען לויט איהם פּסק'ענען אַ שאלה, ווייסען זיי ניט פון קיין אַנדערען עקספּערימענט, ווי נאָר וואָס איינער האָט געהערט, וואָס עס איז געשעהן מיט אַ קעלבעל ביי איינעם אין שכנות, און מיט אַ היהנדעל עפּעס אַמאָל ערגעץ ביי ר' שמעון בן חלפתא! נעהמען אליין אַ קעלבעל און מאַכען אַזאַ עקספּערימענט און זעהן? ווי קומט דאָס צו רבנים?

און אַט פון אַזעלכע „פּאַרשער", וויל מען זיך איינרעדען, איז אַרויסגעקומען אַ נאַטירליך־ריכטיגע היגיענע!

* * *

אצינד קומען מיר צו דיא ליסטע פון אלע מינים טרפות דורך קראנקהייט אין דער בהמה:

אלזא: אויף אכט הויפט ארטען קען א לעבעדיגע בעשעפעניש ווערען טרפה. דיא ערשטע אותיות פון דיא נעמען פון דיא אכט מינים קראנקהייטען (אויף לשון קודש) זיינען:

„ד ז ח נ ק נ פ ש".

דאס מאכט: 1) דרוסה (פערצוקט פון א רויב־טהיר). 2) נקובה (געלעכערט). 3) חסורה (ווען עס פעהלען געוויסע טהיילען פון גע־בורט). נטילה (ווען א געוויסער שטיק קערפער איז אראבגענומען). 5) קרועה (ווען דער בויך איז אויפגעריסען). 6) נפילה (ווען דיא בהמה איז געפאלען). 7) פסוקה (ווען דער רוקען־מארך איז אי־בערגעריסען געווארען). 8) שבורה (ווען דיא ריפען זיינען צו־בראכען).

דאס זיינען דיא אלגעמיינע מינים טרפות. מען זעהט דא דייטליך, אז דאס זיינען אלץ מ ע כ א נ י ש ע ב ע ש ע ד י־ג ו נ ג ע ן, וועלכע מאכען דאס פלייש אבסאלוט נ י ט שעדליך און אונגעזונד צום עסען. פאר'ן מענשען'ס געזונד ביים עסען דאס פלייש איז נאטירליך קיין שום וויכטיגע נפקא מינה ניט, דורך וועלכען מ ע כ א נ י ש ע ן טויט דיא בהמה איז גע'הרג'עט געווארען, אזוי לאנג ווי זי האט ניט געהאט אין זיך אזעלכע נ א ט י ר ל י כ ע קראנקהייטען, וואס קענען איבערגעהן אויפ'ן מענשען. טרפה איז אבער גראדע א מעכאנישע בעשעדיגונג.

דער רמב"ם רעכענט אויס זיעבציג, מעהר איינצעלנע, מינים טרפות. איך וועל זיי דא איבערגעבען. דער לעזער וועט זעהן, אז דער גרעסטער טהייל פון זיי זיינען מעכאנישע בעשעדיגונגען:

1) ווען דיא בהמה איז פערצוקט געווארען פון א חיה. 2) ווען דער האלז איז דורכגעלעכערט געווארען. 3) ווען דיא הייטעל פון מוח איז געלעכערט געווארען. 4) ווען דער מוח איז צוריבען געווארען.

דאן ווען עס איז דורכגעלעכערט געווארען: 5) דאס הארץ,

6) דאָס האַרץ־רעהרעל, 7) דיא גאַל, 8) דאָס לעבער־רעהרעל, 9) דער מאַגען, 10) דער בויך, 11) דער „מסס“, 12) דער „בית הכוסת“ (געוויסע אינערליכע טהיילען), 13) דיא געדערים.

ווייטער: 14) ווען דיא געדערים זיינען ארוים און איבער־געקעהרט געוואָרען. 5“) ווען דיא מילץ איז אוועקגעריסען גע־וואָרען.

דאָ קומען שוין יא עטליכע נאַטירליכע פעהלערען, אָבער גע־בוירענע, ניט פון קיין קראַנקהייט. אַ טהייל פון אַזעלכע פעהלע־רען מעגען אפשר אַמאָל זיין שעדליך פאַר דעם לאַנגען לעבען פון דער בהמה; אָבער איהר פלייש שעדליך פאַר'ן מענשען צו עסען מאַכען זיי געוויס ניט. אַט זיינען זיי:

ווען עס פעהלען פון געבורט: 16) דיא גאַל, 17) דער מאַ־גען, 18) דער בויך, 19) דער „מסס“, 20) דער „בית הכוסת“, 21) איינע פון דיא געדערים.

ווען דיא בהמה ווערט געבוירען מיט איינע פון דיא אַלע 6 זאַכען דאָפּעלט, איז אויך טרפה. וואָרים דער דין איז, אַז וואָס צופיעל איז אַזוי גוט ווי עס וואָלט אין גאַנצען געפעהלט. דאָס מאַכט אַלזאָ נאָך 6 מינים טרפות — איז שוין 27.

איצטער קומט ווידער אַ רייהע טרפות, ווען עס ווערט דורכ־געלעכערט 28) דיא לונג, 29) דיא לופט־רעהר, 30) אַ רעהרעל פון אינעווייניג אין דיא לונג.

31) ווען אַ טהייל פון דיא לונג איז פערשטאָפּט. 32) ווען דיא לונג־רעהרליך זיינען צוריבען.

(דאָ קומען אייניגע מינים טרפות, וואָס זעהען אויס טאַקי צו זיין סמנים פון אַזעלכע קראַנקהייטען אין דער בהמה, וועלכע קענען איבערגעהן אויף דעם מענשען וואָס עסט איהר פלייש. אָבער דאָס זאָגט נאָר דער רמב"ם, דער דאָקטאָר, אַז זיי זיינען טרפה. דיא היינטיגע רבנים פסק'ענען ניט אַזוי און היינט איז אַ סך דערפון כשר, ווי מיר וועלען ווייטער זעהן. אַט זיינען דיעזע מינים טרפה):

33) ווען מען געפינט אין דיא לונג פערשטונקענע מאַטעריע. 34) אָדער פערשטונקענע וואַסער. 35) אָדער טריבע וואַסער וואָס

איז ניט פערשטונקען. 36) ווען דיא לונג איז צוריבען. 37) ווען זי האט א פערענדערטע קאליער. 38) ווען דער ושט (וויישעט) פערענדערט זיין קאליער. 39) ווען עס פעהלט א לאפען פון דיא לונג. 40) ווען דיא לאפענס זיינען פערביטען.

41) ווען עס איז דא א'ן איבריגער לאפען. 42) ווען דיא לאפענס זיינען צוזאמענגעוואקסען. 43) ווען זיי זיינען אהן איינ־שניטע. 44) ווען עס פעהלט א שטיק לונג. 45) ווען א טהייל פון דיא לונג איז פערטריקענט. 46) ווען דיא לונג איז אויפגעבלא־זען. 47) ווען זי איז איינגעשרומפען פון שרעק פון א מענשען.

48) ווען עס פעהלט א פוס. 49) ווען עס איז דא א פוס צו־פיעל.

ווייטער ווען עס איז אבגעריסען: 50) דער אדער־קנים. 51) דיא לעבער. 52) דיא אויבערשטע באק. 53)ווען דיא ניע־רען זיינען צו קליין. 54) ווען דיא ניערען זיינען בעשעדיגט. 55) ווען עס איז דא אין זיי מאטעריע, 56) אדער טריעבע וואסער, 57) אדער פערשטונקענע וואסער.

58) ווען דער רוקען־מארך איז איבערגעריסען, 59) אדער צוריבען. 60) ווען דער גרעסטער טהייל פון בויך־פלייש איז אוועקגעריסען. 61) ווען דיא אינוועניגסטע פעלל פון בויך איז אוועקגעריסען. 62) ווען דיא בהמה איז געפאלען און איהרע גליעדער זיינען פונאנדערגעריסען. 63) ווען דיא אדערען אין האלז זיינען אוועקגעריסען. 64) ווען דיא מעהרסטע ריפען זיינען צו־בראכען, 65) אדער זיי זיינען אויסגעריסען, 66) אדער איינע איז ארויסגעריסען צוזאמען מיט איהר רינג (ווירבעל). 67) ווען איין רינג פון רוקען־ביין איז ארויסגעריסען. 68) ווען דיא היפטע איז ארויסגעריסען פון ווארצעל. 69) ווען אין שארבען פון קאפ איז אויסגעבראכען א שטיק ווי א מטבע גרויס. 70) ווען דער גרעסטער טהייל פון שארבען איז צובראכען און צושמעטערט.—

אט דאס זיינען געננוי אלע מינים קראנקהייטען, וואס מאכען א בהמה טרפה, נאך דעם רמב"ם נאך.

זאל דער לעזער גוט בעטראכטען דיא אלע מינים טרפה, און ער וועט זעהן, אז דיא זעהר גרויסע מעהרהייט פון זיי זיינען

קינסטליכע בעשעדיגונגען, וואָס קענען דאָס פלייש ניט מאַכען שעדליך צום עסען. דאָס האָבען דיא רבנים אָבגעקליבען צו זיין טרפה, ווייל נאָך זייער מיינונג זיינען דיעזע בעשעדיגונגען זיכער שעדליך פאַר דעם לעבען פון דיא בהמה.

דאָס אליין איז אויך איינגענטליך פאַלש. יעדער דאָקטאָר וועט אייך זאָגען, אז זעהר א סך פון דיעזע בעשעדיגונגען זיינען פאַר דעם לעבען פון דיא בהמה אויך ניט זיכער שעדליך; זי קען פון זיי יאָ געהיילט ווערען און בלייבען לעבען. דאָס בעווייזט אַלזאָ שוין אויך, ווי דיא רבנים אונזערע האָבען ניט אַנגעהויבען צו ווי־סען דיא נאַטור. אפילו נאָך זייער כלל נאָך, אז טרפה איז אַזאַ פעהלער, וועלכער די י א ב ה מ ה קען ניט איבערלעבען, איז אויך זייער גאַנצע געביי פון הלכות טרפות געבויט אויף אַ פאַלשען נאַטור־פונדאַמענט, אויף פאַלשע „דאָקטאָריע" פון בהמות.

נאַר דאָס געהט מיך ווענינ אָן. דער עיקר איז, וואָס מיר זעהען, אז דיא זעהר גרויסע מעהרהייט פון זייערע מינים טרפות זיינען פ אַ ר ד ע ם מ ע נ ש ע ן ניט שעדליך, און שעדליכע זאַכען זיינען ניט טרפה.

נאָך דייטליכער וועט זיך דאָס ארויסצייגען, ווען מיר וועלען יעצט בעטראַכטען אייניגע מינים טרפות און כשרות. יעדען מין בעזונדער.

## ג. — א י י נ י ג ע מ י נ י ם ט ר פ ו ת א ו ן כ ש ר ו ת.

### 1. דער הויפּט־מין.

מיר האָבען געזעהן, אז דער פונדאַמענט פון טרפות איז אַ בעשעדיגונג פון דיא בהמה ד ו ר ך אַ ר ו י ב ־ ט ה י ר. אַלע איבריגע מינים טרפות זיינען נאַר אַ'ן אויסברייטונג פון דיעזע. לאָמיר־זשע זעהן, צוליעב וואָס מאַכט אַ בעשעדיגונג פון אַ רויב־טהיר טרפה?

אויף ווענען דעם געפינט זיך איין מאָל אין דיא גמרא אַ כלומר'שט „נאַטור־וויסענשאַפטליכער טעם.

זאָגט דיא גמרא: „וואָס איז דער טעם? ווייל בשעת דיא חיה שטעכט אריין איהרע נעגעל אין דיא בהמה, לאָזט זי אין

איהר אריין דעם גיפט". (מאי טעמא ? בהדי דדרים שדי זיהריה. חולין נ"ג).

דיעזער הויפט־טעם פון דיא הויפט־טרפה איז אבסאלוט פאלשע נאטור־וויסענשאפט!

עס איז ניט אמת, דאס אין דיא נעגעל פון דיא חיה איז דא גיפט! עס איז ניט אמת, דאס ווען דיא חיה שטעכט נאר אריין איהרע נעגעל אין דיא בהמה, מוז דיא בהמה שוין פגר'ן! דיא נעגעל פון דיא חיה שאדען דער בהמה ווייניגער ווי א שטאך מיט א טשוואק. א טשוואק, ווען ער איז פערראסטעט, קען ברייננען בלוט־פערגיפטונג. דיא נעגעל קענען פון זיך קיין בלוט־פערגיפטונג ניט ברייננען. סיידען ווען עס טרעפט, אז דיא חיה האט זיך פון דר'ערד אריינגענומען עפעס גיפטיגעס אונטער דיא נעגעל. אבער, אויב אזוי, קען דאך טרעפען, אז עס זאל זיך אריינכאפען עפעס גיפטיגעס אין וואסער וואס דיא בהמה טרינקט אויך! איבריגענס, וועלען מיר באלד זעהן, אז זיי מיינען ניט אריינגע־נומענעס גיפט פון דרויסען, נאר זיי מיינען, אז דיא חיה האט פ ו ן ז י ך אזא גיפט אין דיא נעגעל, ווי דער שלאנג אין זיין ביס. און דאס איז שקר וכזב! דיא רויב־חיה טויטעט נאר א בהמה, ווען זי צורייסט ביי איהר עפעס. וואס מוז זיין גאנץ אום דיא בהמה זאל קענען לעבען! אפילו א מענש קריגט ניט קיין בלוט־פערגיפטונג פון דיא נעגעל פון א חיה.

דא קומען ראציאנאליסטען און זאגען, אז דאס „מיינט מען" אזא מין גיפט, ווי דער גיפט פון הידראפאביא, ביי דעם ביס פון א משוגענעם הונד. אויב דאס איז אמת, דאן קען דאס טאקי זיין זעהר געפעהרליך אויך פאר דעם מענשען וואס עסט דערנאך דאס פלייש פון אזא בהמה.

אבער דיא וואס זאגען דאס זיינען ענטוועדער ליגנערס, וואס נאררען אייך אב אומישנע, אדער זיי ווייסען ניט.

דען דער גיפט פון הידראפאביא איז דער עיקר אין שפייעכטס, און ער קומט אריין אין א גוף ד ו ר ך א ב י ס; און א ב י ס, שטעהט בפרוש, מ א כ ט נ י ט ט ר פ ה! (אמר אביי אין דרוסה אלא ביד, לאפוקא שן דלא. חולין נ"ג). טרפה מאכט

נאר אַ שטאָך מיט דיא נעגעל! און אויך ניט מיט אַלע נעגעל.

גראדע א הונד מאכט ניט טרפה, ניט מיט זיין ביס און ניט מיט זיינע נעגעל! אזוי איז בפרוש דער דין (חולין נ"ג. א"ר יוסף. יו"ד נ"ז א).

א קאץ מאכט ניט טרפה קיין גרויסע בהמות, נאָר קליינע בהמות און עופות. און דאָ, ביי דיא קאץ, זעהט מען אויך א מערקווירדיגע שטיק נאטור־וויסענשאַפט אין דער גמרא. איינער זאָגט דאָרטען (חולין נ"ב:) אז א קאץ מאכט ניט טרפה, סיידען ווען מען וויל איהר קרבן מציל זיין פון איהרע הענד. דאָס מאכט זי אין כעס און דער כעס ברייננגט איהר גיפט אין דיא נעגעל אריין. פרעגט דאָרטען איינער: „סטייטש, ביי ר' כהנא איז דאך געוועזן א היהנדעל וואָס אַ קאץ איז איהר נאָכגעלאָפען, איז דיא הוהן אריין אין א בעזונדער חדר און דיא טהיר האָט זיך אליין פערמאכט, האט דיא קאץ א זעץ געטהאָן מיט איהר פיסעל אין דיא טהיר, זיינען געבליבען אויף דיא טהיר ווי פינף טראָפּענס בלוט. דאָס איז געוועזן פון דיא גיפט פון דיא פינף פינגער, וואָס דיא קאץ האָט נעהאט גרייט ארייננצולאָזען אין דיא הוהן אריין. זעהט מען דאך (?) אז ווען קיינער קומט ניט בעפרייען איהר קרבן קומט איהר אויך דער גיפט אין דיא נעגעל אריין. ענטפערט איי־נער, אז אַזאַ גיפט ברענט טאקי ניט. און דער אנדערער זאָגט, ווען דיא הוהן אליין בעפרייט זיך, קומט אויך דער גיפט אין דיא נעגעל אריין.

דאָ זעהען מיר ווידער, וואָס דיעזע גרינדער פון דיא רע־ליגיאָן האָבען געוואוסט פון נאטור און ווי ריכטיג עס איז זייער „וויסענשאַפט" אויף דיא איינציגע ערטער, וואו זיי ווילען שוין יאָ זעלטען אמאָל גרינדען זייערע לעהרען אויף נאַטור־פאַקטען!

עס איז ניט געשטויגען ניט געפלויגען — דיא קאץ האָט ניט קיין שום גיפט אין דיא נעגעל און עס איז ניט קיין שום אונטער־שיעד, צו זי איז אין כעס צו ניט! דאָס קען זיך יעדער איבער־ציינען!

אָבער פון וואנען האָבען זיי געזאָלט וויסען פון אמת'ע נאַ־

טור־וויסענשאפט, ווען זייערע נאטור־וויסענשאפטליכע „ערפאה־רונגען“ האבען זיי גענומען פון אט אזעלכע „פארשונגען“, וואס זיי האבען געהערט ווענען א היהנדעל מיט א קעציל וואס איז אמאל געווען „ביי ר' כהנא?“ נעהמען אליין און פרובירען און פארשען? — ווי קומט דאס צו מ ל מ ד י ם? מעגען זיי אפילו זיין דיא ערשטע גרינדער פון דער רעליגיאן!

דיא שפעטערע האבען הפנים טאקי אויסגעפונען, אז דיא מעשה פון דעם גיפט אין דיא קעצישע נעגעל איז עפעס ניט אזוי נאטור־וויסענשאפטליך ריכטיג. דיא שפעטערע זאגען נעמליך, אז אונזערע היינטיגע קעץ זיינען פריעדליכע און זיי קריגען ניט אזוי לייכט דעם גיפט אין דיא נעגעל אריין! דיא קעץ זיינען ציוויליזירט געווארען!... (יו"ד נ"ז ה').

און אט זיינען נאך איינינע דינים ווענען דיעזען הויפט־סארט טרפות. דיעזע דינים וועלען אייך ציינען, אז דאס איז ניט פערבאטען צוליעב הידראפאביע און איבערהויפט ניט ווייל עס קען ד ע ם מ ע נ ש ע ן שאדען. אויב עס װאלט געווען אזא סארט שעדליכקייט, וואלטען דיא אלע אונטערשיעדע קיין אונטער־שיעד ניט געמאכט. דיא גאנצע געשיכטע איז גענרינדעט אויף באבסקע „נאטור־וויסענשאפט“ און װענדעט זיך נאר, ווי ווייט עס קען זיין שעדליך פ א ר ד י א ב ה מ ה, לויט דיעזע מלמד'ישע „וויסענשאפט“. אט זיינען דיא דינים:

א לייב מאכט טרפה אלע בהמות. א וואלף נאר קליינע. א'ן אדלער מאכט נאר טרפה שעפסען און ציעגען און עופות, א. ז. וו.

א שטאך מיט דיא נעגעל פון דיא הינטערשטע פיס מאכט קיינמאל ניט טרפה. נאר מיט דיא פארערשטע פיס. דער „גיפט“ איז נאר אין דיא נעגעל פון דיא פארערשטע פיס.

דעם „גיפט“ לאזט דיא חיה אריין בשעת זי שלעפט דיא נעגעל צ ו ר י ק א ר ו י ס. הערינבער, ווען מען האט דיא חיה דער'הרג'עט איידער זי האט דערלעבט דיא נעגעל צוריק ארויס־צושלעפען, איז דיא בהמה כשר (שם. הכל עפ"י התלמוד).

לאז דאס זיין גענוג. איך קען ניט איבערדרוקען דעם גאנ־צען שולחן ערוך.

דער סך הכל איז, אז דער גאנצער בארג מיט דינים וועגן ריעזע הויפּט־טרפה׳ בעווייזט שוין אליין אזוי דייטליך, אז נאָר אבזיכטליכע פערבלענדונג קען דאָס ניט זעהן, דאָס דיא גרינדער פון דיא רעליגיאָן, ווען זיי האָבען זעלטען אמאָל יא גענומען אין בעטראַכט דיא נאַטור, האָבען געבויט זייערע דינים אויף פאַלשע נאַטור־לעהרען, אויף אוטוויסענהייט; און צווייטענס, אז זיי האָבען גאָר ניט אַנגעהויבען צו טראַכטען, וואָס עס קען שאדען דעם מענשען, נאָר זיי האָבען גע׳חקרה׳נט, וואָס עס קען שאדען דיא בהמה.

ווייל נעמליך דיא בהמה טאָר ניט האָבען געהאַט קיין אויסזיכט צו שטאַר־בען (קינסטליך) אנדערש ווי דורך דעם שוחט׳ס פרומען שניט! דאָס איז אלעס!

עס איז אָבער וואהרשיינליכער, אז דער „גיפּט“, וואָס זיי האָבען געזאָגט דאָס ער געפינט זיך אין דיא נעגעל פון רויב־טהירע, איז ניט געווען געמיינט נאַטירליכער סם, נאָר איבערנאַ־טירליכע „טומאה“. דיא נייעסטע עטהנאָלאָגישע פאָרשונג געפינט, אז ביי אלע ווילדע איז דאָ א׳ן איינבילדונג, דאָס א מין איבערנאַ־טירליכע „פליסיגקייט“ גיסט זיך פון טמא׳דיגע און פון הייליגע זאכען און קלעפּט זיך אַן אלעס, וואָס קומט דערמיט אין בע־ריהרונג. דאָס איז עס דיא „טומאה“ און אויך דיא „קדושה“, וואָס ביידע גליַיך מאכען אַ זאַך פערבאָטען צו עסען, און אָפּט אויך אַנ־צוריהרען — ווי מיר האָבען שוין גערעדט. איינגעבילדעטע איבער־נאַטירליכע „פליסיגקייט“ איז אויך דיא „אונריינינקייט“ פון אלץ, וואָס איז „טמא“ אין דיא אידישע רעליגיאָן. און זעהר וואהרשיינ־ליך, אז די זעלבע גייסטערהאפטע „פליסיגקייט“ איז דאָס אויך געמיינט מיט דיא „זיהרי“, וואָס זיי האָבען געגלויבט אז עס גע־פינט זיך אין דיא טייפלישע נעגעל פון׳ דיא חיות רעות.

2. וואָס עס איז כשר!

מיר האָבען געזעהן וואָס עס איז טרפה. מיר האָבען געזעהן, אז זיי מאכען טרפה׳ הויפּטזעכליך אזוינע קראנקהייטען, וואָס קענען דעם מענשען גאָר ניט שאדען.

בלייבט אבער דיא פראגע, איז וויינגסטענס זיכער, אז וואס עס איז כשר איז ניט שעדליך? מיט אנדערע ווערטער: איז דען ניט טרפה וואס עס איז טאקי שעדליך פאר דעם מענשען אויך?

דער ענטפער אויף דעם איז נאך פיעל אינטערעסאנטער, ווי אלץ וואס מיר האבען גערעדט ביז אהער.

מיר האבען געזעהן, וואס עס איז טרפה. יעצט וועלען מיר אבער עפעס זעהן שעהנע זאכען, וואס עס איז כשר! מיר וועלען דאס זעהן הויפטזעכליך אין נעקסטען קאפיטעל, וואו מיר וועלען רעדען וועגען דעם, וואס דער שוחט זוכט אויף דיא לונגען. דא וועלען מיר פארלויפיג געבען בלויז איניגע ביישפיעלע ארוים פון א גאנצען אונגעהייערען בארג פון אנדערע מינים טרפות:—

ווען דער מוח פון דער בהמה איז צוגעפוילט אדער אנגעגריפען (אלץ איינס דורך וועלכע קראנקהייט), איז כשר. (יו"ד ל"א ב.)

ווען דאס הארץ איז געלעכערט ניט דורך ביז אין חלל, איז אויב דאס איז פון א קראנקהייט איז כשר און אויב מיט א דארן אדער מיט א מעסער איז טרפה! (יו"ד מ. א.)

ווען דיא לעבער איז פערטרוקענט, אז מען קען זיא ברעקלען מיט'ן נאגעל, און עס איז אין איהר געבליבען איין כזית גאנץ, איז כשר (יו"ד מ"א ג.).

ווען דער לעבער איז ווערימדיג, איז כשר! (שם ה').

וועלכע ווערים, איז קיין נפקא מינה ניט.

ווען עס איז ערגעץ דא א לאך אין דיא געדערים, מעג עס זיין פון א קראנקהייט, איז ווען דאס לאך איז פערשטעלט דורך כשר'ע פעטס איז כשר (יו"ד מ"ו).

דא האט איהר א דייטליכען פאל, וואו דער דאקטאר וועט מאכען טרפה און דער רבי וועט מאכען כשר: ווען שווינדזוכטבאצילען האבען ערגעץ אויסגעפרעסען א לאך אין דיא געדערים, אבער כשר'ע פעטס פערדעקט דאס לאך, וועט דער דאקטאר זאגען, אז איהם נוצט ניט וואס דאס לאך איז פערדעקט און דיא

ב ה מ ה האט געקענט לעבען, דיא שווינדזוכט־באצילען זיינען געפעהרליך פ א ר ד ע ם מ ע נ ש ע ן, דעריבער מוז דיא פלייש אוועקגעווארפען ווערען. דער רבי אבער זאגט: מיך געהט נאר אן, אויב דיא בהמה האט געקענט לעבען. אזוי ווי דיא פעטס האט פערשטעלט איהר לאך, האט זי געקענט לעבען, איז כשר!

בלאזען אין דיא געדערים קענען נאר זיין טרפה אין דיא לונג; ערגעץ אנדערש איז אלע מאל כשר, אפילו ווען דיא בלא־זען האבען אין זיך פערשטונקענע פליסיגקייט. (יו"ד מ"ו ו'. באה"ג שם).

ווען א'ן עוף האט א טיעפע מכה אונטער דיא פליגעל, זאל מען אריינגיסען וואסער אין דיא מכה און אריינבלא־זען מיט א שטרוי דורכ'ן העלזעל פון דעם עוף: אויב דאס וואַ־סער אין דיא מכה בלעזעלט זיך ניט, איז כשר! (יו"ד נ"ג ה'). דאס קען זיין לאקאלע שווינדזוכט.

זאלען דיעזע אלע דינים זיין גענוג אלס א קליינער ביישפיעל פון נאך א מאסע אזעלכע, צו צייגען, אז פונקט אזוי ווי זאכען וואס זיינען טרפה זיינען ניט שעדליך צום עסען, אזוי זיינען ווידער דא א סך קראנקהייטען אין דיא בהמה, וואס זיינען יא שעדליך צום עסען, און דאך זיינען זיי כשר.

ביי אלע מכות און געשווירען אין די געדערים איז איבער־הויפט דער כלל, אזוי ווי אין דעם לעצטען פונקט, וואס מיר האַ־בען דא געבראכט: אויב זיי זיינען שוין אזוי וויים פארטגע־שריטען, אז זיי האבען דורכגעלעכערט א וויטאלען פונקט, איז טרפה, ווייל די בהמה וואלט ניט געקענט לעבען. אז ניט, איז כשר. פאר'ן מענשענ'ס געזונד קענען מכות און געשווירען אין דער בהמה זיין געפעהרליך, אפילו ווען זיי געפינען זיך אויף א ניט־וויטאלען פונקט, און אפילו ווען זיי האבען זיך ערשט בע־וויזען דעם ערשטען טאג און האבען נאך זעהר ווייניג אויסגעפוילט אין דער בהמה. אבער כשר איז עס!

און אט איז א גאנץ דייטליכער בעווייז, ווי דיא רעליגיאן האט דא נאר געקוקט צו דיא בהמה האט געקענט לעבען; או־

ווי אפילו ביי דעם האָט זי גאָר ניט געפרעגט נאָך דעם, וואָס די וויסענשאפט בעווייזט.

דער רמב"ם איז שוין געווען א גרויסער דאָקטאָר (פאַר זיין צייט). אָבער וואו ער שרייבט רעליגיאָן, איז עס רעליגיאָן און ניט קיין וויסענשאַפט. זאָגט ער דערביי אַט אזוי:

צוליעב אלע אנדערע קראנקהייטען, וואָס קענען טרעפען אין די בהמה אָדער חיה אָדער עוף, זאָל מען ניט מאכען טרפה. דען פון אלע אנדערע קראנקהייטען, חוץ די וואָס אונזערע רבנים האָבען געמאכט טרפה, קען די בהמה יא בלייבען לעבען, אפילו ווען מיר ווייסען פון די מעדיצינישע וויסענשאַפט, אז זי קען ניט בלייבען לעבען"!!! (הלכות שחיטה י' י"ב).

אַט אזוי פערבויגט אפילו א רמב"ם זיין וויסענשאַפטליכע וואהרהייט פאַר די רעליגיאָן! און אפילו ער, דיעזער גרויסער היגיעניסט (פאַר זיין צייט), רעדט איבערהויפט דאָ ניט פון די קראנקהייטען אין דער בהמה, וואָס מאכען איהר פלייש שעדליך צום עסען פאַר דעם געזונד פון דעם מענשען, נאָר פון אזעלכע, פון וועלכע די בהמה וואָלט ניט געקענט בלייבען לעבען.

## VIII.

### וואָס זוכט דער שוחט אין די לונגען?

אָבער, וועט דער לעזער פרעגען, וואָס איז מיט דיא „בדיקה"? איז ניט דעם שוחט'ס בדיקה אַ פערזיכערונג, אַז דיא לונגען פון דער בהמה זיינען ריין און געזונד?

לאָזט זיך ניט נאַרען, ליעבער לעזער! לאָט זיך ניט איינ־רעדען, אַ דער אונוויסענדער מלמד'יל, וואָס ווערט אַ שוחט, ווערט פון העללער הויט אַ וויסענשאַפטס־מאַן און קען דאָקטאָריע און ווייסט וואָס עס איז געזונד און וואָס אונגעזונד נאָך די נייעסטע וויסענשאַפט!

הערט זיך צו צו דעם ריינעם אמת וועגען דיא בדיקה.

* * *

פאַר אַלע מעשיות איז אַ בפרוש'ער דין, אַז פאַר כשרות דאַרף מען גאָר ניט אונטערזוכען. מען דאַרף ניט קיין שום אינספעקציאָן. אַזוי לאַנג וויא מען האָט ניט פאָראויס קיין אורזאַכע חושד צו זיין, אַז דיא בהמה איז בעשעדיגט אויף איינע פון דיא אויסגערעכענטע ארטען, דאַרף מען גאָר ניט זוכען, מען קען זיך פערלאָזען, אַז עס איז אַלץ כשר. נאָר ווען דער קצב אָדער דיא אידענע געפינט דערנאָך עפּעס אַ שאלה, דאַרפען זיי געהן פרעגען. דיא אַלע דינים זיינען נאָר פאַר'ן רב, וויא צו פסק'ענען ווען מען פרעגט איהם אַ שאלה. אַז מען פרעגט ניט קיין שאלות איז ניט טרפה. זוכען שאלות דאַרף מען ניט. אַזוי איז גאַנץ בפרוש דער דין. (יו"ד ל"ט א'.)

דאָס אַליין מאַכט שוין אַ סוף צו דיא גאַנצע איינבילדונג, אַז כשר'ע פלייש האָט אַ גוטע אינספעקציאָן און איז זיכער פאַר קראַנקהייטען.

נאר אין איינציגע זאך איז ש פ ע ט ע ר איינגעפיהרט גע־ווארען נאכצוזעהען, דאס איז דיא לונג, און נאר אויב דיא לא־פענס קלעפען איינע אן דיא אנדערע. דאס הייסט א „סרחא". און אויף דעם שטעהט: „ווער עס געהט היינט אראב פון דיעזען נייעם וועג און עסט פלייש אהן אונטערזוכען דיא לונג, דעם זאל דיא שלאנג בייסען". אלזא, עס איז א'ן עברה פאר גאט; גאט וועט שטראפען. עס שטעהט ניט, אז עס וועט שאדען צום געזונד. עס קומט טאקי ניט צום געזונד.

פרעגט א דאקטאר, צו קען ניט א בהמה האבען אין זיך קראנקהייטס־שטאפען, ווען אויף דיא לונג איז אפילו קיין צייכען דערפון ניטא! זיא קען האבען שווינדזוכט אויפ'ן הארץ, אויף דיא לעבער, א. ז. וו. דער שוחט אבער אונטערזוכט קיין זאך ניט, נאר דיא לונג בלאזט ער היינט אן און בעטראכט זיא. און דאס אויך ניט אומעדום.

ניט אומעדום בלאזט מען אן די לונג. כדי זיא צו אונטערזוּ־כען. אין א סך ערטער בלאזט מען ניט אויף סיידען ווען עס איז דא א סרחא. „און דאס איז ריכטיג אזוי", זאגט דער שולחן ערוך. (רמ"א ל"ט).

ווען דיא לונג ווערט פערלארען איידער מען האט זיא אונ־טערזוכט, בלייבט דיא גאנצע בהמה דאך כשר (שם ב'), נאר דער רמ"א זאגט, אז ווען עס איז ניטא קיין גרויסער געלד־שאדען, זאל מען אין אזא פאל בעסער די בהמה ניט עסען. אבער ציעגען, שעפסען און חיות זיינען אין אזא פאל אלע מאל כשר. גאר אהן אונטערזוכונג.

און, וויא געזאגט, דאס איז ערשט גאר שפעטער איינגעפיהרט געווארען, אז אין דיא בהמה זאל מען מאכען א בדיקה, און אין פאל מען געפינט, טאפענדיג מיט דיא הענד, א „סרחא", דאס הייסט, אז דיא לאפענס פון דיא לונגען זיינען אנגעקלעפט איי־נע אן דיא אנדערע, זאל מען דיא לונג אנבלאזען און גענויער אונ־טערזוכען. דער רמב"ם זאגט נאך בפרוש, אז נאכ'ן דין נאך, איז אזוי לאנג מען האט ניט צופעליג אליין געפונען א שאלה, דארף מען גאר ניט זוכען, נאר יעדע געשאכטענע בהמה איז ממילא

כשר, אהן שום אינספעקציאן! (הלכות שחיטה פ' י"א ג') און דער ראב"ד זאגט דארטען (סימן ז'), אז אזוי דארף עס בלייבען!

דאס מאכט א סוף צו דיא גאנצע התפעלות'דיגע בעוואונדע־רונג פאר דיא „אידישע פלייש־אינספעקציאן". עס איז פריהער גאר ניט געוועזן קיין שום אינספעקציאן!

וואס אבער זוכט דער היינטיגער שוחט אויף דיא לונג?

מיר בעטען דעם לעזער גוט צו בעטראכטען אט־א־דיא דריי פונקטען:

פונקט 1) עס איז אמת, עס זיינען דא אזעלכע סימנים פון קראנקהייטען אויף דיא לונגען, ביי וועלכע דער דין איז „טרפה". און זיי זיינען טאקי אויך סמנים פון אונגעזונדע פלייש, אונגעזונד, הייסט עס, פאר דעם מענשען צו עסען. דאס איז אבער דאס רוב נאר אין דעם פאל, וואו דיא רבנים האבען געדענקט, אז דאס קען קומען פון א שטאך און אז דאס וואלט זיכער געמאכט דיא בהמה שטארבען פאר 12 חדשים.

פונקט 2) דאגעגען אבער זיינען זעהר א סך פעהלערען אין דיא לונגען טרפה, וואס זיינען ניט אונגעזונד.

און — וואס דאס ערגסטע איז

פונקט 3) א סך פעהלערען אויף דיא לונג זיינען כשר, כאטש זיי צייגען, אז דאס פלייש איז זעהר אונגעזונד פאר דעם מענשען צו עסען.

לאמיר יעצט בעטראכטען די דריי פונקטען:

1) אז מיט אייניגע סמנים פון טרפה האבען זיי גראד גע־טראפען אויף אזעלכע, וואס זיינען אויך סמנים פון אונגעזונדהייט צו עסען דאס פלייש, איז קיין וואונדער ניט, און דאס צייגט גע־וויס גאר ניט אויף קיין אויסגענומענע חכמה פון דיא רבנים. זייער כלל איז געוועזן, אז א דורכגעלעכערטע לונג איז טרפה, ווייל עס קען זיין פון א שטאך און דערפון וואלט דיא בהמה שטארבען אהן הייליגע שחיטה. אלץ וואס מאכט א חשד, אז דיא

לונג קען זיין דורכגעלעכערט, האבען זיי דעריבער געהייסען אונ־טערזוכען. נאטירליך האבען זיי דערביי זיך אויסגעלערענט דער־קענען, וועלכע סמנים ציינען אויף א לאך. און אזעלכע סמנים זיי־נען נאטירליך מאנכע מאל אויך צופעליג צייכענס פון אזא אונגע־זונדקייט אין דער בהמה, וואס קען שאדען דעם מענשען וואס עסט איהר פלייש.

פון דיעזען צופאל האט זיך יגעראדע אזוי געמאכט, דאס דיא אידישע געזעצען וועגען טרפות האבען מאנכע מאל פערהיט אידען פון עסען אונגעזונדע פלייש, דעמאלט ווען ביי אנדערע פעלקער איז נאך גאר קיין פלייש־אינספעקציאן ניט געווען. דאס איז אמת. און דאס איז געווען א גליק פאר אידען.

אבער דאס איז נאר געווען אין דיא צייט פון אונוויסענהייט. ווען קיין בעסערע אינספעקציאן איז אין ערגעץ ניט געווען, זיי־נען דיא אידישע טרפות־געזעצע אויך געווען בעסער וויא גאר ניט. היינט אבער, לויט וואס דיא וויסענשאפט ווייסט היינט, וואס עס קען אלץ זיין אין דיא בהמה שעדליך פאר'ן מענשען, זיינען דיא אידישע טרפות־געזעצע גאר קיין פערזיכערונג ניט, אז כשר פלייש איז ריין פון אזעלכע שעדליכקייטען!

מיינע געגנער וועלען ברענגען דיא עטליכע דינים פון טרפות פון פונקט 1 — דיא טרפות'ן, וואס זיינען טאקי אויך צייכענס אז דאס פלייש איז אונגעזונד פאר דעם מענשען, און זיי וועלען זאגען, אז דאס איז דיא „אנדערע זייט", וואס איך פערשווייג. אבער איך גיב צו, אז עס זיינען דא אזעלכע, און גענוג. עס איז ניט מיין עסק דיעזע מינים אויסצורעכענען, דען דאס ענדערט גאר ניט אין דער זאך. וואס העלפט עס, ווען אייניגע סמנים פון טרפה זיינען טאקע אונגעזונד, וויבאלד אבער א סך אנדערע סמנים פון אונגעזונדקייט זיינען כשר?!

ווען עס איז פערקעהרט, ווען מיינע געגנער ברייגגען נאר דיא טרפות פון פונקט 1, וואו אונגעזונדקייט און טרפות זיינען גלייך, און זיי פערשווייגען דיא פון פונקטען 2 און 3, וואו זיי זיינען ניט גלייך, נארען זיי דאך אייך. דען דיעזע פונקטען צו־קלאפען דאך שוין זייער גאנצע בעהויפטונג, אז כשרות פ ע ר ז י־

כ ע ר ט געזונדקייט. אויב עס זיינען דאָ אפילו נאָר אייניגע סמנים פון אונגעזונדקייט וואָס זיינען דאָך כשר, איז דאָך שוין כשרות ניט קיין פערזיכערונג! ווען אָבער איך ברייננ דיעזע פונקטען פון 2 און 3, אפילו ווען איך זאָל גאָר פערשווייגען פונקט 1, נאָרר איך אויך קיינעם ניט. דען יעדענפאַלס האָב איך דאָך בעוויזען, אז עס זיינען דאָ כשרות'ן וואָס זיינען אונגעזונד און טרפות'ן וואָס שאַדען גאָר ניט!

2) אז זעהר א סך טרפות אויף דיא לונג זיינען גאָר ניט אונ־געזונד, ווייסען מיר שוין פון דעם, וואָס א לאָך דורך א דאָרן אָדער א נאָדעל, און אלערליי וואונדען פון אזעלכע מ ע כ א נ י־ש ע בשעדיגונגען אין דיא לונג, זיינען טרפה (ווען דורך־און־דורך), און דאָס איז דאָך ניט א האָר אונגעזונד! וואָס איז דער אונטערשיעד פאַר'ן מענשענס געזונד צו דיא בהמה איז געטויטעט געוואָרען דורך א שניט אין האַלז, צו זיא וואָלט שפּעטער טויט געוואָרען דורך א מעכאַנישע לאָך אין דיא לונג?

און אצינד קומען מיר צום דריטען און וויכטיגסטען פונקט:

3) געפעהרליכע לונגען־קראַנקהייטען, וואָס זיינען כשר: אָט זיינען אייניגע פון זיי:

א) ווען אין דיא לונג געפינען זיך ווערים, איז כשר אפילו ווען עס איז דאָ א לאָך דורך און דורך, ווייל מען מעג אָננעהמען, אז דיא ווערים האָבען דורכגעפרעסען דעם לאָך נאָך דיא שחיטה. (יו"ד ל"ו ה') ווערלכע סאָרטען ווערים, שטעהט קיין שום נפקא מינה ניט. — געוויסע ווערימלעך (אקטינאָמיקראַזים) אין דיא לונג זיינען גראַדע דאָס געפעהרליכסטע פאַר'ן מענשען!

ב) ווען א שטיק לונג פעהלט, אויב זי איז נאָר ניט דורכ־געלעכערט דורך־און־דורך, איז כשר. (שם ח') דאָס קען גראַדע זיין פון שווינדזוכט. איז עס כשר!

ג) ווען אין דיא לונג איז דאָ איין אָרט פערשטאָפּט און ווען מען בלאָזט אין איהר אריין בלאָזט זיך דער פלאַץ ניט אויף, נעהמט מען א מעסער און מען שניידט דורך דיא לונג לעבען דעם סאַמע פלאַץ וואו עס איז פערשטאָפּט, און ו ו ע ן מ ע ן ג ע פ י נ ט ד אָ ר ט ע ן א י נ ו ו י י נ י ג פ י י כ ט י ג ק י י ט („ליחה“, מאַ־

טעריע), איז כשר, ווען ניט, איז טרפה!
(שם ט').

דער „שכל" איז, אז ווען עס איז דא מאטעריע, האט דיא מאטעריע דאס געשטערט דעם ווינד דורכצוגעהן. אז ניט, איז עס א „סרחא", איז טרפה.

אלזא, מאטעריע אין דיא לונג איז כשר. זאל וואויל בעקומען!

ד) ווען דיא גאנצע לונג איז איינגעשרומפפען, אויב דאס איז פון דעם, וואס די בהמה האט געהאט שרעקעניש, איז אזוי: אויב די שרעקעניש איז געקומען פון גאט, א שטייגער פון א דונער, פון א בליץ, אדער פון דעם געשריי פון א לייב, איז כשר. ווען דיא שרעקעניש איז געקומען פון מענשען, למשל פון דעם, וואס זיא האט געזעהן ווי מען קוילעט א'ן אנדערע בהמה, איז טרפה.
(שם י"ד).

זאלען דיא ראציאנאליסטען אויסטראכטען אויף דעם א נאטירליכע היגיענישע ערקלעהרונג, ווי א שרעקעניש אין דיא בהמה פון גאט מאכט אהר פלייש ניט שעדליך צום עסען און א שרעקעניש פון א מענשען יא!

דער טעם איז אבער גאר פשוט. דאס שטימט מיט דעם גאנצען סיסטעם פון טרפות: טרפה איז א מעכאנישע בעשעדיגונג פון דער בהמה, פון וועלכע זיא וואלט זיכער געפגר'ט (לויט זייער מלמד'ישע „וויסענשאפט"). אבער א חולאת אויף דיא בהמה „פון גאט" מאכט זי געוועהנליך ניט טרפה, אזוי לאנג ווי מען האט זיא כשר געשאכטען ווען זיא האט נאך געלעבט. עס איז דאך ניט ערגער ווי א'ן אלטע פארלע, וואס וואלט שוין נאך א סעקונדע גע'פגר'ט. זיא איז דאך אויך כשר, ווען מען כאפט און מען שעכט זיא ווען זיא זשיפעט נאך, וויא מיר האבען שוין געזעהן.

ווייטער:

ה) ווען אויף דיא לונגען זיינען דא אויף פערשיעדענע ערטער בלאטערן, אפילו ווען זיי זיינען זעהר גרויס, סיי ווען זיי זיינען אנגעבלאזען מיט ווינד, אדער ריינע וואסער, אדער מא־

טעריע, וואָס ציהט זיך ווי האָניג, אָדער עהנליכע מאַטעריע, אָדער פערטרוקענטע און פערהארטעוועטע מאטעריע, אפילו אזוי הארט וויא שטיין, און אפילו ווען דיא מאַטעריע גיט אַ שלעכטען גע־רוך, אָדער דאָס וואסער איז טריעב, אָדער עס שטינקט, איז אלץ — כ ש ר! (יו"ד ל"ז א'). טרפה איז נאָר מאנכע מאָל, ווען עס זיינען דאָ צוויי בלאָטערן גאנץ נאָהענט איינע צו דיא אנדערע און זיי גיסען זיך ניט צוזאמען. איז אויך ניט אלע מאָל טרפה.

יעצט בעטראַכט גוט אָט דיעזען מערקווירדיגען דין:

ו) ווען דיא לונג איז צוגעוואקסען צו דיא וואנד פון דיא ברוסט, איז אויב אין דיא וואנד אינעוויי־ניג איז דאָ אַ מכה, איז כשר, און מען דארף דיא לונג שוין אפילו ניט אונטער־זוכען; אויב ניט, איז טרפה. אַ מכה מיינט מען נאָר א'ן אמת'ער געשוויר, אזוי ווי ביי קרעץ, — נאָר אזא מכה, אז עס איז דאָ, איז כשר. אבי פלעקלעך איז ניט כשר. (ל"ט כ"ב).

ווי געפעלט אייך אָט־אָ־דיא כשר'ע „היגיענע", האָ?! א מכה איז כשר, אָהן אַ מכה איז טרפה!

דער שכל דערפון איז, אז ווען עס איז דאָ אַ מכה אין דיא וואנד פון דיא ברוסט, קען מען זאָגען, אז דיא לונג קלעפּט ניט ווייל אין איהר איז דאָ אַ פעהלער, נאָר זיא איז צוגעקלעפּט דורך דיא מכה אין ברוסט־וואנד, און דאָס איז כשר. אויב אין דיא וואנד איז ניטאָ קיין מכה, איז א סמן, אז דער פעהלער איז אין דיא לונג און עס קען קומען פון אַ געלעכערטע לונג, און דאָס איז טרפה.

א טייל פון דעם כלל פאסט אפילו יא אויך פאר געזונדהייט. ווען אין דיא וואנד איז דאָ א'ן אונגעפעהרליכע וואונד און ווען אין דיא לונג איז אויף דעם אָרט אויך ניטאָ קיין גע־פעהרליכע וואונד, איז טאקי דאָס, וואָס דיא לונג קלעפּט אָן דיא וואנד ניט קיין סימן פון אַ שווינדזוכט אויף דיא לונג. אָבער צו־ליעב היגיענע מוז מען דאן פריהער נאָכזעהן, אויב דיא מכה אויף דיא וואנד איז ניט אליין פון שווינדזוכט, און אויב אויף דיא לונג איז ניט אויך דאָ אַ

שווינדזוכט־וואונד אויף דעם ארט. דאס וואלט מען געמוזט טהאן, ווען מען זאל קוקען אויף דעם, אויב דאס פלייש איז ניט שעד־ליך פאר'ן מענשען צו עסען. דער שוחט אבער קוקט ניט אויף דעם. ער קוקט נאר, אויב עס איז דא „א חשד" אויף א לאך אין דיא לונג דורך־און־דורך, דאס הייסט, אויב דיא בהמה וואלט געקענט לעבען. דעריבער, ווען ער זעהט א מכה אויף דיא ריפען, איז כשר און ער קוקט שוין גאר ניט, וואס פאר א מכה דאס איז, און ער דארף שוין גאר ניט זוכען, וואס אויף דיא לונג איז אויף דעם ארט.

ז) ווען דיא לונג איז אפילו אין גאנצען געפלעקעלט, אויב מיט כשר'ע פלעקען, איז זיא כשר. דיא כשר'ע פלעקען זיינען: גרוי, גרין, רויט און לעבער־קאליר.

דיא אלע קאלירען קענען זיין פון שווינדזוכט.

לאז דאס זיין גענוג! דער שלחן ערוך איז צו גרויס.

אט אזוי קען דאס א וועלט זיין גענאררט און זיך איינביל־דען, אז דער שוחט איז א גוטער היגיענישער אינספעקטאר, אז ווען ער בעטראכט דיא לונג און ערקלעהרט זי כשר, מעג מען זיכער זיין, אז דיא בהמה איז געזונד פאר דעם מענשען צו עסען!

דאס איז איינע פון דיא גרויסע ליגענס פון דיא וועלט־גע־שיכטע, אין וועלכע כמעט דיא גאנצע וועלט נאררט זיך און ווייסט גאר ניט!

וואס איז אבער אין אמת'ן דער גרונד פון טרפה? פאר וואס האבען זיי פערבאטען א בהמה וואס וואלט אליין גע'פגר'ט פון א מעכאנישע בעשעדיגונג? דאס האבען מיר שוין ערקלעהרט; און נאך דייטליכער וועט דאס ארויסקומען אין נעקסטען קאפיטעל, וואו מיר וועלען רעדען וועגען שחיטה.

## IX.

## ש ח י ט ה.

1) איז טאקי דיא אידישע שחיטה א לייכטערער טויט פאר דיא בהמה?

און 2) איז דאס פלייש פון אזא שחיטה געזינטער צו עסען?

גאנצע בערג זיינען שוין אנגעשריבען געווארען וועגען דיא צוויי פראגען. איך וועל דיא פראגען אבפערטיגען קורץ.

1) וועלכער טויט עס איז א לייכטערער איז וויסענשאפטליך ניט פעסטגעשטעלט. אזוי ווי צווישען דיא שרייבער פאר שחיטה און געגען איהר, זיינען דא גלייכע חכמים און קענער, איז דער פראסטער שכל מחייב, אז זיי ביידע טרעפען בלויז; זיי זיינען זיך בלויז משער, און זייערע טענות האבען דעריבער קיין שום וויסענשאפטליכען ווערטה ניט, — ניט פיר ניט געגען דיא אי־דישע פרומע שחיטה.

ווייטער: ווער עס האט אמאל געזעהן, ווי מען ציהט אויס און מען בינדט דעם אקס צו דיא שחיטה; וויא מען מאטערט און מען פייניגט איהם דערביי; ווי ער מריטשעט שוידערליך און מוטשעט זיך ער זאל זיך ארויסרייסען; ווי מען זעהט איהם פיהלען זיין טויט־שרעקעניש — דער וועט געניינט זיין צו זאגען, אז ביי דיא הכנות צו דיא אידישע פרומע שחיטה ליידט דיא בהמה מעהר צער־בעלי־חיים, ווי ביי דעם גאנצען טויט דורך דעם פלוצלונדיגען קלאפ מיט'ן האמער איבער דיא בהמה'ס מוח, וואס עס פערטויבט זי און מאכט זי גאר ניט מעהר פיהלען.

און ווער עס האט געזעהן, ווי דער פרומער שוחט כאפט דאס היהנדעלע ווי א קאלטער גזלן און בייגט איהר אויס דאס קעפעל, און פערקוועטשט איהר דאס העלזעל, וואס עס פעהלט שוין

גאר ניט קיין סך זי זאל דערשטיקט ווערען, און ווי ער צופט איהר אוים דיא פעדערען, און ווי ער פידעלט זיך בנעימות'דיג מיט'ן חלף, און ווי דערנאך שפרינגט דיא אונגליקליכע בעשע־פעניש נאך ארום מיט דעם איינגעשניטענעם האלז און מאטערט זיך נאך מיט'ן טויט א היבשע ווײַלע. — דער מוז זעהר שטארק מסופק זיין, אויב דאס איז מעהר בארמהערציג, ווי אבהאקען איהר מיט איין מאל דאס קעפעל, אהן שום צערעמאניעס, און פערטיג!

און ענדליך: ווער עס בעטראכט איבערהויפט מיט אפענע אויגען, ווי דער שוחט, דער קאלטער גזלן, מאכט זיך דיא פרו־מינקע מיענעס און הכנות און אויגענגלאצעניש ביי דיא טהיר־מערדעריי, אויף דעם מוז דאס מאכען דעם עקעלהאפטען איינדרוק פון א היפאקריטישע מאסקע פון גאטס־סטראפטשעריי ביי אזא העסליכען אקט פון מענשליכע בעסטיאליטעט. מיר פערזענליך זאגט דאס הארץ, אז אמאל וועט קומען א צייט, ווען דיא מענש־הייט וועט עס פונקט אזוי שוידערען פאר דיא היינטיגע טהיר־פרע־סעריי, ווי אונז שוידערט עס היינט פאר די אמאליגע מענשען־פרעסעריי. איך בין ניט קיין וועגעטעריאנער, ווייל פארלויפיג איז דא וויכטיגערעס צו טהאן. לאז זיך דער מענש קודם אבגעוויינען פון מענשען־פרעסעריי אויף א ציוויליזירטען אופן. — דאס הייסט פון פרעסען יענעמס פראצע. נאר מיין הארץ זאגט מיר, אז אמאל וועט מען אויפהערען צו ערמארדען לעבעדיגע בעשעפענישען אום זיך צו בעלעקען, ווי רויב־טהירע, מיט זייערע פריש־צאפלענדיגע הערצער.

נאר כאטש דאס איז מיין געפיהל, דאך, — גלויבט מיר, — האב איך נאך טויזענד מאל ווענינגער אבשיי און עקעל פאר דעם קוילער, וואס פיהרט כאטש אוים דיעזע שענדליכע „נויטווענדיג־קייט“ אין איינס־צוויי־דריי, אהן שום קונצען און אהן שום צע־רעמאניעס, איידער פאר דעם שוחט, וואס מאכט גאר דערביי גאטס־פארכטיגע הכנות מיט א פרומען הייליגען אנשטעל, גלאצט מיט דיא אויגען, מאכט א ברכה, און מארדעט דיא בעשעפעניש לשם שמים! פוי, דיא גאטספארכטיגע גזלנות! דא קומט נאך צו אז עקעל צו דעם שוידער!

דאס איז מיין געפיהל וועגען דיא זאגענאנטע „בארמהער־ציגקייט" פון שחיטה.

2) אז דאס איז געזונדער פאר דעם פלייש, איז בלויז דיא מיינונג פון זעהר ווייניג געלעהרטע, דאס רוב אידישע. ווען דיא וויסענשאפט וואלט דאס אויסגעפונען פאר זיכער, וואלט עס דיא גאנצע וועלט אנגענומען. קיינער וויל ניט בעסער עסען אונגעזונ־טע פלייש. אויב דיא וויסענשאפט וועט אמאל בעווייזען בע־שטימט, אז שחיטה איז געזינטער, וועלען ממילא אלע מענשען איינ־פיהרען שחיטה. דערווייל איז ניטא פאר וואס זיך צו פערלאזען גיכער אויף דיא זעהר ווייניגע געלעהרטע, וועלכע זיינען נאך דאס רוב אידען און געניינט צו דענקען פארטייאיש אין דער זאך.

נאר דאס איז ניט, וואס איך מיין דער עיקר צו זאגען וועגען שחיטה.

וואס איך וויל זאגען איז, אז אפילו ו ו ע ן עס זאל זיין זי־כער אמת, דאס שחיטה איז ביידע, אי בארמהערציגער פאר דיא בהמה אי געזינטער פאר דעם מענשען, וואלט עס אלץ געוועזען זי־כער, אז נ י ט ד א ס האבען דיא גרינדער פון דיא אידישע רע־ליגיאן געמיינט; ניט צ ו ל י ע ב ד ע ם האבען זיי פערבאטען צו עסען פלייש סיידען פון שחיטה!

און דאס וועל איך דא ב ע ו ו י י ז ע ן.

* * *

ערשטענס, אויב שחיטה איז צוליעב צער בעלי חיים, וואס איז דיא נפקא מינה, צו מען מיינט צו עסען דאס פלייש צו ניט? דארף מען דאך ניט טארען קוילענען קיין לעבעדיגע זאך אנדערש וויא דורך שחיטה, אפילו ווען מען מיינט ניט צו עסען איהר פלייש. איז דאך אבער פאראנען א מצוה אמאל אבצוהאקען א קאלב דעם קאפ פאר א קרבן! (עגלה ערופה).

און פאר וואס איז ניט קיין צער בעלי חיים אויף א פיש? פאר וואס מעג מען א גרויסען, געזונדען קארפ צושניידען אויף שטי־קער לעבעדינערהייט און אריינלעגען דיא שטיקער אין טאפ אריין, ווען זיי שפרינגען נאך ארום אין טאפ?

און פאר וואס מעג מען דיא כשר'ע ווערים על פי דין איינ־שלינגען לעבעדיגערהייט? רייסען פון זיי שטיקערווייז לעבעדי־גערהייט און אויפעסען? פאר וואס איז אויף זיי ניט צער בעלי חיים?

און פאר וואס איז דער דין, אז נאך דיא שחיטה, ווען דיא בהמה לעבט נאך און צאפעלט זיך נאך, מעג מען פון איהר אב־שניידען א שטיק און דיא שטיק לאזען ליגען ביז דיא בהמה איז טויט און דאן מעג מען עס עסען? דיא גמרא זאגט נאך זאגאר, אז אזא פלייש מאכט דעם מענשען קרעפטיג! (ר' אידי, חולין ל"ג:) וואו איז דא צער בעלי חיים?

צווייטענס אבער שטעהט בפרוש, אז נאכדעם ווי דיא תורה איז שוין געווען געגעבען און דיא אידען זיינען נאך ניט געווען אריינגעקומען אין ארץ ישראל, איז זיי געווען ערלויבט צו קוי־לענען בהמות אויף וועלכען אופן זיי האבען געוואלט און עסען. אדרבה, שעכטען איז זיי גאר געווען פערבאטען. דורך שחיטה האבען זיי נאר געמעגט טויטען א בהמה אין גאט'ס טעמפעל, ווען זיי האבען זיא געבראכט פאר א קרבן שלמים. ווען ניט, האבען זיי ניט געטארט שעכטען, נאר דוקא קוילען (נחירה). אזוי שטעהט בפרוש! ערשט ווען זיי זיינען אריינגעקומען קיין ארץ ישראל, איז איינגעטהיילט געווען, אז מען מעג אומעדום שעכטען. און מען מוז ניט אנדערש ווי שעכטען. (ר"ע חולין י"ז. רמב"ם שחיטה פ"ד י"ז).

נו, א צער בעלי חיים און אונגעזונד וואלט עס דאך הפנים געווען איידער אידען זיינען אריינגעקומען אין ארץ ישראל אויך! וואס ניין? עס איז דאך שוין אויך געווען נאך מתן תורה.

דאס צייגט, אז שחיטה בעדייטעט גאר עפעס אנדערש. עס איז גאר ניט מעהר ווי א רעליגיעזע צערעמאניע. עס איז א'ן ארט קרבן צו גאט. דאס איז דיא געשיכטע.

דער פאקט איז, אז זיי האבען ניט געזאגט, דאס שחיטה איז צוליעב צער בעלי חיים אדער צוליעב געזונדהייט. וואס וואל־טען זיי זיך עפעס געשעהמט אויסצוזאגען דעם טעם, ווען דאס וואלט געווען דער טעם? איז זיי געווען א חרפה אויסצוזאגען,

אז זייערע דינים זיינען מיט א שכל? האבען זיי זיך געשעהמט צו זיין פערשטענדיג?

דיא שחיטה געהער זיך גאר אן מיט קרבנות, ניט מיט צער בעלי חיים אדער געזונדהייט.

דער מנהג צו ברענגען קרבנות צו דיא געטער געפינט זיך אבסאלוט ביי אלע ווילדע פעלקער, אויף אלע עקען און ווינקעלעך פון דיא גרויסע וועלט, היינט און אין אלע צייטען. דאס צייגט, אז עס ליגט אין דער נאטור פון דעם פרימיטיווען מענשען'ס געדאנק, אז עס זאל איהם איינפאלען צו ברייננען קרבנות.

הערבערט ספענסער בעווייזט, אז דאס שטאמט פון דער איינ־בילדונג, אז דיא נשמות פון פערשטארבענע זיינען אין כעס, ווען מען עסט און מען טרינקט און מען פערגעסט גאר אן זיי. זיי קו־מען ראן „ווערגען" און אנטהאן אלערליי צרות. דעריבער פלעגט מען פריהער מקריב זיין קרבנות צו דיא נשמות פון דיא טויטע, כדי צו מאכען זיי פריינדליך צו זיך. און פון דעם איז מען געקומען צ דעם געדאנק, אז ביי דיא געטער און גייסטער קען מען אויך אויסנעהמען און שטילען זייער צארן און מאכען זיי פריינדליך צו זיך, ווען מען אפפערט זיי קרבנות און מען שענקט זיי פון שענ־קטען און פון בעסטען.

איבעריגענס קען מען זיך אליין פארשטעלען, אז ביי דיא פרי־מיטיווע מענשען קומט אויס, דאס דיא גייסטער און געטער האבען א גרויסען חלק אין דיא לעבעדיגע בעשעפענישען. זייער חלק איז דאס לעבען אין זיי... עס איז דאך דיא נאטור פון פרימיטיווע מענשען צו מיינען, אז אין יעדען ריהר שטעקט א „רוח" אדער א „גאט" — איז דאך נאטירליך, אז אזעלכע מענשען זאלען זיך איינרעדען, אז אין אלע לעבעדיגע זאכען זיינען דא רוחות און זיי געהערען צו דיא הימלישע גייסטער. דערפון האט זיך ביי זיי גע־בילדעט א געדאנק, אז דער לעבענס־גייסט פון דיא לעבעדיגע בע־שעפענישען געהער צו דיא געטער אין הימעל. דעריבער פלעגען זיי ניט עסען קיין פלייש סיידען ווען זיי האבען דיא בהמה אדער דאס עוף פריהער מקריב געווען פאר א קרבן צו דיא געטער.

און אזוי אויך ביי אידען.

פריהער פלעגט יעדער זיך אליין מקריב זיין זיינע קרבנות צו זיין גאט. אויף בערג, אויף שטיינער, לעבען בוימער, פלעגט מען מקריב זיין. (במות, גבעות ואשרות). ווען עס איז אבער אויפגעקומען דיא אידישע טהעאקראציע (ממלכת כהנים, פריעסטער־רעגיערונג), האט זי געוואלט פעראייניגען, קאנצענטרירען דיא מאכט פון אלע רעליגיעזע געפיהלען פון גאנצען פאלק אין זייערע הענד; האבען זיי געמאכט א שטרענגען געזעץ, אז אין ערגעץ זאל מען ניט מקריב זיין קיין קרבן נאר אין זייער טעמפעל, אין ירושלים (דברים י"ב י"ג). וואו איינער וויל עסען פלייש, זאל ער דאס ניט טארען טהאן פריהער ביז ער ברייננט דיא בהמה צו דיא כהנים אין זייער טעמפעל אריין, אז זיי זאלען דאס מקריב זיין צו גאט פאר א קרבן און — דיא כהנים זאלען זיך אראבנעהמען דיא בעסטע חלקים פאר זיך...

דאס איז אבער אלץ גוט, ווען אידען זיצען נאהענט צום טעמפעל. וויא איז אבער ווען זיי געפינען זיך ווייט? אבשאפען דעם אלטען נאטירליכען געפיהל, אז קיין פלייש דארף מען ניט עסען וואו מען ברענגט ניט דיא בהמה פאר א קרבן צו גאט? — דאס האבען דיא כהנים ניט געקענט און ניט געוואלט. ערלויבען אבער יעדען זיך ווייטער מקריב צו זיין אליין זיין קרבן וואו עס איז, האט זיך ווידער דיא כהנים נאך מעהר ניט געלוינט. זייער פערלאנג איז געווען צו קאנצענטרירען דעם גאטעס־דיענסט אין זייערע הענד, אין דער הויפטשטאדט. קיינער קען ניט צוקומען מיט א קרבן צו גאט אהן זיי...

דאך איז אין דיא עלטערע צייטען געמאכט געווארען א געזעץ, אז ווער עס איז ווייט פון בית המקדש, זאל גלאט טויטען דיא בהמה און בלויז ארויסלאזען איהר „נפש“, איהר „גייסט“, ד א ס ב ל ו ט, צו גאט און דאס ניט עסען (שם כ' וגו'). אבער שפעטער האבען זיי ערקלעהרט, אז דאס וואס אויף דעם ארט שטעהט טויטען („וזבחת“), מיינט מען נאר דורך א צערעמאניאלען שניט אין האלז — דיא כשר'ע שחיטה.

דערמיט האט מען אלזא געלאזט בלייבען אין פאלק דעם אלטען געדאנק זייערען, אז דיא לעבעדיגע בעשעפענישען גע־

הערען צו גאָט. זייער לעבענס־גייסט איז עפּעס געהיימניספאָלעס. ער קומט פון דיא פערבאָרגענע מקומות, וואו דיא געטליכע זאַכען זיינען. דעריבער דאַרף מען אַ לעבעדיגען בעשעפעניש אָבגעבען נאָר פאַר אַ קרבן צו גאָט; און דערצו אַ נייעס, אַז גאָט איז געווען אַזוי גוט צו זיינע קינדער און האָט זיי ערלויבט צו עסען פון זיינע בעשעפענישען, נאָר בתנאי, אַז טויטען זאָל מען דיא בהמה פאַר איהם; דורך אַ געהיימניספאָלע צערעמאָניע זאָל מען אָבגעבען איהר גייסט צו גאָט. דער גייסט איז אין דעם בלוט, אַזוי וויא עס שטעהט אַ סך מאָל בפרוש. דעריבער זאָל מען טויטען דיא בהמה אויף אַזאַ אופן, אַז איהר בלוט זאָל אויסלויפען פאַר גאָט. אָט דאָס איז דיא שחיטה.

און ווען דיא בהמה איז געטויטעט פאַר גאָט און מען האָט איהם אָבגעגעבען זיין חלק, דאָס בלוט און דאָס פעטסטע, און זיינע דיענער זייער חלק, מעג דער מענש שוין פון גאָט'ס טיש אויך כאַפּען שריים אַ שטיקעל פלייש.

דאָס איז דיא אמת'ע אידעע פון שחיטה.

אין פאָלק איז צוזאַמען מיט דעם מנהג פון שחיטה געבליבען דער געדאַנק, אַז ווען דיא אידען זיינען געווען נאָהענט צו גאָט'ס טעמפּעל, איז געווען דיא מצוה, אַז דער כהן זאָל שעכטען יעדע בהמה פאַר גאָט'ס הויז, אַ קרבן ווי געהעריג, צום נאַציאָנאַל־גאָט. נאָר ווען זיי האָבען זיך פערשפּרייט אין אַ גרויסע לאַנד און עס איז שווער געווען צו קומען מיט יעדע בהמה אין בית־המקדש אריין, איז געמאַכט געוואָרען אַ פערגרינגערונג, אַז אומעדום קען מען דיא בהמה שעכטען מיט דיא צערעמאָניעלע שחיטה, אלס א'ן ארט וואָכעדיגען „קרבן". אָט דאָס איז דיא שחיטה.

און דאָס איז אויך, ווי שוין געזאָגט, דער זין פון טרפה:

ווען גאָט אַליין ברייננגט אַ לעבענסגעפאַהר אויף דיא בהמה, איז עס דאָך זיין עסק. אַבי מען שעכט זי מיט דיא צערעמאָניע, אפילו אַ מינוט פאַר איהר נאַטירליכען טויט, — מעג אפילו דער

טויט זיין ערווארטעט דורך וועלכע קראנקהייט עס איז. נאר ווען דיא קראנקהייט איז ניט פון גאט, נאר קינסטליך פעראורזאכט, הייסט עס, אז דיא בהמה איז געטויטעט געווארען ניט דורך דיא צערעמאניע, איז עס קיין קרבן ניט.

א פעהלערהאפטע בהמה (בעל מום) האט מען איבערהויפט פאר קיין קרבן ניט געטארט ברענגען.

אט דאס איז דער ריכטיגער „זין" (אויב מען קען דאס אזוי רופען) פון שחיטה און טרפות.

דיא איינצעלהייטען פון הלכות שחיטה זיינען מאנכע אויך צוליעב דעם, אז קיין טייל פון בלוט זאל ניט צוריק בלייבען אין דיא בהמה. דאס איז דער פאל, ווען דער חלף איז ניט זעהר גלאַ־טיג און שארף, א. ז. וו.

דיא איבעריגע פעק מיט איינצעלנע פישטשיוקעס פון הלכות שחיטה זיינען אזוי ווי אלע איינצעלהייטען ביי אלע רעליגיעזע צערעמאניעס: עס איז „ענטוויקעלטער" פאנאטיזמוס פון מענשען, וואס האבען זיך ניט געהאט מיט עפעס אנדערש אבצוגעבען.

אט דאס איז דיא טרוקענע זיכערע וואהרהייט ווענען דיא אלע זאכען. דאס איז ניט קיין טרעפעכטסען, ניט קיין דריידלעך, ניט קיין פשט'לעך, ניט קיין השערות, נאר וויסענשאפטליכע וואהרהייט.

ווער עס גלויבט, גלאט ווייל ער גלויבט, דער קען זיך גלוי־בען. אבער ווער עס פערשטעהט, אז דיא בעגריפע ווענען א גאט וואס דארף קרבנות, און ווענען געהיימניספאלע איבערנאטירליכע כחות, און ווירקונגען פון צערעמאניעס אויף דיעזע כחות זיינען אלטע ווילדהייטען, — ווער עס פערשטעהט דאס, דער האט ניט קיין שום אורזאכע צו גלויבען אין כשרות און טרפות. דען מעהר ווי אויף דיעזע אלטע ווילדהייטען איז דאס ניט געגרינדעט.

איבריגענס איז דיא שחיטה אויך ניט בלויז א אידישע זאך. שטאמען שטאמט דאס, זאגט קארל האבערלאנד, פון אלטען מצרים. און אויך דיא אראבער האבען געהאט דעם מנהג פון שחיטה. דער קאראן (דיא תורה פון דיא מאכמעדאנער) פאדערט אויך שחיטה

און אויך, אז ביי דער שחיטה פון א בהמה מוז געמאכט ווערן דיא ברכה „ביסמילא“ — אין גאָט׳ס נאָמען — אָדער אָנשטאָט דעם, „אַלאַ עקבער“, גאָט איז גרויס.

דער קאָראַן זאָגט: „עסט פון דעם, איבער וואָס גאָט׳ס נאָמען איז אויסגעשפּראָכען געוואָרען. עסט ניט פון דעם, איבער וואָס גאָט׳ס נאָמען איז ניט אויסגעשפּראָכען געוואָרען, ווייל עס איז טרפה (אונהייליג)“.

דער פאקט וואָס דער קאָראַן פערבאָט צו עסען אויך דיא פלייש, אויף וועלכע עס איז ארויסגעזאָגט געוואָרען דער נאָמען פון א׳ן אנדער גאָט, ווייזט דייטליך, אז דער מנהג פון שחיטה און דער דין צו מאכען א ברכה ביי דער שחיטה, האָט עקזיסטירט ביי דיא אראבער, נאָך ווען זיי זיינען געווען געצען־דיענער, און אז פון זיי האָט עס מאחאמעד איבערגענומען.

און דיעזער שרייבער זאָגט וועגען דיא מאחמעדאנער, אז „ד ע ר ד י ן צ ו מ א כ ע ן א ב ר כ ה ב י י ד ע ר ש ח י ט ה ה י י נ ג ט צ ו ז א מ ע ן מ י ט ק ר ב נ ו ת“, וואָס מען פלעגט ברייגגען אין יענע צייטען.

ביי דיא מאחאמעדאנער מוז דיא בהמה ליגען ביי דיא שחיטה מיט׳ן קאָפּ צום מזרח. ביי דיא פרומע „שיאיטען“ איז אפילו א „סוניט“ פּסול צו דיא שחיטה. („שיאיטען“ זיינען דיא מאחמעדאנער חסידים; „סוניטען“ זיינען זייערע מתנגדים). אויך מוז דער שוחט זיין א בר מצוה און ביים פולען פערשטאַנד.

ווייטער מוז מען ביי דיא מאחמאדאנער שחט׳ן נאָר מיט אן אייזערנע זאַך. נאָר ווען מען קען קיין אייזען ניט קריגען, מעג מען אויך מיט א הילצערנער אָדער שטיינערנער זאַך דער׳הרג׳ענען דיא בהמות.

אויך ביי דיא אלטע בולגארען, בעת זיי זיינען געווען נאָך געצען־דיענער האָט עקזיסטירט אזא דין.

דיא מאחמעדאנער שניידען פריהער דורך דיא שפּייזע־רעהרען, דאן דיא לופט־רעהרען, צום סוף נאָר דיא בלוט־אָדערען. ווען מען הרג׳עט אויפ׳ן יאגד א חיה, מוז מען איהר אויך גלייך איבערשניידען דעם האלז.

* * *

ווענן מילכיגס מיט פליישיגס האב איך ניט וואס צו רעדען. אויף דעם האט נאך קיינער ניט געקענט אויס־טראכטען קיין ראציאנאליסטישען טעם פון געזונדהייט.

אין חומש שטעהט בלויז, מען זאל ניט קאכען קיין ציקעלע אין דיא מוטערס מילך. אט פון דעם האבען דיא מלמדישע ליידינ־געהער ארויסגע׳פשט׳עלט, אז מען זאל ניט עסען קיין פליישיגס מיט מילכיגס.

פון וואס דיעזער ווילדער טאבו האט זיך גענומען, קען מען ניט וויסען. עס זיינען בלויז דא פערשיעדענע טרעפעכטסען. קיין ערנסטען וויסענשאפטליכען ווערטה האבען דיא טרעפעכטסען ניט.

* * *

אלטע פלייש איז כשר צום בראטען, מעג עס אפילו זיין הונדערט יאהר אלט. צום קאכען איז עס טרפה, ווען עס איז געלעגען דריי טעג ניט אבגעשווענקט און ניט „כשר גע־מאכט“ (געווייקט און געזאלצען). דאס איז דערפאר, וואס דאס פלייש ווערט פערטריקענט און דאס זאלץ ציהט ניט ארויס דאס בלוט (יו״ד ס״ט י״ב).

כשר־נעמאכטע פלייש, אדער ווען מען גיסט עס אב מיט וואסער אלע דריי טעג, בלייבט כשר אפילו הונ־דערט יאהר, צום קאכען אזוי גוט ווי צום בראטען.

X.

## אידישקייט און געזונדהייט.

א״ר שמואל בר נחמני א״ר יונתן: מאי דכתיב, „נאמנים פצעי אוהב ונעתרות נשיקות שונא“, — טובה קללה שקלל אחיה השלוני את ישראל מברכה שברכם בלעם הרשע. אחיה השלוני קלל את ישראל בקנה, שנאמר: „והכה יהוה את ישראל כאשר ינוד הקנה במים“, וגו׳ — מה קנה זה עומד במקום מים וגזעו מחליף ושרשיו מרובים, ואפילו כל רוחות שבעולם באות ונושבות בו אין מזיזין אותו ממקומו, אלא הוא הולך ובא עמהן, כיון שדממו הרוחות קנה במקומו. אבל בלעם הרשע ברכן בארז: מה הארז הזה אינו עומד במקום מים ושרשיו מועטין ואין גזעו מחליף, אפילו כל רוחות שבעולם באות ונושבות בו אין מזיזין אותו ממקומו, כיון שנשבה בו רוח דרומית, מיד עוקרתו והופכתו על פניו.

סנהדרין ק״ה.

איז דאס דען אבער ניט אמת, אז אידען זיינען געזונטער ווי אלע אומות? ווען יא, פון וואנען קומט דאס, אויב ניט ווייל דיא אידישע דינים פון „כשרות“ און דיא אדישע מנהגים אין אל־געמיינען זיינען ניצליך פאר׳ן געזונד?

איז זשע דאס ניט פארט אמת, אז כשרות, און בכלל „איד־דישקייט„ איז כדאי אבצוהיטען פון געזונדהייט וועגען. — וויא דיא שוואכמיטהיגע „פריידענקער“ פערענטפערען זיך פאר זייער ניט האבען קיין קוראזש צו שיידען זיך מיט דער געוואהנהייט?

מיר האבען שוין אויבען גערעדט, אז דער עולם זאגט געוועהנ־ליך: „געזונד, ו ו י א ג ו י“... הייסט עס הפנים, אז צו זיין געזונד, קרעפטיג, איז גאר ניט אידישלעך...

„ער זכרונו לברכה“ פון ווארקע האט געזאגט (ניט קיין וויטץ, איך האב עס ווירקליך געהערט פאר איהם נאכזאגען מאנ"ש), עס איז אמשל, זאגט ער, צו א געשניצטען מזרח און א פראסטע שטיק פאפיער: א פראסטע שטיק פאפיער איז שטארק; מען דארף ניט זיין פארזיכטיג עס צו האלטען, עס וועט ניט אזוי לייכט צוריסען ווערען. אבער א קינצליך־געשניצטער מזרח איז איידעל און שוואך, מען מוז אכטונג געבען ווי מען האלט עס, אז ניט ווערט עס באלד צוריסען. א גוי איז א פראסטע שטיק פאפיער, איז ער גע־זונד און שטארק, ווי — א גוי. א איד איז אן איידעלער, אויס־געשניצטער מזרח...

אפילו ווען איהר, לעזער, זייט אפשר (עס קען זיך דאך טרע־פען היינטיגע צייטען) ניט קיין חסיד און איהר האלט ניט פון „איהם זכרונו לברכה“, מוזט איהר דאך אבער צוגעבען, אז „זיין“ זאגאכטס צייגט יעדענפאלס, אז עס איז א דבר ידוע, דאס געזונד־הייט, קרעפטיגקייט, איז א גוי'אישע זאך, און דאס אידען געהען איז דעם ענין ניט בחוקת הגוי... און דאס איז דאך געוויס א פאקט, וואס קיינער קען ניט לייקענען.

און דאך איז סטאטיסטיש בעוויזען, אז מאנכע קראנקהייטען, געפעהרליכע און מיאוס'ע, טשעפען זיך טאקי צו אידען וויינינגער, ווי צו אנדערע פעלקער.

איז דאס ניט קיין ווידערשפרוך?

ביי אידען איז ווירקליך דא וויינינגער שווינדזוכט, ווי ביי אנדערע אומות. און דאס זעלבע איז דער פאל מיט אנדערע קראנקהייטען.

אם נגעוואלדיגסטען האט זיך דאס ארויסגעוויזען אין דער

צייט פון דעם גרויליכען „שווארצען טויט", וועלכער האָט מיט זיין קאָסע אוועקגעשניטען און אוועקגעלייגט מיליאָנען מענשען פון אלע אומות, און אידען האָט ער ניט געשאדט! דעריבער האָט מען דאָך דאָס חושד געווען דיא אידען, אז זיי האָבען געבראכט דעם שווארצען טויט, זיי האָבען אריינגעטהאָן סם אין דיא ברינען און זיי ווייסען זיך ווי דערפון אויסצוהיטען! זיי האָט אויך דער „שווארצער טויט" געבראכט טויט און פערדערבען: זיי האָבען דורך דעם דערמאָנטען פינסטערען חשד געהאט אויסצושטעהן מאַ־סעך־הריגות פון דיא גוים. אָבער דירעקט האָט זיך דיא שווידער־האפטע מגפה צו דיא אידען ניט געקלעפּט!

דאָס זעלבע איז דער פאל מיט מאַנכע אנדערע אנשטעק־קענדע קראנקהייטען: אַ טייל האָבען צו אידען ווייניגער שליטה ווי צו אנדערע, אַ טייל גאָר ניט.

און דאָך איז פּאָרט אַ פאַקט, אז געזונד איז מען „ווי אַ גוי"; אז דער איד איז אַ שוואכינקער „געשניצטער מזרח".

טאָ ווי ערקלעהרט זיך דאָס?

* * *

מיר איז דיא זאך גאָר פּשוט. עס איז נעמליך ביידע אמת: אי דער איד איז געזינטער ווי אנדערע, אי ער איז שוואכער ווי אנדערע.

דען עס זיינען דאָ פערשיעדענע מינים געזונד־הייט: דיא געזונדהייט פון אידען איז אַן אנדערע און דיא געזונדהייט פון גוים איז אַן אנדערע.

עס איז פאראנען געזונדהייט, וואָס מען רופט „איממוניטעט", „עלאסטיציטעט", „צעהיגקייט", — ווידערשטאַנדס קראפט; דאָס הייסט, דיא אייגענשאַפט איבערצוהאלטען קראנקהייטען, אדער זיי גאָר ניט צו קריגען. צו דיא דאָזיגע אייגענשאַפטען מוז מען גאָר ניט זיין קרעפטיג. מען קען זיי דער „צובראָכע־נער שארבען, וואָס לעבט איבער אַ גאַנ־צען טאָג"... אזוי זיינען דיא קערפּערס, וואָס קענען לייכט ווערען געבויגען אָבער שווער ווערען געבראכען.

דאס איז דיא „געזונדהייט“, וואס מען קריגט בלויז אבהי־טענדיג מעהר אדער וויינינער דעם קערפער פון קראנקהייטס־שטאפען און פון פעהיגקייט אנצונעהמען קראנקהייטען.

דאס איז דיא געזונדהייט פון דיא אידען, — אין פערגלייך מיט דיא פ י נ ס ט ע ר ע מאסען פון אנדערע פעלקער.

עס איז אבער דא א געזונדהייט, וואס בעשטעהט אין ק ר ע פ־ ט י ג ק י י ט — א געזונדהייט, וועלכע לאזט זיך שווער ב ו י־ג ע ן. אבער דערפאר מעג זי קענען גיכער ווערען ג ע ב ר א כ ע ן.

דאס איז דיא געזונדהייט וואס קומט פון וויינינג זארגען און טראכטען און פיעל קערפערליכע איבונג; פון עסען ק ר ע פ ט י־ג ע ש פ י י ז — און א סך; פון טרינקען קרעפטיגענדע געטראנ־קען — אפילו ווען זיי זיינען פיליכט שעדליך אויף אן ארט.

אזוי איז געזונד א גוי.

און דאס איז זעהר שעהן אויסגעדריקט אין דעם מאמר פון ר' שמואל בר נחמני, וואס איך האב ארויפגעשטעלט אלס מאטטא אין אנהויב פון דיעזען קאפיטעל.

ר' שמואל בר נחמני מיינט מסתמא נישט קערפערליכע גע־זונדהייט, אבער וואס ער זאגט, פאסט זיך אויסגעצייכענט דא אהער.

עס שטעהט געמליך, אז ווען בלעם האט געבענשט דיא אידען, האט ער געזאגט, אז זיי זאלען זיין „פ ע ס ט, ווי צ ע ד ע ר־ב ו י מ ע ר“. אויף אן אנדער ארט ווידער שטעהט, אז דער נביא אחיה השלוני האט נביאות געזאגט א קללה אויף מלכות ישראל, דאס גאט וועט זיי שלאגען צו זיין „ו ו י ד י א ו ו י ט ש ק ע ו ו א ס ש א ק ע ל ט ז י ך א י ן ו ו א ס ע ר“.

זאגט ר' שמואל בר נחמני, אז אחיה'ס קללה איז בעסער, ווי בלעם'ס ברכה. א וויטשקע, זאגט ער, וואקסט אין וואסער, און זיא קריגט אימער נייע ווארצלען, און זי האט א סך ווארצלען, און אפילו אלע ווינטען פון דער וועלט זאלען קומען, קענען זיי נאר דיא וויטשקע שליידערען, ב ו י ג ע ן, אבער ניט ב ר ע־ב ע ן — דער ווינד געהט אוועק, שטעהט דיא וויטשקע ווידער אויפ'ן ארט, אזוי ווי עס וואלט גאר ניט געשעהן. דער מעכ־

טיגער צעדער אָבער איז גרויס און פעסט, אָבער ער שטעהט ניט ביי קיין וואסער, ער האָט ניט קיין טיעפען װ ו אָ ר צ ע ל; אמת, אפילו דיא שטארקסטע ווינטען פון דער וועלט קענען איהם ניט ב ו י ג ע ן, אָבער קוים קומט איין „דרום־ווינט“ (אַ הוריקאַן), ב ר ע כ ט ער איהם: ער רייסט איהם אויס מיט'ן וואָרצעל און אַ סוף פון איהם!...

אידען האָבען אין זיך געוויסע אייגענשאַפטען, וואָס מאַכען זיי צו קענען פון מאנכע קראַנקהייטען, ווערען געבויגען אָבער ניט געבראָכען. פון וואַנען זיינען געקומען דיעזע אייגענשאַפטען? ניט פון דיא רעליגיעזע בעזאָנדערהייטען אַ ל י י ן, נאָר פון אַ ל ע בעזאָנדערהייטען פון דעם אידישען לעבען צ ו ז א מ ע ן. אַ טייל טאַקי קומט דאָס אויך, צופעליג, פון אידענס רעליגיעזע בעזאָנ־דערהייטען, ווי מיר האָבען שוין אויבען גערעדט.

אין דיא פינסטערע צייטען פון קאַטאָליציזמוס, האָבען דיא ווילדע פאָלקסמאסען פון דיא קאַטוילישע פעלקער געקראַנקט פון דער „ציוויליזאציאָן“ נאָר איהרע חסרונות אָבער ניט איהרע מעלות. דיא ציוויליזאציאָן און דאָס קריסטענטהום האָבען פון זיי נאָר אָב־גענומען דאָ געזונדע נאַטירליכקייט פון אמת'ע ווילדע, — זייערע נאַטירליכע „טאַבוס“ און אַלערליי אויסגעהיטענקייטען און אַנ־דערע געוואָהנהייטען פון אמת'ע נאַטור־מענשען, וועלכע מאַכען דיא ווילדע מענשען פון נאַטור געזינטער אין פיעלע הינזיכטען ווי דיא ווילדע מענשען פון דער ציוויליזאציאָן — דאָס האָט מען פון זיי אָבגענומען. געגעבען אָבער האָט מען זיי קיין ווירקליך ציוויליזירטע מעלות ניט! מען האָט זיי ניט געגעבען קיין ווי־סענשאַפטליכע בעלעהרונג ווי אויסצוהיטען זיך פון קראַנקהייטען און מגפות.

אין פערגלייך מיט דיעזען פינסטערען לעבען איז דיא אידישע רעליגיאָן, מיט איהרע מאַסע „טאַבוס“ — געבליבען פון אַמאָליגען עבטען נאַטור־לעבען — שוין געוועזען אויך אַ מין „היגיענע“. אידען האָבען זיך אויסגעהיט פון אַזוי פיעל זאַכען, איז צווישען דעם צופעליג געוועזען מאַנכעס, וואָס האָט זיי אויסגעהיט פון געוויסע קראַנקהייטען אויך.

עס קומט אויס ווי היינריך היינע זאגט: „רעליגיאָן איז ווי דיא פייער־ווערימלעך, זיי לייכטען וואו עס איז שטאָק־פינ־סטער"...

דערפאר אבער האבען אידען דורך זייער בעזונדערען לעבען אין אנדערע בעציהונגען געצויגען אויף זיך מעהר שוּאכקייטען ווי אנדערע מענשען.

אבער אידענס בעזונדערע רעליגיאָן איז ניט געווען דאָס איינ־ציגע, וואָס האט זיי געמאכט האבען א בעזונדערען סאָרט געזונד. פיעל מעהר ווי פון זייער רעליגיאָן איז דאָס געקומען פון זייער גאנצען בעזונדערען ארט לעבען, דער עיקר פון דעם, וואָס זיי זיי־נען געווען שטאָדטישע האנדעלס־מענשען.

וועגען שווינדזוכט בעווייזט דר. מאָריס פישבערג זעהר ריכ־טיג, אז דאָס וואָס אידען ליידען פון דיעזע קראנקהייט עטוואָס וויי־ניגער ווי אנדערע, קען ניט קומען פון זייער רעליגיאָן און פון זייער היטען כשרות.

„אין מזרח־אייראָפּא" — בעווייזט ער — „וואו דיא אידען היטען זעהר שטארק כשרות, איז צווישען זיי דאָ א פיעל גרעסע־רער פּראָצענט שווינדזיכטיגע, ווי אין דיא מערב־אייראָפּעאישע לענדער, וואו זיי היטען עס זעהר ווייניג".

דאָס זעלבע בעווייזט ער פון דיא שטאָדט ניו יאָרק. אין דיא „איסט סייד", וואו דיא פּרומסטע אידען וואָהנען, איז דאָ צווישען זיי א גרויסער פּראָצענט שווינדזיכטיגע; אין הארלעם (א געגענד אין דיא זעלבע שטאָדט), וואו דיא ווייניגער פרומע אידען וואָהנען, איז דאָ צווישען זיי א פיעל קלענערער פּראָצענט שווינדזיכטיגע.

דר. פישבערג בעווייזט אבער, זעהר ריכטיג, אז דאָס וואָס ביי אידען איז דאָ א קלענערער פּראָצענט שווינדזיכטיגע, קומט פון דעם, וואָס זיי זיינען שוין פון פיעלע הונדערטער יאָהרען צוגע־וואָהנט געוואָרען צו לעבען אין דיא גרויסע שטעדט, דעריבער שאדט דאָס זיי שוין ניט אזוי פיעל. דיא גוים אבער אין דיא היינטיגע גרויסע שטעדט — דיא אָרימע מאסען פון זיי — לויפען זיך ערשט אז פון דיא דערפער, און דיא פּלוצלינדיגע ענדערונג פון דאָרף־לעבען אויף שטאָדט־לעבען, אין געדיכטע גאסען, פערשאדט זיי.

דר. פישבערג בעווייזט דאָס איבערצייגענד מיט פאקטען און ציפערען.

*   *   *

דאָ דערמאָן איך מיך אן אינטערעסאנטען פאקט:

אין ווארשא האָבען דיא אידישע „דאהטשען" (דיא ציוויליזירטע) אַ בעזונדערען טויטען־וואָגען, און דיא עכטע אידישע אידען אַ בעזונדערען. געדענק איך, אין דיא צייט פון דיא כאָלעריע, אין 1872, פלעגן אַך הערען דיא פרומע מתעסקים אויפ'ן בית עולם זאָגען: „צום ש.וארץ יאָהר, דער פאַגזשעב זייערער (דער טויטען־וואָגען פון דיא „דאהטשען") ריהרט זיך גאָר ניט!" די כאָלעריע האָט נעמליך געהאקט צווישען דיא פרומע וויא זאנגען אויפ'ן פעלד; צווישען דיא „חזיר־פרעסערס" אָבער האָט זי קיין שום שליטה ניט געהאט.

*   *   *

בקיצור, אלע בעזונדערהייטען פון אידישען לעבען צוזאמען — רעליגיעזע, עקאָנאָמישע, פּאָליטישע, סאָציאלע — האָבען געגעבען דיא אידען אין מאנכע בעציהונגען אַ בעזונדערען סאָרט געזונד, אזוי, אז אַ טהייל קראנקהייטען קלעפּען זיך צו זיי וויניגער, אַ טהייל מעהר. און אין אלגעמיינען זיינען אידען, ווי עס שיינט, אזוי ווי ר' שמואל בר נחמני זאָגט: לייכטער צו בויגען, שווערער צו ברעכען.

מען קען האָבען דעריבער פערשידענע מיינונגען, אויב עס איז טאקי בעסער אחיה'ס קללה, צו זיין (אין קערפּערליכער ווי אין גייסטיגער בעציהונג) אייביג אַ וויטשקע, וואָס ווערט לייכט געבויגען און געוואָרפען און געטרעשטשעט צו ווערען!... אָדער איז טאקי בעסער בלעם'ס ברכה: כדאי אַ גאַנצען לעבען לאנג צו זיין פעסט, ווי אַ צעדער, ניט לאָזענדיג זיך בויגען, — אפילו מיט דיא סכנה אַמאָל, ביי אַ זעלטענעם שטורם, צו קענען ווערען געבראָכען...

אבער קיינער וועט ניט אבשטרייטען, אז גאר גוט איז, צו האַ־בעןביידע: די פעסטקייט פון א צעדער און דיא צעהיגקייט פון א וויטשקע.

נו, דער מענש קען דאס האבען אין געזונדהייט, ווען דיא פעלקער וועלען מיט בעוואוסטזיין איינריכטען זייער לעבען נאך דיא פארשריפטען פון ו ו י ס ע נ ש א פ ט ל י כ ע און סאציאלע היגיענע.

דעמאלט וועט יעדער מענש קענען זיין צעהיג ווי א איד און געזונד ווי א גוי...

איידער צו זיין א דומער, ווילדער, נאכלעסיגער, גוי'אישער מוזשיק — מעג אפשר זיין בעסער צו זיין א פאנאטישער איד און אבהיטען שטרענג כשרות. אבער זעהר פיעל בעסער ווי ביידע איז געווים, צו זיין א ציוויליזירטער מענש און היטען וויסענ־שאפטליכע היגיענע!

## XI.

## שלום.

מיר וועלען שליסען מיט דיא שטיקעל מדרש מיט וועלכע מיר האָבען אָנגעהויבען:

„פאר וואָס שרייט מען עפּעס, אז גאר אידען זיינען אין גלות? וויילניג פעלקער זיינען דורכגעמישט צווישען אנדערע פעלקער? איז דער תירוץ דיא אנדערע פעלקער עסען איינע ביי דיא אנדערע פון זייער פלייש און טרינקען פון זייער וויין, זיינען זיי ניט אין גלות; אידען אָבער עסען ניט פון אנדערע פעלקערס פלייש און טרינקען ניט פון זייער וויין, זיינען זיי אין גלות".

מיט דעם גיט אונז דער מדרש ניט ווילענדיג דעם ריכטיגען וועג, ווי מיר קענען אליין ארויסגעהן פון דיעזען סאָרט גלות... עס ליגט אין אונזערע אייגענע הענד.

עס איז ניטאָ פאר וואָס זיך צוריקצוהאלטען. עס וועט אונז גאָר ניט שאדען. כשרות איז ניט נויטיג פאר געזונדהייט. איך האָב בעוויזען אזוי קלאָהר און זיכער, דאָס עס איז אבסאָלוט אונמעגליך צו פערדרעהען, אז טרפות איז ניט וואָס עס איז אומגעזונד. אדרבה: וואָס ביי דיא רעליגיאָן איז טרפה, איז אָפט זעהר געזונד, און אלערליי שמוציגע חולאת'ן זיינען כשר.

מיר וועלען דערמאָנען דאָ א פאַקט, וואָס מיר האָבען אליין געזעהן אין דיא יונגע יאָהרען: עס איז געווען אויסגעבראָכען, אין אונזער היימאטה־שטאָדט, עפּעס א גרויסע מגפה אויף בהמות. דיא רעגיערונג האָט ארויסגעשיקט אינספּעקטאָרען אונטערזוכען אלע בהמות, און וואו מען האָט געפונען אין א בהמה דיא סמנים

פון דער מגפה, האט מען זי דערשאָסען און בענראָבען אין קאלך. מען קען זיך פאָרשטעלען, וואָס פאר אַ שרעקליכע קראנקהייט דאָס האט געמוזט זיין! ווי געפעהרליך דאָס פלייש האט געמוזט זיין פאר מענשען! ווי איך פערשטעה היינט, האט דאָס געמוזט זיין דיא „מילץ־בראנד“, אָדער דיא „סיבירישע מגפה“, וועלכע געהט איבער פון בהמות אויף מענשען. אין דיא יאָהרען 1865 און 1866 זיינען אין רוסלאנד טויזענדער מענשען און בהמות אומגעקומען פון דיעזע שרעקליכע מגפה. הכלל, געדענק איך, אז הונדערטער אָקסען און קיה האט מען דערשאָסען ביי גוים.

אידען אָבער, ווען זיי פלעגען זעהן דיא סמנים פון דיעזע קראנקהייט אין בהמות, פלעגען זיי ביינאכט, אין דער פינסטער, געשווינד בסוד רופען דעם שוחט און לאָזען דיא בהמה קוילע־נען כדת משה וישראל, און פער׳גנב׳עטערהייט פלעגען זיי אװעק־טראָגען דאָס פלייש שטיקערווייז אין דיא אידישע יאָטקעס.

אזוי ווי על פי דין איז דאָס כשר, הערען דיא פרומע אידען ווי דיא קאַץ וואָס דיא גוי׳אישע חכמות זאָגען דאָרטען, אז דאָס איז מורא׳דיג געפעהרליך!

יא, אזוי איז עס על־פי פרומע אידישקייט:

**חזיר איז טרפה, חזיריי איז כשר.**

ענדע פון ערשטען טהייל.

I.

## דיא טעמים פון מצוות אין אלגעמיין.

פון דעם וואס מיר האבען געזעהען, בעטראכטענדיג דיא בע־דייטונג פון כשר און טרפה, האבען מיר זיך איבערצייגט, אז דיע־זע מצוות זיינען ניט „איינגעפיהרט" געוואָרען, צוליעב א צ ו ו ע ק, נאָר זיי זיינען געקומען אין מנהג אריין, דורך א ו ר ז א כ ע ן.

דאָס איז א וויכטיגער כלל גדול כמעט וועגען אלע רעלי־גיעזע דינים און מנהגים פון אלע אלטע פעלקער. דאָס איז דער דיכטיגער וויסענשאפטליכער שליסעל צו דיא טעמים פון מצוות פון „גאָטעס־דיענסט" ביי אלטע פעלקער אין אלגעמיין.

דער שליסעל איז:

„זוך ניט דעם טעם פון מצוות אין א „צ ו־וואָס", נאָר אין א „פ ו ן־וואָס"; ניט אין א צ ו ו ע ק, נאָר אין א'ן א ו ר ז א כ ע.

היינטיגע ציוויליזירטע האלב־פרומע האָבען זיך זייערע ער־קלערונגען פאר אלע מצוות מיט עבירות. זיי טראכטען זיך אויס אלערליי טעמים, ווארום דיא מצוות זיינען כלומרשט ניצליך פאר דעם מענשען און דיא עברות שעדליך.

אזוי וויא עסען טרפות איז כלומרשט אונגעזונד און היטען כשרות איז היגיענע — אזוי איז טומאה וטהרה צוליעב ריינליכ־קייט; ניט רויכערען אום שבת איז גוט, כדי ניט צו ווערען צו ליידענשאפטליך אין רויכערען. פאסטען א מאָל איז געזונד, כדי צו געבען דעם מאָגען א טאָג רוהע. וואשען זיך צום עסען איז דאָך אודאי ריינליכקייט. דאָס זעלבע מיט דיא ווייבערשע דינים. לייגען תפילין און טראָגען ציצית איז כדי צו דערמאָהנען זיך אָן מאָראלישע פפליכטען. האלטען שבת און יום טוב איז כדי אָבצור־

רוהען זיך. מ'ל זיין איז געזונד פאר'ן קערפער און פאר דיא מאָ־
ראל — און אזוי ווייטער, און אזוי ווייטער.

און דיא ציוויליזירטע האלב־פרומע זיינען אזוי צוגעוואָהנט
געוואָרען צו אזעלכע אויסלייגונגען פון דיא רעליגיעזע זאכען, אז
זיי מיינען שוין, אז אין דעם איז קיין שום ספק ניט. זיי האָבען
שוין גאָר פערגעסען אז דיא רעליגיאָן האָט הונדערטער יאָהרען
אזעלכע וועלטליכע אויסלייגונגען פון דיא רעליגיעזע געזעצע ער־
קלעהרט פאר אפיקורסת! זיי האָבען שוין פערגעסען, אז דיא רע־
ליגיאָן זאָגט אויף גאָט'ס געזעצע (דיא „חוקים"): „אַ געזעץ האָב
איך גאָט פעסטגעשטעלט, אַ גזרה האָב איך גוזר געווען און ד י ר
א י ז נ י ט ע ר ל ו י ב ט נ אָ כ צ ו ט ר אַ כ ט ע ן דעם
טעם דערפון!" (חוקה חקקתי גזרה גזרתי, ואי אתה רשאי להרהר
אחריה).

דיא גמרא זאָגט בפרוש, אז ווען מען ערקלעהרט אַ טעם צו
דיא מצוות, ברייננט מען דעם עולם צו זינדיגען. ווייל אויף צוויי
עברות האָט דיא תורה אליין געגעבען אַ טעם, האָט דאָס פערפיהרט
אַ גרויסען פון דער וועלט, שלמה המלך, צו זינדיגען. דיא תורה
האָט נעמליך געזאָגט, אז אַ מלך זאָל ניט נעהמען קיין סך ווייבער
און ניט האָבען קיין סך פערד, און דאָ האָט דער פסוק אויסגעזאָגט
דעם טעם, אז דיא ווייבער קענען איהם פערפיהרען צו זינד און
צוליעב דיא פערד קען ער געהן קיין מצרים. האָט שלמה המלך
געזאָגט: וויבאלד נאָר צוליעב דעם טאָר מען דאָס ניט, אָבער דיא
זאך אליין איז ניט קיין זינד, מעג איך יאָ נעהמען אַ סך ווייבער
און האָבען אַ סך פערד, ווייל איך וועל מיך ניט לאָזען פערפיהרען.
(פסחים קי"א). אלזאָ, לויט דער רעליגיאָן טאָר מען גאָר ניט
טראַכטען וועגען אַ טעם פון איהרע געבאָט. דאָס פערגעסען זיי!

וועלכער מענש מיט געזונדען פערשטאנד זעהט דען ניט אליין,
אז ניט צוליעב דיא צוגעטראַכטע טעמים היטען פרומע פרומ־
קייט? אויב ניט מ'ל זיין אַ קינד איז נאָר אזאַ עברה, ווייל עס איז
אונגעזונד, דאַרף דאָך זיין פונקט אזאַ עברה ניט טהאָן אַ קינד אנ־
דערע געזונדע זאכען. פון דעסטוועגען, אז אַ פרומער איד וועט זעהן
איינעם ניט וואשען אַ קינד'ס קעפּל, וועט ער איהם גאָר ניט

שילטען און ניט שרייען „פושע עוכר ישראל!" ווען אָבער ער זעהט איינעם זיין קינד ניט מל זיין, וואָלט ער איהם דעם קאָפּ צו־שפּאָלטען פאר כעס.

דער אמת איז, אז מיט דיא רעליגיעזע מצוות און עברות איז וויא מיט די נאטור־פּאסירונגען: דיא פאנאטיקער מיינען, אז אלץ וואָס עס פּאסירט איז צוליעב דעם וואָס עס דארף ארויס־קומען דערפון, אלס פאָלגע. דער פאקט אָבער איז, אז אלצדינג וואָס פּאסירט, איז נאָר דורך א'ן אורזאכע, וואָס דיא פּאסירונג איז פון איהר ארויסגעקומען, און וויטער גאָר ניט.

דיא נאטור ווייסט ניט פון קיין צוועק, נאָר בלויז פון אור־זאכען. וואָס עס איז פּעראורזאכט צו זיין, דאָס מוז זיין און דאָס איז, אלץ איינס וואָס דערפון קען ארויסקומען.

אנשטאט צו פרעגען: „צו וואָס איז דאָס אזוי?" פרעגט דער קלאָהרער פערשטאנד גאָר: „פון וואָס איז דאָס?"

קיין זאך איז ניט צו עפּעס; אלעס קומט פון עפּעס.

אלזאָ, דעם טעם פון זאכען דארף מען ניט זוכען נאָך זיי, נאָר פאר זיי. ניט אין זייערע פּאָלגען, נאָר אין זייערע אורזאכען.

אָט פּונקט אזוי איז עס מיט דיא רעליגיעזע דינים און מנהגים: דיא פראגע איז ניט: „צו וועלכען צוועק זיינען זיי?" נאָר: „פון וואָס זיינען זיי ארויסגעקומען?"

דער זיכערסטער בעוויז, אז דיא רעליגיעזע מנהגים און דינים זיינען ניט „געגעבען געוואָרען" צוליעב א צוועק, נאָר זיי זיינען ארויסגעקומען פון אורזאכען, איז דער פאקט, דאָס עהנליכע רע־ליגיעזע דינים און מנהגים, מצוות מיט עברות, זיינען געווען ביי אלע פערשיעדענע פעלקער; אפילו אזעלכע, וואָס האָבען קיין מאָל ניט געהאט און ניט געקענט האָבען קיין שום פערבינדונג איי־נע מיט דיא אנדערע, וויא מיר האָבען שוין געזעהען ביי כשר און טרפה און וועלען באלד זעהען ביי אנדערע מצוות.

שוין לאנג האָבען זיך פאָרשער געוואונדערט, וואָס ביי א סך רעליגיאָנען פון אלטע פעלקער זיינען דאָ דינים און מנהגים, מצוות און עברות, וואָס זיינען מערקווירדיג עהנליך צו דיא אידישע. אפילו ביי אזעלכע פעלקער, וואָס האָבען ניט געקענט האָבען קיין שום

פערבינדונג מיט אידען און עס איז ניט מעגליך, אז זיי זאָלען האָבען זיך אָבגעלערנט איינע פון דיא אנדערע דיעזע זאכען. היינט וואונדערט מען זיך ניט מעהר. דיא אלע זאכען קומען ביי אלע פעלקער פון גלייכע אורזאכען אין דער מענשליכער גאטור.

דאָס האָבען מיר שוין געזעהען ביי כשר און טרפה און דאָס ווע‍לען מיר יעצט זעהען ביי טומאה וטהרה און איינינע אנדערע מצוות.

## II.

## פערשיעדענע מינים טומאה.[1]

שאל גוי אחד את ר' יוחנן בן זכאי:
„אילין עובדייא דאתון עבדין נראים כמין כשפים. אתם מביאים פרה ושורפים אותה וכותשין אותה ונוטלין את אפרה וכשאחד מכם מטמא למת מזין עליו שנים ושלשת טיפין ואתם אומרין לו „טהרת!"

אמר לו: לא נכנסה בך רוח תזזית מימיך?

אמר לו „לאו".

„ראית אדם שנכנסה בו רוח תזזית?"

אמר לו הן

אמר לו: „ומה אתם עושים לו?"

אמר לו: „מביאים עקרין, מעשנין תחתיו ומרביצין עליו מים והיא בורחת.

אמר לו: „ישמעו אזניך מה שאתה מוצא מפיך. כך הרוח הזה רוח טומאה....... מזין עליו מי נדה והיא בורחת".

(מ"ר במדבר פי"ט)

אזוי וויא עסענוואַרגען קענען נאָך דיא אידישע רעליגיאָן ווער־רען „טרפה" דורך בעריהרונג, אזוי קען דער איד אליין ווערען „טרפה" דורך בעריהרונג. אזוי וויא טרפה־געוואָרענע כלים מוז מען „כשר'ן", אזוי האָט מען אמאָל געמוזט „טרפה"־געוואָרענע אידען „כשר'ן". נאָר דיא מענשליכע „טרפה'קייט" האָט ניט גע־הייסען „טרפה", נאָר „ט מ א", און דאָס מענשליכע „כשר'ן" האָט געהייסען „מטהר זיין".

דריי מינים זאכען זיינען געווען „טמא“ און האָבען געמאכט טמא דורך בעריהרונג.

1) מתים, 2) קרעציגע, 3) ווייבערשע און מענערשע זאכען.

לאָמיר בעטראכטען דיא דריי מינים, יעדע בעזונדער.

## 1) מתים.

ווענען מתים שטייט אין דיא תורה דאָס פאָלגענדע:

„ווער עס ריהרט אָן א מת פון יעדען מענשליכען נפש זאָל זיין טמא זיבען טעג. ער זאָל זיך רייניגען דערביי אין דעם דריטען טאָג און אין דעם זיעבעטען טאָג און ער זאָל ריין ווערען. און ווען ער וועט זיך ניט רייניגען אין דעם דריטען טאָג און אין דעם זיעבעטען טאָג, זאָל ער ניט ריין ווערען. ווער עס ריהרט אָן אין א מת פון א מענשליכען נפש און רייניגט זיך ניט, דער האָט פערוּנרייניגט גאָט'ס רוהע־פּלאַץ און דיעזער נפש זאָל אויסגעריסען ווערען פון ישראל... ווען א מענש שטארבט אין א הויז, זאָל יעדער, וואָס קומט אין דעם הויז און אלץ וואָס איז אין הויז זיין טמא זיעבען טעג“.

ווייטער שטייט נאָך איינצעלהייטען פון דיא דינים, וויא אזוי מען ווערט אלץ טמא און וויא אזוי מען זאָל „גערייניגט“ ווערען דערפון.

דיא רייניגונג דארף צוגעהן אזוי:

מען זאָל נעהמען א רויטע קוה, וואָס האָט קיין פעהלער ניט און האָט נאָך קיין מאָל קיין יאָך ניט געטראָגען און מען זאָל זיא שעכטען און פערברענען. אין דעם פייער אריין זאָל מען צוּאוואַרפען געוויסע קרייטיכער. פון דעם בלוט פון דיא קוה זאָל מען פריי־הער שפּריצען זיעבען מאָל גענען דעם בית המקדש. און דיא אש פון דיא פערברענטע רויטע קוה זאָל מען בעהאלטען אין א רייגעם אָרט. און יעדעס מאָל, ווען איינער ווערט טמא, זאָל מען נעהמען אביסעל פון דיא אש און אויסמישען מיט קוואל־וואסער אין א כלי און איינטונקען אין דעם א מין פלאנצונג און בעשפּריצען דערמיט דעם טמא'דיגען מענשען אָדער דיא טמא'דיגע זאכען, אין דעם דריטען טאָג און אין דעם זיעבעטען טאָג. דאן זאָל דער

מענש וואשען זיינע קליידער און זיך אליין וואשען אין וואסער, איז ער צוריק אויס טמא. אזוי שטייט אין תורת משה.

און צו ענדע שטייט נאָך אמאָל:

„און א מענש וואָס וועט ווערען טמא און זיך ניט רייניגען, זאָל פערשניטען ווערען דיעזער נפש פון ישראל... און דאָס זאָל זיין פאר אייך א געזעץ אויף אייביג..." (במדבר י"ט). דאָס איז איינער פון דיא רעכטע עיקרים פון תורת משה. און היינט הייבען זיי גאָר ניט אָן צו וויסען דערפון — דיא געוועהנליכע פרומע אידען!!

דיעזען „געזעץ אויף אייביג" פון תורת משה האָבען נעמליך דיא רבנים שפּעטער אָבגעשאפט. כאָטש עס שטייט דארויף א שטרענגע שטראָף, „כרת", פערשניטען ווערען פון ישראל!

דיא רבנים האָבען נעמליך אויסגעטייטשט, אז דיא טומאה איז נאָר צוליעב דעם, מען זאָל ניט פערונרייניגען דערמיט „גאָט'ס רוהע־פּלאַץ". דאָס מיינט מען דעם בית המקדש. אזוי וויא היינט איז ניטאָ קיין בית המקדש, מעג מען בלייבען טמא.

סיי ווי סיי, זיינען היינט אלע אידען „טמא" לויט תורת משה. ווארום ווער ריהרט דאָס ניט אמאָל אָן א מת? אָדער קומט ניט אמאָל אריין אין הויז, וואו אמאָל איז געוועזן א מת? אָדער ריהרט ניט אָן זאכען, וואָס זיינען געוועזן אין אזא הויז? און אפילו ווען ניט, איז יעדער, וועמען עס ריהרט אָן איינער וואָס איז טמא — אויך טמא. אזוי שטייט אין תורת משה (שם). אזוי וויא היינט „רייניגט" מען זיך ניט מעהר מיט שפּריצען פון וואסער מיט אש פון דיא פערברענטע רויטע קוה, זיינען מיר אלע „טמא".

אין פסוק שטייט בפרוש: „א מענש וואָס ווערט טמא און רייניגט זיך ניט (מיט דיא אש פון דיא רויטע קוה) זאָל פערשני־טען ווערען דער נפש פון ישראל... און דאָס זאָל זיין א געזעץ אויף אייביג..."

אלזאָ, זיינען מיר היינט אלע „פערשניטען פון ישראל".

אָבער דיא רבנים זאָגען, אז דאָס אלץ איז נאָר צוליעב דעם וואָס דאָרטען שטייט ווייטער: „ווייל גאָט'ס הייליגקייט האָט ער טמא געמאכט", און דאָס מיינט מען, זאָגען זיי, דעם בית המקדש.

דיא פרומע וואָס האַלטען ניט פון דיא רבנים, דיא קאַראַ־אימען, זאָגען זעהר ריכטיג, אז „נאָט׳ס הייליגקייט" מיינט מען דעם מענשענ׳ס נשמה. ווארום אז מען וואָלט געמיינט דעם בית המקדש, וואָלט דאס דאָך ניט געווען קיין „געזעץ אויף אייביג". דעריבער טאַקי האַלטען דיא קאַראַאימען נאָך היינט דיא דינים פון טומאה. ווען זיי קומען אין בעריהרונג מיט מתים, „רייניגען" זיי זיך, וויא אין פסוק שטייט, נאָר חוץ מיט דיא אש פון דיא רויטע קוה, ווייל „דאָס איז היינט ניטאָ".

וואָס איז דער טעם פון דיא דאָזיגע געבאָט?

* * *

דיא היינטיגע האַלב־אויפגעקלערטע זאָגען, אז דאָס איז כדי אידען זאָלען זיין אָבגעהיטען פון אונריינינקייט. מתים קענען זיין געשטאָרבען פון אונריינע קראַנקהייטען, פון אנשטעקענדע חולאת׳ן. אז מען וועט האַלטען אלע מתים פאַר טמא, וועט מען זיך היטען און ניצול ווערען פון אנשטעקענדע קראַנקהייטען.

וויא דום דיעזער האַלב־אויפגעקלערטער טעם איז, קען א בלינדער זעהן.

ערשטענס, וואָס העלפט שוין שפּריצען מיט וואסער און אש פון א פערברענטע רויטע קוה? נעהמט דאָס דען אוועק דיא אנ־שטעקענדע קראַנקהייטען?

צווייטענס, אויב דאָס וואָלט געווען דער טעם, פאַרוואָס האָט מען דאָס אבגעשאפט? וואָס פאַר א שייכות האָט דער בית המקדש מיט אנשטעקענדע קראַנקהייטען? צו דען ווען עס איז ני־טאָ קיין בית המקדש, קען מען זיך שוין ניט אנשטעקען?

דריטענס, ווייסען מיר גאַנץ גוט, אז א טויטער איז ניט מעהר געפעהרליך וועגען אנשטעקענדע קראַנקהייטען וויא א לעבעדיגער. א טויטער וואָס איז געשטאָרבען ניט פון אנשטעקענדע קראַנקהיי־טען איז ניט געפעהרליך; א לעבעדיגער, וואָס לעבט מיט אנ־שטעקענדע קראַנקהייטען, איז יא געפעהרליך.

פאַרצייטיגע חקרנים וויעדער האָבען געגענעבען א'ן אנדערען

טעם אויף דעם. זיי האָבען געזאָגט אזוי: דיא אידען האָבען זיך נעהאט „אָבגעלערנט פון דיא גוים" צו מאכען אלערליי מינים „כישוף" מיט מתים און קברים (אוב וידעוני וזבחי מתים). זיי האָבען נעדיענט צו דיא טויטע כמעט וויא צו געטער, האָבען ביי זיי געזוכט סמנים צום „וואהרזאָגען", האָבען כלומרשט „ארויפ־נעבראכט זייערע נשמות" און האָבען צו טויטע תפילה געטהאָן. האָט תורת משה געוואָלט אידען אָבגעוויינען פון דיא אלע וויל־דע זאכען, דעריבער האָט זיא געמאכט שווערינקייטען, אז מען זאָל זיין טמא ווען מען קומט אין בעריהרונג מיט א מת אָדער מיט אלצדינג, וואָס איז ארום א מת, כדי מען זאָל זיך האלטען פון וויטען פון דיא מתים.

אויף דיעזער טעם איז נאטירליך „געמאטערט".

ערשטענס, גראדע אָט דיא געהיימניספאָלקייט,—וואָס תורת משה הילט ארום דיא מתים, אָט טאקי דיא דאָזיגע געזעצע — גראדע דאָס איז ערשט פעהיג צו מאכען גלויבען, אז ארום דיא מתים איז מי יודע וועלכע איבערנאטירליכע וואונדער.

צווייטענס, וואָס העלפט דאָ וויטער דיא אש פון דיא רוי־טע קוה? אז מען קען זיך רייניגען מיט דיא אש, קען מען דאָך וויטער גיין „דיענען" צו דיא טויטע.

און דריטענס, דיא אלע דומהייטען וועגען טויטע זיינען נאָר ניט געווען דוקא „פארצייטענס ביי דיא גוים", דאָס עקזיסטירט ביי אידען אויך, ביז היינטיגען טאָג. און דאָס איז נאָר טהיילוויז א שטיק פון זייער אידישע רעליגיאָן: מען גייט תפילה טהאָן אויף דיא קברים; מען שיקט דיא טויטע „לויפען און בעטען פאר'ן כסא הכבוד"; מען „פערווישט" קראנקהייטען מיט א טויטענס האנד; מען מאכט מיט דעם טויטען אלערליי צערעמאָניעס ביי דיא טהרה; מען שטעלט אוועק א גלעזעל וואסער מיט א טיכעל פאר זיין נשמה צו וואשען זיך און א ליכטעל דערביי, וויא ביי א הייליגע זאך. אלץ געגווי אזעלכע ווילדע זאכען, וויא דיא „מעשה אוב וידעונים ודורשים אל המתים" פון דיא גוים! און דיא דינים פון טומאה זיינען נאָר אָבגעשאפט!

* * *

קורץ, אויך אין דיעזע שטיק רעליגיאָן דארף מען ניט זוכען קיין צוועק נאָר א'ן אורזאכע; ניט קיין „צ־וואָס“ נאָר א „פון וואָס“.

און געפינען וועט מען דאָס, ווען מען וועט בעטראכטען, אז ענליכע מנהגים וועגען דיא טומאה פון טויטע זיינען געווען און זיינען דאָ ביי אלע ווילדע פעלקער!

מען דארף אלזאָ נאָר זעהן, וועלכע אורזאכע דאָס האָט ביי אנדערע פעלקער.

עס איז זעהר מערקווירדיג, אז א'ן אָנצוהערעניש אויף דעם געפינט זיך אין דער גמרא. דאָס איז דאָס שטיקעל מדרש, וואָס מיר האָבען געשטעלט פאר א מאָטטאָ אויף דיעזען קאפיטעל.

אָט איז דיא איבערזעצונג דערפון:

א גוי האָט געפרעגט ר' יוחנן בן זכאי: דיא צערעמאָניעס וואָס מען מאכט ביי אייך אידען זעהען אוים פונקט וויא כישוף־מאכעריי. איהר נעהמט א קוה און פערברענט זיא און צורייבט זיא און נעהמט איהר אש און מישט אוים מיט וואסער און ווען איינער פון אייך ווערט טמא פון א מת, שפריצט איהר אויף איהם צוויי־דריי טראָפּען און איהר זאָגט: ביזט שוין טהור.

האָט דער תנא געענטפערט דעם גוי: איז קיין מאָל ניט אריין א בייזער גייסט אין דיר? זאָגט ער — ניין. זאָגט ער: האָסט דו אמאָל געזעהען א מענשען וואָס אין איהם איז אריין א בייזער גייסט? זאָגט ער יא.

און וואָס טהוט איהר איהם? פרעגט דער תנא ווייטער דעם גוי.

מיר ברענגען, זאָגט ער, וואָרצלען און מיר רויכערען עס אונ־טער דעם מענשען און מיר שפריצען אויף איהם וואסער, אנט־לויפט דער בייזער גייסט ארוים פון איהם.

זאָגט דער תנא: טאָ זאָלען הערען דיינע אויערען וואָס עס גייט ארוים פון דיין מויל: אָט דיעזער בייזער גייסט איז דאָס דער גייסט פון טומאה

ב י י א ו נ ז... שפריצען מיר אויף איהם דאָס שפריץ־וואסער, אנטלויפט ער".

דאָ איז אלזאָ דייטליך געזאָגט, אז גאנץ עהנליכע צערעמאָ־ניעס זיינען געווען ביי דיא אנדערע פעלקער אויף און אז דער „רוח הטומאה", פון וועלכע תורת משה רעדט, איז פשוט דאָסזעל־בע וואָס דיא „בייזע רוחות" אין דער אבערגלויבישע פאנטאזיע פון אלע אונציוויליזירטע מענשען!

עס איז אמת, אז דער מדרש דרייט דאָס דערנאָך צוריק. דען ווייטער שטייט דאָרטען אזוי:

נאָכדעם וויא דער גוי איז ארויס פון דעם תנא, האָבען זיינע תלמידים צו איהם געזאָגט: רבי, מ״לא דעם גוי האָסטו וויא עס איז פערדערט דיא צייהן („דחית בקש"); אונז אָבער וואָס זאָגסטו? — וואָס איז דער טעם פון טומאה און פון דיא רויטע קוה? — האָט ער געזאָגט צו זיי: אזוי וואהר וויא איהר לעבט, ניט דער מת מאכט אומריין און ניט דאָס וואסער מאכט ריין, נאָר גאָט האָט געזאָגט, א געזעץ האָב איך געגעבען און איהר מוזט האלטען".

אָט אזוי דרייט דער מדרש באלד צוריק זיין עכט־וויסענ־שאפטליכע עטהנאָלאָגישע ערקלערונג פון דיא דאָזיגע מצוה!

אָבער, וואָס דער פרומער מדרש דרייט צוריק איז נאטירליך קיין וואונדער נים. וויא קען דער גלויביגער בעשטיין דערויף צו זאָגען, אז דיא צערעמאָניעס פון זיין רעליגיאָן זיינען פשוט דאָס־זעלבע וואָס עהנליכע צערעמאָניעס ביי אלע רעליגיאָנען? ער מוז דאָך זאָגען, אז יענע זיינען טאקי פוסטע צערעמאָניעס, אָבער זיי־נע האָט גאָט אליין געהייסען...

וואָס העלפט דאָ אָבער זיין צוריק־דרייען? קודם זיינען מיר דאָ דערגאנגען א זיכערען פאקט, „במסיח לפי תומו", אז אין יענע צייטען זיינען ביי דיא אנדערע פעלקער אויך געווען גאנץ עהנליכע צערעמאָניעס וויא דיא דינים פון טומאה וטהרה אין תורת משה, און אז ביי זיי איז עס געווען צוליעב דיא בייזע רוחות, וואָס זיי האָבען זיך איינגעבילדעט, אז עס רוהען אויף דיא טויטע. דיעזער פאקט צייגט זיך ארויס פון דיא דאָזיגע געשיכטעלע

מיט זיכערהייט. און אויך זעהט מען דערפון, אז דעם תנא אליין איז איינגעפאלען א געדאנק, אז מען קען זאגען, אז דאס איז דאס־זעלבע. פאר דענקענדע מענשען איז דאס גענוג. מעג דער פרומער תנא דאס צוריקדרייהען — מיר זיינען אבער קודם דא רערנאנגען, וואס ביי דיא פעלקער דיא שכנים פון אידען איז געווען דיא טומאה פון דעם מת:

איינגעבילדעטע בייזע גייסטער איז דאס געווען!

און מיר קענען שוין אליין פערשטיין, אז נאטירליך און געווים איז דיא אידישע „טומאה" גענוי דאסזעלבע!

און דיא נייסטע וויסענשאפטליכע פארשונג ביי אלע פאר־צייטיגע און היינטיגע ווילדע פעלקער בעווייזט דאס טאקי אויך, וויא מיר וועלען אצינד צייגען.

(אגב: ווער עס וויל ווייעדער דוקא גלויבען ר' יוחנן בן זכאי'ן, זעהט דאך ווייערער, אז ער ערקלערט, דאס דער מת מאכט נים אומריין און דאס שפרענג־וואסער מאכט ניט ריין — אלזא איז דאס נים צוליעב ריינליכקייט און ניט צוליעב קיין מענשליכע ערקלערונג — נאר עס איז א געזעץ פון גאט און דער מענש טאר נים זוכען קיין ערקלערונג. דאס איז דער בעגריף פון דעם גלויבען.)

אט וואס דיא נייערע פארשונג האט ענטדעקט:

* * *

ביי דיא פארצייטיגע פערזער (פרסיים) איז א מת געווען אזוי „טמא", אז זיי האבען אם ליעבסטען זייערע טויטע ניט בעגראבען, אום דיא ערד ניט „טמא" צו מאכען. זיי פלעגען אפט אוועקלייי־גען זייערע טויטע אויף א פעלז אין דיא וויסטענישען, ביז דיא רויב־פויגעל האבען זיי אויפגעפרעסען.

אין זייער הייליגע תורה, דעם „זענד אוועסטא", שטייט, אז גאט ארמוצד האט געזאגט צו זאראטהוסטרא (זייער משה רבנו), אז „ווען דיא רויב־פויגעל גראבען מיט זייערע שנאבלען אין דעם פלייש פון דעם טויטען, טראגען זיי דערנאך ארויף זיין פלייש אין זייערע שנאבלען אין הימעל, און דאס ערהויבט דעם טויטען און עס איז גוט פאר איהם".

זיי האָבען א בעזונדערען חומש מיט דינים וועגען טמא־זאַ־כען. „וועגדידאַט" הייסט דער דאָזיגער חומש זייערער. דאָרטען שטייט, אז אין דעם טויטען קערפּער רוהען רוחות הטומאה און מזיקים. דעריבער איז ער טמא!

זייערע דינים פון טומאה זיינען זעהר עהנליך צו דיא זעלבע דינים פון תורת משה. ווען א פייכטע זאך ריהרט אָן אָן א טוי־טען, איז דיא זאך טמא; ווען א טרוקענע — נים.

„תבואה אדער גראָז — שטייט אין זייער חומש — וואָס איז פייכט בלויז פון טהוי אדער פון זייער אייגענע פייכטקייט ווערען ניט טמא, ווען זיי ריהרען אָן אן א מת. ווען אָבער זיי זיינען נאס געוואָרען פון וואסער, ווערען זיי יא טמא". גאנץ עהנליכע דינים זיינען דאָ אין דיא אידישע רעליגיאָן.

„ווער עס ריהרט אָן אָן א מת, זאָל זיין טמא" — שטייט אין דעם פּערזישען חומש, וועלכער איז פילייכט נאָך עלטער וויא דער אידישער. „א מעטאלענע כלי, ווען זיא ווערט טמא, זאָל אויס־נעגליהט ווערען: א הילצערנע, — זאָל מען טובל זיין".

און גאנץ עהנליכע דינים און מנהגים געפינט מען כמעט ביי אלע ווילדע פעלקער און שבטים, אין דיא וויטעסטע לענדער און אינזלען, וועלכע האָבען ניט געהאט און ניט געקענט האָבען קיין שום פערבינדונג מיט דיא פעלקער, צו וועלכע דאָס אידישע פאָלק האָט געהערט.

„דיא ווילדעסטע פעלקער" — שרייבט דער פאָרשער סמיטה — „רייסען זיך ניט אָפּ פון דיא טויטע קערפּערס פון זייערע גע־ליעבטע פערשטאָרבענע, אָבער זיי גלויבען אויך, אז זעהר שעד־ליכע ביזע גייסטער רוהען אויף דיא טויטע, אויף דעם נעלעגער פון שטאַרבענדע און אויף דיא קברים. א סך פון זייע־רע צערעמאָניעס ביי דיא טויטע האָבען פאר זייער צוועק צו פער־טרייבען דיא רוחות און דיא מזיקים".

וועגען דיא ווילדע מאַאָרים, אין ניו־זעעלאנד, שרייבט דער פאָרשער פרייזער:

„יעדער וואָס ריהרט ביי זיי אָן א טויטען, אָדער העלפט ביי דיא קבורה, אָדער ריהרט אָן טויטען־ביינער, ווערט דערווייטערט

פון מענשען און טאָר ניט האָבען קיין שום פערבינדונג מיט מענ־שען. ער טאָר זיך ניט צוריהרען צו קיין זאַך. צו וואָס ער דיהרט זיך צו ווערט באלד בעזעסען פון דעם טייוועל. — (אָט דאָס איז אונזער „טמא״!) — א געוויסע צייט בלייבט דער מאָרי אזוי „פערטייוועלט״. ווען דיא צייט איז אריבער, מוזען צובראָכען ווערען אלע כלים וואָס ער האָט גענוצט אין זיין „פער־טייוועלטע״ צייט און אלע קליידער, וואָס ער האָט געטראָגען ווע־רען פערברענט, אז זיי זאָלען ניט ווייטער פערשפרייטען זיין „פער־טייוועלטקייט״.

ביי אידען איז נאָך ביז׳ן היינטיגען טאָג אויף דאָ דער איינגע־נער בעגריף, אז דיא מתים האָבען ארום זיך בייזע „רוחות הטומאה״ און מזיקים. א מאסע צערעמאָניעס ביי דיא לויה האָבען פאר׳ן צוועק צו פערטרייבען דיא רוחות.

צוליעב דעם זאָגט מען דאָך אונצעהליגע מאָל „יושב בסתר״ ביי א לויה. אין דעם קאפיטעל שטייט נעמליך וועגען טויזענדער בייזע רוחות, וואָס לויפען נאָך, און עס ווערט געבעטען, אז „פון דיין לינקער זייט זאָלען זיי פאלען טויזענדערווייז און פון דיין רעכטער זייט צעהן טויזענדערווייז״. (יפול מצדך אלף ורבבה מימינך). און „זיינע מלאכים זאָל ער דיר בעפעהלען, צו היטען דיך אויף אלע דיינע וועגען״. „גאָט וועט דיך בעשיצען מיט זיינע פלי־געל... און דוא ווערסט ניט קיין מורא האָבען פון דעם פחד ביי נאכט״. אָט דאָס שטייט אין „יושב בסתר״.

אין מאנכע קהילות שטעלט מען זיעבען מאָל אוועק דיא מטה מיט דעם מת און אלע נעהמען אוועק דיא הענד און מען זאָגט דערביי: „נעהמט אוועק פון איהם, איהר שלעכטס טהוערס!״ דאָס איז אלץ אוועקצוטרייבען דיא „רוחות הטומאה״, וואָס שוועבען ארום א מת, וויא דיא פליעגלאך ארום א בארג מיסט.

דיעזע איינגעבילדעטע „בייזע רוחות״, אין וועלכע אלע ווילדע גלויבען, איז דאָס דיא „טומאה״ פון תורת משה.

* * *

פון וואנען האָט זיך גענומען ביי אלע פעלקער איין גלייכע פאנטאזיע, אז ארום א טויטען „רוהען״ בייזע רוחות הטומאה?

דיא פארשער גיבען אויף דעם פערשיעדענע ערקלעהרונגען. חוץ יענע ערקלעהרונגען, קען מען זיך, שיינט מיר, אליין משער זיין די פסיכאלאגיע דערפון: דאס איז פאנטאזיע־בילדער פון דיא אינסטינקטיווע שרעקעניש פאר דעם אונבעוואוסטען.

אלעס וואס לעבט איז ארומגערינגעלט מיט סכנות. בעזאנ־דערס דער מענש אין דעם פרימיטיווען נאטור־לעבען.

דערפון קומט עס, אז פון נאטור, אינסטינקטיוו, ליגט אין דעם מענשען, ווי אין יעדע לעבעדיגע בעשעפעניש, א שרעק פאר דעם אונבעוואוסטען, אונבעקאנטען.

וואו מען קען דיא געפאהר זעהן, פיהלט מען זיך ווי מיט א שונא פנים אל פנים. מען ריכט זיך דערויף און מען איז גרייט זיך צו העלפען ווי ווייט מען קען. וואו אבער דיא געפאהר איז פער־בארגען, ווערט מען צומישט, צוטומעלט, מען ווייס ניט וואס מען קען דא טהאן, מען ווייס ניט וואס מען האט צו ערווארטען.

דעריבער איז נאטירליך, אז פאר יעדען געהיימנים, פאר יע־דע אונבעגרייפליכקייט, פאר יעדע זאך, וואס רייצט דיא פאנ־טאזיע און מאהלט אויס אין מוח „עפעס“, „עפעס“ וואס מען ווייס ניט וואס, שרעקט מען זיך, אזוי ווי פאר אונבעקאנטע געפאהרען. ווער ווייס וואס דארט איז!...

דעריבער „דערשמעקט“ דער מענש געפעהרליכע זאכען אין יעדען צושטאנד פון פינסטערניש, פון ניט־בעגרייפען.

ווען א קינד איז אין דער פינסטער, שרעקט ער זיך. ווען ער הערט דעם בעקאנטען קול פון א מענשען, ווערט איהם שוין גרינ־גער. ווי נאר מען צינדט אן א ליכט, פערגעהט דער פחד אין גאנצען. פארוואס? ווייל וואו ער הערט עפעס, ווערט שוין עט־וואס אבגעשניטען דיא פליגעל פון דער פאנטאזיע. וואו ער זעהט אויף, איז שוין זיין בעגרייפונג אויסגעפילט און אויס פאנטאזיע. וואו ער הערט גאר ניט און זעהט גאר ניט, איז דיא פאנטאזיע גאנץ פריי און אין מוח מאהלען זיך אנבעגרייפליכע זאכען.

דיא ווירקליכקייט האקט אב דיא איינבילדונג. ממשות שטעלט א גרענעץ צו דער פאנטאזיע.

וואס דער מענש זעהט און הערט, דאס פילט באלד אויס זיין

גאנצע בעגרייפונג. עס בלייבט ביי איהם ניט קיין פלאץ אין קאפ אויף פאנטאזיעס וועגען דעם. סיידען ווען ער טראכט שוין מעהר נאך. וואס דער ניט־דענקענדער מענש זעהט און הערט און ווערט געוואוינט דערמיט בלייבט איהם שוין וועגען דעם ניט קיין קשיות און ניט קיין פאנטאזיעס, וואו אבער ער הערט עפעס און זעהט עס ניט, אדער וואו ער זעהט ניט און הערט ניט, דא איז זיין פאנט־טאזיע פריי און זיא צושפיעלט זיך און חלום'ט און „זעהט" ווער ווייס וועלכע ניט געשטויגענע ניט געפלויגענע זאכען. און דיא פאנטאזיע שרעקט זיך...

נון, דער טויט מאכט אויף אזא איינדרוק ווי פינסטערניש. ווען מען זעהט א טויטען, ערוועקט זיך א'ן אונהיימליכקייט, א נאטירליכע שרעקעניש. דען מען זעהט דא פאר זיך א מענש וואס האט געלעבט און געלאכט. מען איז געוואוינט, אז אזא מענש זאל צו אונז קוקען, רעדען, לאכען, וויינען. ווען מיר זעהען דעם טויטען מענשען, ערוועקט ער ביי אונז פון געוואוינהייט דעם איינדרוק פון א לעבעדיגען. עס דאכט זיך, אט דארף ער עפענען דיא אויגען און דאס מויל און זעהען אונז און רעדען צו אונז, אזוי ווי מיר זיי־נען געוואוינט צו זעהען אזא קערפער טהון. זעהען, אבער, זעהט מען איהם ניט טהון דאס וואס דיא פאנטאזיע שטעלט זיך פאר אז ער דארף טהון. דיא פאנטאזיע איז אלזא דא אויך ניט אבגע־שניטען דורך קיין ווירקליכקייט, ניט בעגרענעצט דורך קיין ממשות — פונקט וויא אין דער פינסטער. ד״א פאנטאזיע צושפיעלט זיך פריי און מאהלט זיך „עפעס" „עפעס", „ווער ווייס וואס"! דער־צו איז דער טויטער געוועהנליך זעהר פערענדערט און מאכט א שרעקליכען איינדרוק. דאס העלפט אויך אויפרעגען דיא פאנטאזיע און זיך פארשטעלען מי־יודע וואס.

און פונקט וויא אין פינסטערניש, אזוי מאהלט זיא אויך דא, נאטירליך, באלד עפעס ב י י ז ע ס. עפעס ש ע ד י ג ע נ ד ע ס.

דאס „עפעס בייזעס" איז דאס דער „בייזער גייסט"; דאס „עפעס שעדליכעס" זיינען דאס דיא „מזיקים". וואס דיא פאנטאזיע האט זיך געמאהלען ארום דעם טויטען.

...זוֹד אֶם איז זיין „טומאה" !

דאָס איז גאָר ניט מעהר און ניט ווייניגער וויא דיא נאַטיר־ליכע פסיכאָלאָגישע פּראָדוקטען פון דיא פינסטערע פאַנטאַזיע פון אַלע ווילדע מענשען און זייער קינדערישער אונוויסענהייט און אונ־ווּיסענדער קינדהייט.

## 2. — קרעציגע.

וואָס איז מיט די געזעצע פון תורת משה וועגען קרעציגע? זיינען דיעזע געזעצע צוליעב היגיענע, צוליעב פּראָזיכטיגקייט, אז מען זאָל זיך ניט אָנשטעקען מיט דיא קראַנקהייט? זיינען דאָס מאַסרעגלען אזוי וויא דיא געזעצע פון דיא געזונדהייטס־בע־הערדע?

עס זיינען דאָ אפילו פּרייזיניגע מענשען, וואָס זאָגען אז יא.

„אפילו“ פּרייזיניגע איז אייגענטליך ניט ריכטיג; נ אָ ר פרייזיניגע זאָגען אזוי. אמת'ע פרומע גלויביגע אידען, טאָרען גאָר ניט זאָגען אז גאָטס געבאָט זיינען מעדיצינישע מאַסרעגלען. וויא קען גאָט אליין פערלאַנגען פון מענשען זיי זאָלען בענוצען נאַטירליכע פּערהיטונגען געגען זיינע אייגענע אָנשיקענישען? ער וואָלט דאָך דערמיט געזאָגט, אז דיא נאַטור־געזעצע זיינען שטאַרקער וויא זיין געטליכער רצון!

און דאָך וועט איהר הערען פון היינטיגע פרייזיניגע אידישע פּאַטריאָטען שרייען פונקט פערקעהרט: זיי שרייען, אז ווען איהר האָט אַ אידיש הארץ, מוזט איהר זאָגען, אז מיט 3000 יאָהר צו־ריק האָבען אידענס רעליגיאָנס־גרינדער געוואוסט פון היינטיגע הי־גיענע און מעדיצין און צוליעב דעם האָבען זיי געגעבען געוויסע געזעצע. און אז איהר זאָגט אז עס איז ניט אזוי, שרייען זיי, אַז איהר זייט אַ'ן „אַנטיסעמיט“, אז איהר זוכט „אָראָבצווזעצען“ דיא אידישע לעהרען! הייסט דאָס, אז אַלע אידען פון דיא אַלע טויזענ־דער יאָהרען זיינען געווען אַנטיסעמיטען און אלע היינטיגע פרו־מע אידען, די אמת'ע אידען, זיינען שלעכטע אידען!

דער וויסענשאַפטליכער אמת אָבער שרעקט זיך ניט אָב פאַר דיא געשרייען פון דיא ניי־מאָדישע פּאַטריאָטען. דער וויסענשאַפט־ליכער אמת איז אז דיא געזעצע פון דיא אידישע תורה וועגען

קרעציגע זיינען ניט צוליעב היגיענע, נאָר צוליעב דעם גלויבען, אז דער קרעציגער איז אַ רשע, אַ געשטראָפּטער פון גאָט, און אַז אויף איהם רוהט אַן איבערנאַטירליכע „רוח הטומאה"; אַט דעריבער טאָר מען איהם ניט צולאָזען צווישען כשר'ע אידען.

דער בעוויז דאַרויף איז, אַז אַ קרעציגער ווערט ניט אָנגערו־פון אַ קראַנקער, נאָר אַ טמא'דיגער. דיא סמנים, וואָס דיא תורה גיט, וויא אַזוי דער כהן זאָל דערקענען אויף דעם קרעציגען, אַז מען מעג איהם שוין אַריינלאָזען צווישען אידען, זיינען ניט קיין סמנים, ווען ער איז שוין געהיילט פון זיין קראַנקהייט, נאָר ווען ער איז שוין „טהור", ריין פון זיין טומאה.

דיא אידען וואָס האָבען געשריבען דיא קריסטליכע תורה, האָבען אויך דערציילט, ווי יעזוס האָט „געהיילט" אַלערליי קראַנק־הייטען און „טהור געמאַכט" קרעציגע פון זייער „טומאה". אַלזאָ, זעהט מען דאָך ארויס, אַז ביי אידען איז קרעציגקייט געווען ניט קיין קראַנקהייט, נאָר אַ טומאה. פון איהר האָט מען ניט אויסגע־היילט, נאָר „טהור" געמאַכט.

דיא תורה הייסט ארויסטרייבען דעם קרעציגען און צורייסען זיינע קליידער, און פערהילען זיין פנים ביז איבער דיא אויבערשטע ליפ און ער מוז געהן און שרייען „טמא, טמא!" דאָס אַלץ האָט נאַטירליך גאָר ניט צו טהון מיט היגיענע און מיט מעדיצין. דאָס איז אַ רעליגיעזע צערעמאָניע צוליעב „רוחות הטומאה".

דער בעסטער בעוויז דערויף איז, אַז לויט תורת משה האָט אַ מלבוש און אַ הויז אויך געקענט ווערען פונקט אַזוי טמא, ווען עס האָבען זיך בעוויזען אין זיי געוויסע פלעקען. דאָס איז מסתמא געווען געוויסער שימעל. און אויך וועגען דיעזע פלעקען זיינען דאָ גענויע פאַרשריפטען מיט סמנים, וויא אַזוי דער כהן זאָל דאָס בע־האַנדלען, — ווען ער זאָל דאָס ערקלעהרען פאַר „טמא" און ווען פאַר „טהור". אַזעלכע פלעקען אויף קליידער און ווענד האָבען שוין געווים גאָר ניט צו טהאָן מיט קיין אַנשטעקענדע קראַנקהייטען און מיט קיין היגיענע. און דאָך גיט דיא תורה וועגען זיי פונקט אַזעל־כע געזעצע, וויא וועגען קרעציגע מענשען. איז דאָך אַ בעוויז, אַז

ביידע האָט מען בעטראכט פאר גלייכע סמנים פון איבערנאטיר־ליכע כחות הטומאה.

דיא גמרא דערציילט, אז ווען דער תנא ריש לקיש האָט גע־זעהען א קרעציגען, האָט ער אויף איהם געוואָרפען שטיינער און איהם צוגערופען: „פוק לאתרך, לא תזהם בריתא!“ — ארויס אין דיין אָרט, דוא זאָלסט ניט טמא מאכען קיין מענשען! וואר־פען שטיינער איז דאָך געווים ניט געווען קיין היגיענישער מאס־רעגעל... זיי האָבען פשוט געהאסט און פעראכטעט דיא קרעציגע, אלס מענשען, וואָס דער „רוח הטומאה“ האָט זיך אָנגעקלעפט אָן זיי.

אין פסוק שטעהען אויסגערעכענט זיעבען סאָרטען מענשען וועלכע גאָט פעראכטעט (משלי י'), זאָגט ר' יוחנן דערויף, אז דיא אלע ווערען געשלאָגען מיט קרעציגקייט. און ר' לוי זאָגט, פאר וואָס האָט מען געהייסען א קרעציגען פערהילען זיין פנים ביז'ן מויל? „ווייל גאָט וויל ניט, אז דער ר ש ע זאָל איהם ליבען“. הייסט עס, אז דער קרעציגער איז א „רשע“!

אלזאָ, זיינען דיא דינים וועגען קרעציגע ניט קיין ליכטיגע היגיענע, נאָר פינסטערער אבערגלויבען. אנשטאט צו בעדויערען דעם אומגליקליכען און צו העלפען איהם, האָט מען איהם, אוים פינס־טערען אבערגלויבען, פערטריעבען און פעראכטעט, אלס א „רשע“, א בעזעסענעם פון רוח הטומאה.

וועגען דעם, אז דיא קראנקהייט גופא גייט איבער פון איי־נעם צום אנדערען, איז קיין סמן ניטאָ אין דיא הייליגע שריפטען. דיא רעדע איז נאָר וועגען דיא „טומאה“ וואָס גייט איבער. גענוי אזוי ווי ביי איינעם, וואָס ריהרט אָן א טויטען. דער מצורע מאכט אנדערע „טמא“, לויט דיא תורה, אָבער ניט קרעציג.

היינטיגע ראציאָנאליסטען ווילען זיך איינרעדען, אז „טמא“ מיינט מען טאקע אומריין, נאטירליכע אונרייניגקייט, אונריינע קראנקהייט. דאָס איז אָבער פאלש. עס זיינען דאָ ווירקליך אונ־ריינע קראנקהייטען, וואָס זיינען זעהר אנשטעקענד און דאָך זיי־נען זיי ביי דיא רעליגיאָן ניט „טמא“. סיפילים איז ניט טמא. אויך ניט טראכאָמא, דיפטעריע און מאָזלען און טיפוס א. ז. וו.

* * *

ווארום האָבען זיי גראדע פון קרעציגקייט געגלויבט, אז דאָס איז פערבונדען מיט דיא רוחות הטומאה? ווער ווייסט. אפשר ווייל דאָס פערהעסליכט שרעקליך דאָס פנים.

אידען זיינען ניט געווען דיא איינציגע, וואָס האָבען געהאל־טען צרעת פאר טמא.

אין א פאפירוס פון מצרים, וואָס שטאמט פון 500 יאָהר פאר משה, שטעהען בעשריעבען גענויע סמנים פון צרעת. און העראָ־דאָטוס שרייבט, אז ביי דיא פארצייטיגע פרסיים פלעגט מען בע־טראכטען צרעת פאר א שטראָף פאר שווערע זינד געגען דעם זון־גאָט און דער קרעציגער פלעגט דעריבער פערטריעבען ווערען פון צווישען מענשען.

ביי היינטיגע ווילדע איז אויך דאָ א גלויבען, אז קרעציגקייט קומט פון עסען פערבאָטענע שפייז. דאָס מעג זיין שפייז וויא אלע שפייז, נאָר ווען, למשל, דער הייליגער מאן עסט דערפון, ווערט עס „טאבו“, פערבאָטען, און ווער עס עסט דערפון דערנאָך, ווערט געשטראָפט מיט צרעת. ביי דיא פארצייטיגע עגיפטער, ביי וועל־כע דער חזיר איז געווען „טאבו“. האָט מען געגלויבט, אז צרעת קריגט מען פון טרינקען חזיר־מילך.

דער חומש הייסט מאכען דעם קרעציגען „טהור“ אויף אזא אופן: דער כהן זאָל נעהמען צוויי לעבעדיגע פייגעלעך, איינע זאָל ער שעכטען און לאָזען דאָס בלוט אריינרינען אין א'ן ערדערנע כלי מיט קוואל־וואסער און דיא לעבעדיגע פייגעלע צוזאמען מיט א געוויקס „אזוב“ און א צעדערצווייג און א רויטען פאָדעם זאָל ער איינטונקען אין בלוט און דערמיט שפריצען אויפ'ן קרעציגען. דערנאָך זאָל ער דיא לעבעדיגע פייגעלע לאָזען אוועקפליהען — דאן פליהט זיא אוועק מיט דיא רוחות הטומאה, הפנים, און דער קרע־ציגער ווערט „טהור“.

וועלכער מענש ביי'ן זינען קען אין אָט אזעלכע צערעמאָניעס אריינטייטשען היגיענע און מעדיצין?

דאָ דארף אויך דערמאָנט ווערען, אז אין דיא לעצטע צייט בעהויפטען פאָרשער, אז קרעציגקייט איז גאָר ניט אנשטעקענד און

אז דיא גאנצע שרעקעניש פאר א קרעציגען און דיא אונדערבארמ־דיגע צרות וואָס מען מאכט איהם לײדען שטאמט פון דיא פאר־צײטיגע פינסטערע אונװיסענהײט און אבערגלויבען.

3. — װײבערשע און מענערשע זאכען.

דער מאָמענט װען דער מענש דערזעהט דאָס ליכט פון דער װעלט האָט, דאכט זיך, געדארפט זײן דער הײליגסטער. און בײ גלויבינגע נאָך מעהר װיא בײ אונגלויבינגע. דער לעבענס־גײסט איז דאָך בײ גלויבינגע „א טהײל פון גאָט אויבען". זײער גלויבען זאָגט זײ דאָך, אז דער מענש איז געװען א שטיק לײם, א לײמענער גולם, ביז גאָט האָט אין איהם ארײנגעבלאָזען זײן אטהעם. „נר יהוה נשמת חיים", גאָט'ס ליכט איז דיא נשמה פון לעבען. װען, אלזאָ, א לעבעדיגער מענש װערט געבאָרען, ערשײנט דאָך דער־מיט א בליץ־שטראהל פון געטליכקײט אויף דער װעלט. און װאו עס בעװײזט זיך געטליכקײט ערשײנט דאָך הײליגקײט.

און דאָך װערט דער מאָמענט פון געבורט געהאלטען פאר א צײט װען דיא כחות הטומאה בעװײזען זיך אין זײער גרעסטע מאכט.

דיא קינדבעטאָרין װערט שטארק טמא זיעבען טעג און בלײבט האלב טמא דרײ און דרײסיג טעג — װען זיא האָט א אינגעל; און שטארק טמא פיערצעהן טעג און האלב־טמא זעקס און זעכ־ציג טעג — װען א מײדעל װערט געבאָרען. דאָס שטײט אין תורה שבכתב. און לויט תורה שבעל פה איז דיא טומאה, װאָס בע־װײזט זיך בײ דיא געבורט, נאָך פיעל שרעקליכער. אלע כחות פון טומאה האָבען שליטה צו דיא „אשה היולדת", צו דיא „גע־װינערין", — מעהר װיא צו אלע מענשען אין אלע צושטענדען. דער־פון קומען דאָך דיא בערג מיט פינסטערע אבערגלויבערײען װעגען „שמירה ליולדת".

אזױ איז דאָך א איד א אויף גענוג ארומגערינגעלט מיט שמירה, מיט שוץ־מיטלען, נעגען די „כחות הטומאה": מזוזות, תפילין, ציצית, קריאת־שמע־לײענען, תהילים זאָגען, קמעות, הענטלעך, שמירה למגפה, — דאכט זיך, גענוג בעװאפענט און בעשיצט גע־גען דעם שװארץ יאָהר. און דאָך, װען א קינד װערט געבױרען,

ברייננט עס מיט אזוי פיעל כחות הטומאה, אז דיא אלע זיכערע בעוואהרעגישען זיינען אלץ ניט גענוג. דא דארף מען א געוואלטי־גע פערשטארקונג פון דיא בעוואפנונג: עקסטרא שמירה ליולדת, ספר רזיאל צוקאפענס, א בעזעם אין אויווען, א מעסער אונטערן קישען, חדר־קינדער קומען קריאת־שמע לייענען, און נאך, און נאך.

אויף דיא „שמירה ליולדת"־קוויטלאך שטייט דאך „בפרוש", אז אליהו הנביא האט בעגעגענט דיא לילית מיט א מחנה פון מילי־מילאסען מזיקים געהן צו קינדבעטארינס.

דיעזע אלע „שמירות ליולדת" האלטען אפילו א טייל פרומע לומדים פאר איינע פון דיא פינסטערסטע פאנטאזיען און עקעל־האפטעסטע אבערגלויבענס, פון דיא אונגוויסענדסטע פון דיא אונ־וויסענדע. א טייל פון די גרעסטע און פרומסטע למדנים האבען גע־שריען געוואלט, אז א איד טאר גאר ניט בענוצען אזעלכע זאכען, ווייל דאס איז מעשה כישוף, מעשה עבודה זרה. ווען א איד א למדן מיט שכל לאזט ביי זיך אויפהענגען שיר המעלות'ן „ליולדת" איז דאס נאר, ווייל ער וויל זיך ניט ארומקריגען מיט דיא דומע ווייבער און ניט איינרייסען מיט דיא קינדבעטארין.

אבער דער אמת איז, אז דיעזער דומער מנהג שטאמט פון איין קוואל מיט א שטרענגען דין אין תורת משה. נעמליך, מיט דעם דין, אז דיא קינדבעטארין זאל זיין „ט מ א".

מיר האבען שוין גערעדט און בעוויעזען, אז דיא רעליגיעזע „טומאה" בעדייטעט — בעזעסען פון שלעכטע רוחות, פון בייזע גייסטער און מזיקים, וואס מען קען זיי ניט זעהען. ווען א זאך איז ביי א רעליגיאן געווען „טמא", האט דאס געהייסען, אז ארום דיא זאך קלייבען זיך אן אזעלכע „אלדע רוחות". דאס איז אויך דיא טומאה פון א קינדבעטארין. דיא טומאה קען פון איהר ניט אוועק, ביז זיא ברייננט א קרבן צו גאט און דער כהן „רייניגט" זיא דורך דעם קרבן — שטייט אין דיא תורה.

דאס וואס ביי א מיידעל איז זיא צוויי מאל אזוי פיעל טמא ווי ביי א אינגעל, איז מסתמא צוליעב דעם, וואס א מיידעל איז אליין אויך אזעלכע, וואס וועט אמאל ברייננען אויף זיך טומאה אויף דעמזעלבען אופן וויא איהר מוטער...

* * *

אויף דיזער סאָרט „טומאה“ פון תורת משה איז ניט קיין שום ספּעציעלע געהיימנים פון דעם אידישען גלויבען דווקא. דען אויף דאָס געפינט זיך ביי אלע ווילדע מענשען פון אלע עקען פון דער וועלט, — וואָס דאָס בעווייזט, אז עס שטאמט פון א נאטיר־ליכע איינגענשאפט פון דיא מענשליכע פאנטאזיע.

אין דיא אלטע געזעצע פון דעם אינדישען „משה רבנו“, פון זייער געזעצגעבער מאנו, זיינען דאָ פונקט אזעלכע דינים וועגען וויבערשע טומאה. ניט בלויז ביי'ן געלעגען ווערען, נאָר אויף רע־געלמעסיג יעדען מאָנאט איז ביי דיא אלטע אינדיער דיא פרוי „טמא“ אלץ פונקט וויא אין אידישען דין...

דאָסזעלבע געפינט מען אויף אין דיא אלטע תורה פון דיא פּארצייטיגע פּרסיים, אין זייער חומש „צענד אוועסטא“. זייער „משה רבנו“, זאראטהוסטרא, זאָגט דאָרטען, אז ווען עס געהט אָב בלוט פון א מענשען, אדער געוויסע אנדערע זאכען, וואָס מאַ־כען דעם מענשען שוואך, ווען זיי געהען אָב, איז דאָס דיא ארבייט פון דעם בייזען גייסט, דעם שלעכטען גאָט אחרימון (דאָסזעלבע וואָס ביי אידען דער שטן, דער סמאל, דער ס"ם, דער אשמדאי). דע־ריבער שטייט אין דעם פּערסישען חומש אָט אזוי:

„יעדע פרוי, אין איהר מאָנאטליכע צייט, זאָל איינגעשלאָסען ווערען אויף א פערבאָרגענעם אָרט אויף פיער נעכט. און ווען עס איז נאָכדעם נאָך ניט פאראיבער, זאָל דער פּריסטער זיא איינשלי־סען אויף נאָך פינף נעכט. זיצענדיג דאָרטען, זאָל זיא מיט קיין מענשען ניט רעדען, איהר שפּייז זאָל מען איהר דערלאנגען פון ווייַ־טען אין א מעטאלענע כלי. ווען אלעס איז פּאַראיבער, זאָל זיא אבצעהלען 9 ריינע טעג, דערנאָך זאָל זיא וואשען איהרע קליידער און זיך אליין טובל זיין און ווערען „טהור“.

אויף וועגען א קינדבעטאָרין שטייט אין דיא פּערסישע תורה, אז זיא זאָל זיין אבגעשלאָסען אין א בעזונדערען בעהאלטענעם אָרט 40 טעג און דערנאָך זאָל זיא נאָך 40 טעג זיין האלב טמא. אויף א מאנספּארשוין איז ביי דיא פּערסישע רעליגיאָן טמא, ווען ער איז א „זב“, פונקט וויא אין תורת משה.

אז דאָס אלץ איז ניט צוליעב ריינליכקייט, בעווייזט דער פאקט, דאָס גאנץ עהנליכע זאכען געפינט מען ביי דיא ווילדעסטע פון דיא ווילדע מענשען, וועלכע ווייסען געווים ניט פון קיין ריינ־ליכקייט.

דער פאַרשער פרייזער, אין זיין דערמאָנטען בוך „דהי גאָל־דען באָו", בעשרייבט א סך מנהגים אזעלכע ביי דיא ווילדע מענשען אויף אלע אינזלען און וועלט־טהיילען, וואָס זיינען ערשט דיא לעצ־טע יאהרהונדערטע ענטדעקט און אויסגעפאָרשט געוואָרען. ער שרייבט וועגען דעם דאָס פאָלגענדע:

„ביי אלע ווילדע מענשען גלויבט מען, אז פון א פרוי אין איהר אונריינעם צושטאנד געהט ארויס א בייזע קראפט פון רוחות און דאָס קען שאדען יעדען, וואָס קומט מיט איהר אין בעריהרונג. דער־ריבער שליעסען זיי אָב דיא פרוי אין דיעזען צושטאנד, כדי זיא זאָל קיינעם ניט שאדען. ווען א מיידעל קריעגט צום ערשטען מאָל איהר ווייבליכקייט, שליסט מען זיא אָב נאָך א סך שטרענגער וויא געוועהנליך און מען מאכט ארום איהר נאָך שטרענגערע צערעמאָ־ניעס. כמעט ביי אלע ווילדע איז עס אזוי. דאָס בעווייזט, אז צום ערשטען מאָל האלטען זיי דיא ערשיינונג פאר גאָר שטארק גע־פעהרליך... קורץ, מען בעטראכט זיא וויא אָנגעלאָדעוועט מיט א מעכטיגע קראפט, וועלכע, ווען מען זאָל זיך ניט שטארק היטען פאר איהר, קען מורא'דיג מזיק זיין אי איהר אליין, אי יעדען וואָס קומט מיט איהר אין בעריהרונג".

„פרויען נאָך א קינדבעט, זאָגט דערזעלבער פאָרשער, זיי־נען מעהר אדער ווייניגער טמא ביי אלע ווילדע מענשען פון דער וועלט".

* * *

עס איז ניט שווער צו טרעפען, וויא דאָס איז געקומען, וואָס ביי אלע ווילדע האָט מען זיך פאָרגעשטעלט, אז ביי א פרוי אין איהר מאָנאטליכען צושטאנד, און נאָך פיעל מעהר ביי א קינדבע־טאָרין, „קישעט" עס פון רוחות און שדים און מזיקים. דיא גע־בורט איז נאטירליך עטוואָס געהיימניספאָלעס. ניט בלויז פאר דעם ווילדען און אונוויסענדען: פאר דיא העכסטע מענער פון ווי־

סענשאפט איז דיא געבורט פון א מענשען נאָך אויך זעהר געהיימ־ניספאָל. דער אונטערשיעד איז, דאָס ביי דעם וויסענדען מענשען איז דאָס ניט אזא סאָרט געהיימניס, וואָס בעהאלט רוחות, שדים, טייוואָלים, געטער און אנדערע איבערנאטירליכע זאכען. פאר דעם וויסענדען איז דאָ בלויז א נאטור־געהיימניס, דאָס הייסט, דאָ איז דיא נאטירליכע ארבייט פון נאטור־קרעפטען, וועלכע דער מענש האָט נאָך ניט ערקענט. אָדער אפשר וועלכע ער וועט קיין מאָל ניט ערקענען. אָבער עס זיינען נאטור־קרעפטען, וואָס ווירקען דאָ, פונקט וויא ביי דעם וואקסען פון פלאנצען, וויא ביי דעם שמעל־צען פון אייז, וויא אין דער פלאש וואו עס בילדעט זיך עלעק־טריציטעט.

ביי דיא אונוויסענדע אָבער צופלאמט זיך ביי אזא געהיימניס דיא שרעקענדיגע פאנטאזיע און זיא שטעלט זיי פאָר געהיימניס־פאָלע „גייסטער", וואָס ליעגען דאָ בעהאלטען פון דעם מענשען און טהוען וואָס זיי האָבען חשק און לאכען פון דעם מענשען, וועל־כער זעהט זיי ניט און ווייס ניט וואָס צו טהאָן געגען זיי.

אז „דאָס בלוט איז דיא נשמה", אז אין דעם רויטען זאפט גיסט זיך דער לעבענס־גייסט, דאָס שטייט אויך ניט בלויז אין תורת משה. דאָס איז דער בעגריעף פון אלע ווילדע מענשען פון דער וועלט. און דאס איז אודאי ניט שווער צו פערשטיין. זעהט דען ניט דער מענש, וויא אז עס געהט אויס דאָס בלוט, געהט אויס דאָס לעבען? (וויא מיר האָבען שוין גערעדט.)

„דער ווילדער מענש, וועלכער פיהרט א לעבען פון געוואלד־טהעטיגקייט" — זאָגט הערבערט ספענסער — „האָט אָפט א גע־לעגענהייט צו זעהן, וויא דורך דעם וואָס עס גייט אָב בלוט פון א מענשען, ווערט ער פער'חלש'ט וויא טויט... ער קומט וויעדער צום לעבען, עס נעהמט וויעדער רינען בלוט פון דיא וואונד און וויע־דער פאלט ער טויט".

פון דעם בילדעט זיך אויס ביי דעם ווילדען מענשען דיא פאנטאזיע, אז דאָס בלוט איז דאָס לעבען. ער ווייס ניט, אז פונקט אזוי איז „דאָס לעבען" דער מוח, דיא לונג, דאָס הארץ און יעדער אנדערער טהייל פון קערפער, אָהן וועלכען דער קערפער קען ניט

לעבען. דאָס בלוט שטעלט זיך איהם פאָר וויא דיא סאמע נשמה. וואו עס גייט אָב בלוט פון א מענשען זעהט דער ווילדער עטוואָס פערבאָרגענעס, שרעקליכעס, געהיימניספאָלעס. בפרט ווען דערמיט איז נאָך פערבונדען דיא שרעקליכע געהיימנים פון געבורט...

דערפון קומט עס, וואָס דיא פרוי אין אלגעמיין איז געווען מעהר טמא וויא דער מאן. אין דיא קבלה איז דיא פרוי דער קוואל פון אלע מינים טומאה.

דער סך הכל איז: דיא טומאה פון פרויען ביי פערשיעדענע געלעגענהייטען — א גאנצער דריטעל פון גאָר דיא אידישקייט פון א אידישע טאָכטער — איז פון איין קוואל מיט דיא שרעקענישען פאר מזיקים און שדים און לילית און אלערליי שווארץ-יאָהרען ביי א קינדבעטאָרין; און דאָס אלעס קומט פון דיא ווילדהייט און אונ־וויסענהייט פון דעם מין „מענש" אין זיין קינדהייט.

* * *

חוץ דעם, קען זיין נאָך א'ן אורזאכע, פאר וואָס אין דיא פאנ־טאזיע פון דיא ווילדע האָט זיך אויסגעמאָהלען, אז ביי ווייבער־און־מענער־זאכען מישען זיך דיא „בייזע רוחות".

דער פאקט איז, אז ביי אלע פעלקער האָט מען געגלויבט, אז דיא „שדים" מישען זיך ביי א חתונה אזוי גוט וויא ביי דיא גע־בורט.

ביי דיא אראבער מאכט מען געוויסע צערעמאָניעס ביי דיא חתונה צו פערטרייבען דעם טייוועל. ביי אידען טאָר דער חתן ניט ארויסגייען אליין א צייט פאר דיא חתונה און דיא כלה מוז שטרענג אָבגעהיט ווערען.

עס איז געווען מיט א פאָר טויזענד יאָהר צוריק ביי אידען א ספר „מעשה טוביה", ווערט דאָרטען דערציילט, אז טוביה'ס ווייב, שרה, האָט פריהער זיבען מאָל חתונה געהאט און יעדעס מאָל איז דער חתן געשטאָרבען די נאכט פון דער חופה. אשמדאי, דער קעניג פון דיא שדים, איז געווען פערליעבט אין איהר, פלעגט ער דערשטיקען איהרע חתנים. ווען טוביה האָט מיט איהר חתונה געהאט, האָט ער פערטריעבען דעם אשמדאי מיט ווייהרויך: ער

האָט געברענט אויף גליהענדע קוילען דאָס האַרץ און דיא לעבער פון א פיש און דער רויך האָט פערטריעבען דעם שדים־קעניג.

דאָס ערקלעהרט פיעלליכט נאָך א סוד פון דיא טומאה וואָס איז געוועזן פערבונדען מיט דעם געשלעכטס־לעבען: זיי האָבען זיך אפשר פאָרגעשטעלט, אז דיא שדים זיינען פערליעבט אין דיא מענשען־טעכטער און „רוקען זיך“ צו זיי, און זיי זיינען אייפער־זיכטיג אויף זייערע חתנים און מענער און קומען נעהמען נקמה פון דיא ניי־געבוירענע, וואס זיי האָבען מיט זיי.

דיעזע פאנטאזיע האָט געקענט קומען פון דיא אייפערזוכט צווישען מענשען. וויסענדיג פון דיא היציגע מחלוקות וואָס קו־מען פאָר צווישען מענשען דורך דיא אייפערזוכט וועגען פרויען, האָט זיך ביי זיי דערפון אויסגעמאָהלט אין דיא פאנטאזיע א גע־דאנק, אז דיא פערבאָרגענע בעשעפענישען זיינען אויך אזוי איי־פערזיכטיג אויף דיא מענשען.

אין חומש שטייט דאָך בפרוש, אז די אראָבגעוואָרפענע הימעל־בעשעפענישען האָבען זיך פערליעבט אין דיא מענשען־טעכטער (בראשית ו׳ ב׳). און דערפון איז ארויסגעקומען אלדאָס בייז אויף דער וועלט. (שם ה׳). פון זיי זיינען ארויסגעקומען די בייזע רוחות, „שמחזא ועוזאל“, און אלע כוחות הטומאה. פון זיי זיינען ארויס־געקומען דיא, „וואָס האָבען פול געמאכט די וועלט מיט געפא־לענע דורך זייער זנות“ (ב״ר פכ״ו).

דיא פאנטאזיע איז אלזאָ געוועזן, אז דיא כוחות הטומאה שטאמען פון דעם, וואָס דיא רוחות טשעפען זיך צו דיא מענשען־טעכטער. און וואו דיא זיהן פון דיא מענשען בעהעפטען זיך אָן דיא מענשען־טעכטער, לויפען באלד אָן דיא אייפערזיכטיגע רוחות מיט אלע כוחות פון זייער טומאה.

מיר זעהען, אז יעדע בעהעפטונג פון מאן און פרוי האָט גע־בראכט טומאה. נאָך יעדען געשלעכטליכען פערקעהר זיינען ביידע געוועזן טמא איין טאָג און זיי האָבען זיך געמוזט וואשען (ויקרא ט״ו י״ח).

ווען גאָט האָט זיך בעדארפט בעווייזען אויפ׳ן בארג סיני, האָט ער געהייסען, אז דריי טעג פריהער זאָלען זיך דיא אידען

„היילינגען", ניט צוריהרענדיג זיך צו א פרוי. אלזאָ, האָט דאָס מיטגעבראכט טומאה, דיא פערקעהרטע כוחות פון קדושה.

פון דיא הייליגע ברויט האָט אחימלך הכהן ניט געוואָלט געבען עסען דוד המלך מיט זיינע יונגע לייט סיידען ווען זיי זיינען געווען אויסגעהיט פון צוריהרען זיך צו פרויען (שמואל א׳, כ"א ה׳).

ביי פיעלע ווילדע איז אין צייט פון מלחמה שטרענג פערבאָטען צוצוריהרען זיך צו פרויען. דער קריעג איז ביי זיי הייליג און דער פערקעהר מיט פרויען ברייננגט כוחות הטומאה. ביי אידען איז וואהרשיינליך אויך אזוי געווען. יענעם אחימלך הכהן האָט דוד המלך געענטפערט, אז ער און זיינע קריעגס־יונגען היטען זיך אוים פון פרויען "פון נעכטען און עהערנעכטען" (שם ו׳). עס איז דאָ א סברה, אז דאָס איז דיא אורזאכע, ווארום מען האָט א יונגען מאן דאָס ערשטע יאָהר נאָך דיא חתונה ניט געהייסען גיין אין מלחמה. און אוריה האָט ניט געוואָלט „קומען צו זיין ווייב" אזוי לאנג וויא דיא מלחמה האָט אָנגעהאלטען (שמואל ב׳ י"א ח—י"ג).

יערענפאלס איז זיכער, אז דיא פערהעלטניסע צווישען מאן און ווייב, אפילו גאנץ כשר׳ע, זיינען בעטראכט געווען פיר א זאך וואָס ברייננגט טומאה, דאָס הייסט דיא כוחות פון דיא מזיקים, שדים, בייזע רוחות.

דעריבער זאָגט דאָך דער תהילים־פאָעט: „אין זינד בין איך דאָך בעשאפען געוואָרען און אין זינדיגקייט האָט מיך מיין מוטער אויסגעבריהט" (תהילים נ"א). און ר׳ אחא זאָגט אויף דעם: „אפילו ווען איינער זאָל זיין דער הייליגסטער פון דיא הייליגסטע, איז אויך אונמעגליך עס זאָל ניט זיין אין איהם עפעס א צד פון זינדינקייט"... און ער ערקלעהרט דייטליך, אין וואָס דיא זינדיגקייט, דיא טומאה בעשטייט: „האָט דען מיין פאָטער געמיינט, אז איך זאָל געבוירען ווערען? ער האָט דאָך נאָר געוואָלט זיין נענוס. א בעוויין איז דאָך, אז באלד דערנאָך דרייט ער זיך אוים מיט׳ן פנים אהין און זיא מיט׳ן פנים אהער"... (וי"ר פי"ד). אָט אזוי ערקלעהרט דער תנא דיא אורזאכע, פאר וואָס דיא פערהעלטניסע פון מאן און ווייב זיינען זינדיגע אפילו וואו דער גרעס־

טער צדיק ווערט געבוירען, און ווארום דערביי קלעפט זיך צו מענשען דיא שטארקסטע טומאה.

ווען מען וואלט געמיינט עס זאל געבוירען ווערען א צדיק, וואלט דאס פערטריעבען דיא טומאה. אבער אז מענשליכער גענוס שפיעלט דערביי דיא הויפט־ראלע, רייצט דאס מסתמא דיא אייפערזוכט פון דיא בייזע רוחות און זיי לויפען זיך אן און קלעפען זיך צו דיא מענשען. דערפון קומט דער שטארקער כוח פון דיא בייזע רוחות ביי א קינדבעטארין, וואו עס קומט ארויס דיא פרוכט פון „דיא זינד אין וועלכע דער מענש ווערט בעשאפען, דיא זינדיגקייט, אין וועלכע דיא מוטער בריהט איהם אויס".

דיא זיכערסטע „שמירה" געגען דיא אלע שווארצע כוחות פון דיא פינסטערע אונוויסענהייט איז — אויפקלערונג און גייסטיגע ענטוויקלונג. דער אויפגעקלערטער און ענטוויקעלטער מענש ווייסט, אז געגענזייטיגע מענשליכע אכטונג און ליעבע פון מאן און פרוי רייניגט זייער פערקעהר פון יעדע טומאה און זינדיגקייט, און דאס מענשליכע לעבען, וואס קומט ארויס דערפון, איז דאס הייליגסטע אין דער וועלט.

## III.

## די הייליגקייט פון וואסער.

ווארום גייט אראָב די טומאה ווען מען איז זיך טובל אין מקוה, אָדער ווען מען וואשט זיך דיא הענד, אָדער ווען מען שפּרענקילט מיט וואסער?

איז דאָס צוליעב ריינליכקייט?

ריינליכקייט! איהר האָט אמאָל געהערט, ליעבער לעזער, דעם גרעבליכען וויץ וועגען „דעם סוד פון מקוה"?...

ריינליכקייט! א שיינע ריינליכקייט. ווען הונדערטער מענשען באָדען זיך אין דעמזעלביגען וואסער, צעהנדליגע מיט איין מאָל צוזאמען! ריינליכקייט — אין אזא מקוה, וואו מען קען זיך אָננעהמען איינע פון דיא אנדערע דיא שמוציגסטע קראנקהייטען! אזא מקוה מאכט יא „טהור", „ריין", און א זילבער־ריינע וואננע וואסער, וואו א מענש באָדט זיך איינער אליין און וואשט זיך מיט פיינע זייף, מאכט ניט „ריין"!

ריינליכקייט! אָבגיסען דיא הענד מיט א שעפער וואסער, דוקא א גאנצען שעפער, אָהן א פגימה, און דוקא קאלט וואסער — מאכט יא ריין, און גוט אָבוואשען דיא הענד מיט ריינע ווארעמע וואסער און פיינע זייף מאכט ניט ריין!

אונזין! „ריינליכקייט"! ניט דאָס קימערט א רעליגיאָן.

מיר האָבען שוין געזעהען, אז „טומאה" איז ניט וועלטליכע אונריינליכקייט, נאָר אבערגלויבישע פעראונרייניגונג פון „בייזע רוחות". אזוי איז וויעדער אויך „טהרה" ניט ריין־וואשען, נאָר דאָס איז א'ן איבערנאטירליכע אבערגלויביגע סגולה, ארויפצוקריגען אויף זיך א „הייליגקייט" און דערמיט אראָבצוטרייבען דיא רוחות הטומאה.

וואסער איז געווען א געטליכע, הייליגע זאך, אין דער פאנ־טאזיע פון א סך ווילדע פעלקער.

מען קען זאגען, אז ביז א געוויסען גראד האבען אידען פאר־צייטענס כמעט „געדיענט צום וואסער". סוכות און אלע צערע־מאָניעס פון דעם יום טוב זיינען געווען א וואסער־דיענסט.

ביי אידען פארצייטענס, אין ארץ ישראל, איז סוכות־צייט געקומען דיא וואסער צייט. עס האט אנגעהויבען צו רע־גענען און פון דעם רעגען אין דיא עטליכע מאנאט האט דאס לאנד געלעבט א גאנץ יאהר. ווען דיא צייט איז געגאנגען א סך רעגען, איז געווען א האפנונג אויף א גוטע גערעטהעניש אין דיא תבואה פון קומענדען זומער. דאס איז געווען מזל ברכה פאר'ן גאנצען לאנד אויף דעם נייעם יאהר. ווען דיא טעג איז ניט געגאנגען גענוג רעגען, איז געווען זיכער אז א שלעכט יאהר קומט.

דער לולב מיט'ן אתרוג מיט דיא הושענות און דיא הדסים זיינען געווען א צייכען אויף דעם.

„ר' אליעזר זאגט, דיא דאזיגע פיער מינים פלאנצען טראגט מען פאר קיין אנדערען צוועק ניט נאר צוליעב דעם, וואס זיי זייי־נען וואסער־פלאנצען, כדי צו פועל'ן ביי גאט, עס זאל גיין גענוג רעגען. ווארים אזוי וויא דיא פיער מינים קענען ניט לעבען אהן וואסער, אזוי קען דיא וועלט ניט לעבען אהן וואסער". (תענית ב' ב').

אין בית המקדש האט מען אום סוכות געמאכט גרויסע וואס־סער־צערעמאניעס. מען האט געגאסען וואסער אויף'ן מזבח און געמאכט דערביי גרויסע איללומינאציעס און געטאנצט און געזונ־גען און געהוליעט. דאס האט געהייסען „דיא שמחה פון וואסער־שעפען". („שמחת בית השואבה„.)

„ווער עס האט ניט געזעהן דיא שמחה פון וואסער־שעפען, דער האט אין זיין לעבען קיין רעכטע שמחה ניט געזעהען", זאגט דיא גמרא. נאך היינט זיינען דיא „הושענות"־יוצרות גאנץ סוכות פול מיט וואסער און וואסער.

אין יענע געגענדען, וואו קיין ברונען־וואסער איז ניטא, איז דער רעגען דער קוואל פון ברויט, פון ברכה, פון לעבען. דעריבער

איז ביי אידען דער רעגען און דאָס וואסער געווען דיא געטליכקייט. גאָט אליין האָבען זיי זיך פאָרגעשטעלט איינגעהילט אין כמארעס. ער האָט זיך תמיד בעוויעזען „בעב הענן", אין דיא גערעכטקייט פון וואָלקען. אין בית המקדש גופא האָט זיך גאָט בעוויעזען אין א וואָלקען (כי בענן אראה על הכפרת). „גאָט בעהאלט זיך אין דיא פערבאָרגעניש פון פינסטערניש, ארום איהם איז דיא שווארצ־קייט פון וואסער, דיא גערעכטקייט פון דיא הימלען" (ישות חשך סתרו, סביבותיו חשרת מים, עבי שחקים). אזוי זאָגט דער תהילים.

און דיא גמרא זאָגט: „פאר וואָס האָט דיא תורה געהייסען גיסען וואסער אויפ'ן מזבח אום סוכות? כדי צו פועל'ן ביי גאָט ער זאָל דיא טעג געבען א סך וואסער". (ר"ה).

אָט דאָס איז די אורזאכע, פאר וואָס וואסער איז געווען אזוי הייליג, אז צו קריגען אויף זיך הייליגקייט, האָט מען זיך געדארפט טובל זיין אין וואסער. ניט צוליעב ריינינגקייט איז דאָס געווען נאָר צוליעב דיא „געטליכע געהיימנים" וואָס מען האָט געמיינט, אז עס שטעקט אין וואסער; ווייל מען האָט געזעהען, אז וואסער בריינגט ברויט און לעבען, מזל און ברכה, און מען האָט אין ארץ ישראל ניט געהאט קיין שום מיטעל זיך אליין צו שאפען וואסער, נאָר מען האָט געמוזט קוקען אין הימעל אריין און ווארטען, ביז רעגען איז געקומען.

מען האָט ניט אָנגעהויבען צו פערשטיין קיין שום נאטור־געזעץ, אָן וואָס עס ווענדט זיך דאָס, וואָס אמאָל גייט רעגען אמאָל ניט. האָט מען נאטירליך ניט אנדערש זיך געקענט דענקען, נאר אז אין וואסער שטעקט דאָס גאנצע געטליכע געהיימנים, וואָס גיט לעבען אויף דער וועלט.

דיא גמרא זאָגט, אז טטוס האָט געזאָגט, דאָס דער כח פון אידישען גאָט איז נאָר אין וואסער. אלע זיינע וואונדערליכע גבורות האָט ער בעוויעזען אין וואסער. בעפרייט דיא אידען פון מצרים האָט ער שפּאלטענדיג דעם ים. אריינגעפיהרט זיי אין ארץ ישראל האָט ער שפּאלטענדיג דעם ירדן. אידענס שונאים האָט ער אָפּט דערטרונקען אין וואסער.

דיא מצריים האָבען געזעהן דיא הויפּט־געטליכקייט אין דיא

זון. דיא מצריים האָבען נעמליך קיין רעגען ניט בעדאַרפט. זייערע פעלדער קריעגען זייער וואסער פון דעם טייך נילוס. דיא אידען האָבען דעריבער געהאַלטען זייער געטליכקייט פאַר פונקט א פערקעהרטע פון דיא געטליכקייט פון מצרים. ביידע זיינען פייער מיט וואסער...

פריהער האָבען אידען אויך געדיענט צו בילדער פון דיא זון. — „חמנים" ווערען זיי אַנגערופען אין פסוק; פון „חמה", דיא זון. — דאָס האָבען זיי נאָך געהאַט בירושה פון דיא מצריים און פון זייערע עלטערענס נאָמאַדען לעבען. ווען דאָס אידישע פאָלק האָט נאָך געלעבט אין מלחמות, האָבען אידען געהאַט זייער הויפּט־גליק פון געווינען מלחמות און בערויבען פרעמדע פעלקער. דער־מאָלט האָבען זיי נאָך ניט געזעהען דאָס גאַנצע גליק און דאָס גאַנ־צע לעבענס־געהיימניס אין וואסער. דער גאָט פון מלחמות איז ביי א סך פעלקער א פייעריגער. דער רוימישער מלחמה־גאָט מארס איז רויט („מאדים"), פייער. אָבער אין דער צייט ווען דיא זאָגע־נאַנטע „תורה שבעל פה" האָט זיך אָנגעהויבען צו ענטוויקלען, זיי־נען אידען געווען הונדערטע יאָהרען אונטער דיא גריכען און האָ־בען קיין מאָל קיין מלחמות ניט מעהר געהאַט. זייער עיקר גליק איז געוואָרען א גוטע גערעטעניש אויף דיא פעלדער; און דאָס, האָבען זיי געזעהען, קומט פון וואסער. דעריבער האָט זיך זייער גאָט־בעגריף אין גאַנצען איבערגעטראָגען אין דיא געדיכטע כמאָ־רעס אריין, אין וואסער.

דעריבער האָבען שפּעטער דיא כהנים אין בית המקדש, אום סוכות, ביי דיא גרויסע וואסער־צערעמאָניע, געזאָגט א תפילה, אין וועלכע עס איז געשטאַנען אזוי: „אונזערע עלטערען האָבען געהאַט זייער פּנים צוגעווענדעט צו מזרח זייט" — דאָס הייסט צו דיא זון — „מיר האָבען אונזער פּנים צוגעווענדעט צו אונזער גאָט" — דער וואָס זיצט אין דיא געדיכטע כמארעס פון וואסער.

וואסער איז געוואָרען אין אידישען גלויבען אזוי ווייט געט־ליך, אז דאָס — זאָגט דיא גמרא — איז איינע פון דריי זאכען, פון וועלכע גאָט אליין האלט דעם שליסעל. אלע אנדערע זאכען אין דער וועלט זיינען אלזאָ גאָר ניט אונטער גאָט'ס אייגענע דירעקטע

השגחה, לויט נאָך דעם אידישען גלויבען נאָך. פון אלע אנדערע זאכען האָט גאָט איבערגעגעבען דיא שליסלען צו אונטער־בעאמטע, וויצע־געטער, „מלאכים“, גאָט׳ס שליחים... געננוי אזוי וויא עס איז געווען פאָרגעשטעלט אין אלע פארצייטיגע גלויבענס! צוליעב דעם האָט דער אידישער גלויבען געשריען, אז יענע גלויבענס שטעלען פאָר א סך געטער. אָבער פונקט אזעלכע פיעלע געטער, „יוצר משרתים“, איז אין דעם אידישען גלויבען אויך געווען פאָרגעשטעלט. איין אויבער־גאָט האָבען אלע עבודה־זרה דיענערס אויך געהאט. זייערע פיעלע געטער זיינען געווען אונטער־געטער, וואָס זיי האָט דער אויבער־גאָט געמאכט פאר זיינע שליחים, יעדען איבער אן אנדער זאך. געננוי דאָסזעלבע זאָגט דיא גמרא, אז אלצדינג אין דער וועלט האָט גאָט איבערגעגעבען אונטער דיא השגחה פון „מלאכים“, דאָס הייסט אלזאָ אונטער־געטער. נאָר פון דריי זאַכען האלט דער אויבער־גאָט אליין דיא שליסלען, זאָגט דיא גמרא. און איינע פון דיא דריי זאכען איז — רעגען. (דיא אנדערע צוויי זיינען : געבורט און תחית המתים). (תענית ב׳).

אלזאָ, איז וואסער דער קוואל פון דיא העכסטע געטליכע גע־היימנים און קדושה.

אין דעם זעהען מיר אלזאָ ווידער, וויא אמת עס איז, וואָס דיא פילאָזאָפיע פון קארל מארקס ערקלערט, אז אלע געדאנקען, בעגריפע און געפיהלע פון דיא פעלקער קומען ארויס, אין עיקר, פון זייער מאטעריעלע לאגע, פון דעם אופן וויא זיי קריגען זייערע לעבענסמיטלען. דאָ זעהען מיר, אז דער איינפלוס פון דער מאטע־ריעלער לאגע איבער דיא מענשענס געדאנקען גרייכט אזש „ביז׳ן זיעבעטען הימעל“, אזש ביז צום סאמע „כסא הכבוד“, אזש ביז צו דיא טיעפסטע פערבאָרגענישען פון העכסטען גאָט אליין...

אָט דאָס איז דיא אורזאכע פון דיא הייליגקייט פון וואסער, — פון טבילה, פון מקוה, פון הענד וואשען. דאָס — און ניט קיין „ריינליכקייט“.

דיא הייליגקייט פון וואסער איז אָבער אויך ניט דוקא קיין אי־דישע ערפינדונג. דיא אידען דעמאָלט זיינען געווען ארויסגעקומען פון פערזיען. און ביי דיא פערזישע רעליגיאָן איז אויך דאָס וואַ־

סער געווען הייליג און פול מיט געטליכע פערבארגענישען. אין זייער רעליגיאן, דיא רעליגיאן פון זאראטהוסטרא, איז דאס וואסער דיא זריעה פון לעבען, וואס גייט אראב פון פאטער גאט צו דיא מוטער ערד... אין וואסער — זאגט זייער גלויבען — רוהט א בע־זונדערער מלאך, אדער גאט. צו איהם פלעגען זיי בעטען פאר טאג, ווען דער האהן קרעהט. און ער, דער וואסער־גאט, ווערט ביי זיי פארגעשטעלט, זאגט אזוי:

„איך, הייליגע וואסער, דער קוואל פון לעבען און געבורט, איך, דער טהור, ארויסגעקומען פון דיא לענדען פון אוראמוזדא (דער אויבער גאט) — איך פערטרייב בייזע מחשבות, שלעכטע רייד, שלעכטע מעשים, שלעכטע געזעץ, יעדען שד, יעדען מזיק, אלע בייזע רוחות, וואס מאכען שוואך דעם מענשען. איך לעהן אונטער דיא וועלט, זיא זאל זיך ניט אויסגליטשען, איך גיב קראפט צו דיא מידע, איך הייל יעדע טמא'דיגע קראנקהייט" א. ז. וו. „וועגען מיר האט אוראמוזדא געזאגט צו זאראטהוסטרא: געה אראב אויף דער וועלט און גיב איהר דאס וואסער פון לעבען און זאג צו דיא מענשען, אז וואסער רינט פון אויבען אראב, פון דיא העכסטע הייליגקייט קומט עס, און בעשיצט אלע וואס לעבט אויף דער וועלט". (ציטירט ביי דר. רובין).

אויך ביי אידען איז פון דעסטוועגען געווען א בעזונדערער „שר של ים", אן אונטער גאט איבער'ן ים און א „שר של מים", אן אונטער גאט איבער'ן וואסער און רעגען. אפילו א נאמען האט דיא גמרא פאר איהם: „רדיא" רופט זיא איהם אן, דער וואסער־גאט. (יומא כ"א). און רש"י זאגט, אז ער איז „אנגעשטעלט (ממונה) אנצוטרינקען דיא ערד מיט רעגען פון אויבען און מיט אב־גרונד־וואסער פון אונטען". אלזא, איז דאס זעהר עהנליך צו דעם גלויבען פון דיא פרסיים.

אין גאנצען בלויז אידיש, פון אנהויב אן, איז זעהר ווייניג אין דיא אידישע רעליגיאן. אלע פעלקער האבען איבערגענומען „הייליגע" איינבילדונגען איינע פון דיא אנדערע, אבער מיט דער צייט האבען זיי ביי יעדען פאלק געקראגען אן אייגענע, בעזונדערע פארמע, לויט דיא אומשטענדען פון דעם פאלק.

אזוי האָט אויך ביי אידען דער וואסער־גלויבען געקראַגען א'ן אייגענע פאָרמע. פון מאָרגען ביז אבענד, פון דיא וויעג ביז צום קבר, שפּיעלט וואסער אַ הייליגע ראָלע אין דיא אידישע רעליגיאָן. ווען מען שטעהט אויף פון שלאָף, גיסט מען זיך אָב דיא נעגעל צו „פערטרייבען דיא טמא'דיגע רוחות"; צום עסען וואשט מען זיך; ארייגקומענדיג אין שוהל וואשט מען זיך; נאָך א נאַטירליכע בערערפנים וואשט מען זיך; און אזוי ביז מען געהט שלאָפען.

געבוירען ווערען טאָר אַ איד ניט, ווען זיין געבורט איז ניט געהייליגט געוואָרען דורך וואסער... און ליינענדיג איהם אין קבר אריין, איז מען איהם „מטהר" מיט וואסער.

וואסער, און וואסער, און וואסער, — און ריינליכקייט דארף מען זיך ערשט אָבלערנען פון גוים...

דען אין דיא הייליגקייט פון וואסער ביי אידען דארף מען אויך ווידער ניט זוכען קיין „צ ו ו ו אַ ס" — ניט צום צוועק פון ריינליכקייט, — נאָר אַ „פ ו ן ו ו אַ ס" — עס קומט פון דעם. וואָס דיא נאַטור־מענשען האָט זיך געדאכט, אז אין וואסער שטעקט הייליגקייט, ווייל פון וואסער קומט ברויט און לעבען. מיר האָבען געזעהן, אז דער בעגריף וועגען הייליגע וואסער שטאַמט נאָך פון דיא פּרסים. צום טייך נילוס האָבען דיא מצריים אויך געדיענט. און ביי דיא אינדיער איז טבילה אין „הייליגען" טייך גאַנגעס פּונקט אזוי הייליג, ווי ביי אידען אין מקוה. ביי אידען אין ארץ ישראל איז נאָך געוועזען מעהר אורזאכע צו גלויבען אין הייליגע געהיימניסע פון וואסער, ווייל דאָרטען איז דאָס וואסער, וואָס גיט ברויט און לעבען, געקומען נאָר פון הימעל, אָהן שום מעגליכקייט פאַר דעם מענשען צו טהאָן עפּעס אין דעם, אדער צו געפינען אַ נאַטירליכען רעגעל אין דעם — ווי מיר האָבען שוין גערעדט.

ווי ווייט זיי איז געוועזען אבסאָלוט פרעמד דער אמת, פון וואַנען רעגען קומט, קען מען זעהן אָט פון דעם: אין דיא גמרא איז דאָ אַ דין, אז מיט ווייצען „וואָס רעגענען פון הימעל", איז מען ניט יוצא צו מאַכען חלות בכורים. זאָגט רש"י אזוי: רעגען קומט פון דעם, וואָס דיא וואָלקענס לאָזען זיך אראָב אין ים אריין און

טרינקען זיך אָן, און געהען צוריק ארויף און שפייען אראָפּ דאָס וואסער. טרעפט אמאָל, אז א שיף מיט ווייצען גייט אונטער, און ווען דער וואָלקען טרינקט זיך אָן אין ים שלינגט ער איין דיא ווייצען. ווען ער שפייט אויס דאָס וואסער אין א רעגען, רעגענט עס מיט ווייצען...

דאָס איז געשריעבען געוואָרען שוין א יאָהר טויזענד נאָך דיא תנאים!

ווען דאָס איז דער בעגריף וואָס מען האָט פון רעגען — איז שוין עפּעס א וואונדער, אז מען זעהט אין וואסער געטליכע גע־היימניסע?

א קינד פון ערשטען קלאַס גימנאזיע ווייסט היינט, אז דיא וואָלקענס קומען ניט פון אויבען אראָב צום וואסער, און דעם רע־גען „שפּייען" זיי ניט אויס, נאָר זיי זיינען אליין דאָס וואסער, פערוואנדעלט אין פארע דורך דיא ווארעמקייט; זיי שוועבען פון אונטען ארויף און ווערען אויבען, אין קאלטע לופט, צוריק וואסער און רעגענען אראָב אין גאנצען, זיי קענען אלזאָ ניט „איינשלינגען" און ניט „אויסשפייען" קיין ווייצען.

איבריגענס, דער בעסטער בעוויז דארויף, אז דיא „טבילה" איז ניט געוועזען זיך אָבצוואשען, אויף א נאטירליכען אופן, נאָר עס איז געוועזען געמיינט אלס א „סגולה", א'ן אבערגלויבען. — דער בעסטער בעוויז דערויף איז דיא מ ק ו ה: א „כשר'ע מקוה" מוז דוקא זיין קוואל־וואסער אין סאמע קוואל אָדער אָנגערוננענע רעגען־וואסער. אָנגעשעפּטע וואסער איז פסול זיך טובל צו זיין. וועגען ריינליכקייט איז נאטירליך קיין שום אונטערשיעד ניט צווי אָנגערונען צו אָנגעשעפּט. בפרוש שטייט: „ווען א'ן אשה וואשט זיך אין א באָד אפילו ווער ווייסט וויא גרינדליך, און אפילו ווען עס זאָלען זיין אויף איהר ארויפגערוננען אלע וואסערן פון דער וועלט, בלייבט זיא אלץ „טמא" און מען איז חייב וועגען איהר כרת, ביז זיא טוקט זיך אונטער דעם גאנצען קערפּער מיט איין מאָל אין א כשר'ע מקוה" (יו"ד ר"א). אלע דינים וועגען א כשר'ע מקוה — גאנצע בערג זיינען דאָ אזעלכע דינים — קענען אויף קיין פאל ניט האָבען קיין שום טעם אין שכל. עס איז ניט מעהר

וויא אבערגלויבען. דער אונטערשיעד צווישען „אַנגעשעפּטע וואַסער" און „ניט אַנגעשעפּטע" איז אייגפאך אונוויסענהייט. ווער עס האָט כאָטש א ברעקיל בעגריף אין נאטור, דער ווייסט, אז קוואל־וואסער רינט איבער שטיינער אונטער דרערד פּונקט וויא געשעפּטע וואסער אין רעהרען. אָבער יענע אונוויסענדע פאנאטיקער האָבען געמיינט, אז רעגען־וואסער און קוואל־וואסער קו־מען דירעקט פון געטליכע פערבאָרגענישען און ווען א מענש שעפּט דאָס אויס, רייסט ער דאָס אוועק פון דעם געטליכען קוואל און צו־שטערט שוין דיא הייליגענדע אייגענשאפטען, וועלכע שטעקען אין אזא וואסער, וואָס קומט „גלייך פון גאָט". וויא דיא פּערזישע תורה זאָגט: „עס רינט פון אויבען אראָב; פון דיא העכסטע הייליגקייט קומט עס"...

ענדע פון צווייטען טהייל.

I.

# מ י ל ה.

דיא מצוה פון מל זיין, דאכט זיך, איז דאָך שוין גאר עבט און ריין „אידיש". מען האלט דאָס פאר דעם סמן, וואָס אידען מאכען אין זייער פלייש, אז זיי זיינען אידען, אז זיי זיינען „עם אחד בארץ", איין פאָלק אזוי געצייכענט צווישען אלע פעלקער. — ביי דיא פרומע א פערבינדונגס־צייכען צווישען אידען און זייער גאָט, און ביי משכילים — דער פאָלקס־צייכען.

אז דאָס איז דער טעם דערפון — כדי אידען זאָלען האָבען דיא אידישע חתימה אין זייער פלייש — האָט נאָך געזאָגט מיט 1900 יאָהר צוריק דער אידישער גענעראל יוסף הכהן. און דער רמב"ם זאָגט אויך, אז דאָס איז דער טעם פון מל זיין. אפילו דער פרייזיניגער פילאָזאָף שפינאָזא זאָגט, אז נאָר דורך דיא מצוה פון מילה זיינען אידען געבליעבען אידען, ניט פערמישט אין אנדערע פעלקער.

און דאָך איז עס א פאקט, אז מיט דעם צייכען אין זייער פלייש האָבען אידען זיך אויך געקענט פערמישען און ניט דערקענט ווערען צווישען דיא פעלקער מצרים, כושים, קאלכען, פעניצער, אראבער, אבעסיניער, און אלע מאהאָמעדאנער פעלקער — דען זיי אלע זיינען אויך גע'מל'טע!

נאָך יוסיפון אין זיין בוך „געגען אפיון" ברייננט פון דעם אלטען גריכישען היסטאָריקער הערא‌דאָטוס דיעזע ווערטער:

„דיא איינציגע פעלקער, וואָס זיינען געווען דיא ערשטע וואָס האָבען זיך מל געווען זייער געהיימען גליד, זיינען געווען דיא קאל־כיער, דיא מצריים און דיא כושים, דיא כנענים אָבער און דיא סורים אין פאלעסטינא זאָגען, אז זיי האָבען זיך דאס אָבגעלערנט פון דיא מצריים". (אנטי אפיון בוך 1 — 22).

און דיא אראבער, זאָגט ער, זיינען מל זייערע קינדער צו 13 יאָהר. (אידישע אלטערטהימער קאפיטעל 12, 2.) אלזאָ, איז שוין מילה געווען א מנהג ביי דיא אראבער אין יוסיפון׳ס צייטען, מיט 1900 יאָהר צוריק, 700 יאָהר איידער זייער נביא מחמד האָט זיי דאָס „געבאָטען“. אזוי איז דאָס אויך ביי אידען געווען א מנהג איידער אימיצער האָט זיי דאָס „געבאָטען“!

ניט אלע ביי דיעזע פעלקער זיינען געווען גע׳מלט. און ניט אימער האָבען זיי דאָס געטהאָן. אָבער ביי אידען איז דאָס פריהער אויך ניט געווען אנדערש.

עס שטייט דאָך בפרוש אין פסוק, אז משה רבנו׳ס איינענע קינדער זיינען פריהער ניט געווען גע׳מל׳ט. ערשט ווען גאָט האָט איהם בעגעגענט אויפ׳ן וועג און איהם געוואָלט טויטען, האָט זיין ווייב צפרה גענומען א שערבעלע און בעשניטען איהר זוהן. (שמות ד׳ כ״ד).

און עס שטייט בפרוש, אז נאָכדעם וויא גאָט האָט געגעבען דיא תורה, זיינען אידען אויך געבליבען „ערלים“. ערשט 40 יאָהר שפּע־טער האָט יהושע מל געווען דאָס גאנצע פאָלק (יהושע ו׳ ז׳).

וואָס מען זאָל ניט דענקען פון דיא אלע פסוקים, — איין זאַך בעווייזען זיי זיכער, אז ווען עס איז שוין געווען דאָס אידישע פאָלק, איז נאָך אויך לאנג ניט געווען ביי זיי אלע פערשפּרייט דער מנהג פון מל זיין. א טהייל האָבען דאָס געטהאָן, א טהייל ניט. גענוי דאָסזעלבע אָבער איז געווען ביי דיא אנדערע דערמאָנטע פעלקער.

וועגען דיעזע פעלקער וועלען פרומע אונוויסענדע אידען נאַ־טירליך זאָגען, אז זיי, דיעזע פעלקער האָבען דאָס איבערגענומען פון אידען. איז אָבער היינט בעקאנט, אז גע׳מל׳טע זיינען אויך ווילדע מענשען אין ניו־זעעלאנד, דיא קאראאיבען אין אמעריקא, דיא קונו נעגערס, ווילדע מענשען אזש אין פּאָלינעזיען, דיא שוואר־צע באנטו־מענשען אין אפריקא און פיעלע אנדערע ווילדע אין דיא ווייטסטע, ניט־לאנג־ענטדעקטע לענדער און אינזלען.

עס איז אבסאָלוט אונמעגליך געווען, אז דיא ווילדע פון אמע־ריקא, פּאָלינעזיען און ניו־זעעלאנד זאָלען האָבען איבערגענומען דעם מנהג פון דיא אידען. דיעזע לענדער און אינזלען האָבען ניט גע־

קענט האָבען זייט צעהן־טויזענדער יאָהרען קיין שום פערבינדונג מיט מענשען פון דער אלטער וועלט. ווייל עס איז אבסאָלוט אונ־מעגליך געווען צוצוקומען צו זיי איבער דיא געוואלדיגע ימים, איידער מען האָט ערפונדען דיא נייע מיטלען וויא צו פאָהרען איבער ווייטע וואסערן. עס האָט זיך אויך גאָר קיינעם ניט גע׳חלום׳ט, אז עס קענען זיין יבשות און מענשען אויף דער אנדערער זייט ערד־קוגעל. מען האָט דאָך גאָר ניט געוואוסט, אז דיא ערד איז א קוגעל און אז עס איז דאָ א׳ן „אנדערע זייט".

אויך אין מצרים האָט מען מל געווען קינדער הונדערטער יאָה־רען איידער עס זיינען געווען אידען אויף דער וועלט. אין דעם טעמפעל פון באנשו, אין קארנאק, מצרים, האָט מען אויסגעגראָבען א וואנד אויף וועלכע עס איז אויסגעקריצט וויא מען איז מל צוויי קינדער. און עס איז ביי דיא היסטאָרישע פאָרשער קיין שום ספק ניט, אז דאָס שטאמט וויינינגסטענס נאָך אזש פון 400 יאָהר פאר דיא צייט, ווען דיא געשיכטע פון חומש שטעלט פאר אז עס איז געווען מתן תורה!

די פריסטער אין מצרים, דיא „חרטומים", האָבען זיך בע־שניטען פאר א צייכען פון הייליגקייט פון פליישליכע לוסט... ווער עס האָט געוואָלט לערנען זייערע „הייליגע סודות", האָט זיך גע־מוזט מל זיין. דער גריכישער פילאָזאָף פיטהאגאָראס האָט דאָס געטהאָן. אזוי מעלדעט דער פערצייטיגער גריכישער שרייבער הערדאָט.

פון דיא אלע פאקטען איז אבזאָלוט קלאָהר, אָהן שום צוויי־פעל, דאָס דיא מצוה פון מל זיין איז ניט געווען כדי צו צייכנען אידען מיט א חתימה, אלס אויסנאהמע פון אלע פעלקער.

וואָס דען איז עס?

* * *

א נאציאָנאליסטיש־געזאָנענער אידישער דאָקטאָר האָט מיר אמאָל געשריעבען א בריעף, אין וועלכען ער ערקלערט, אז דאָק־טוירים האלטען מל זיין פאר א געזונדע זאך. דר. האָטשינסאָן, שרייבט ער, דער ספעציאליסט פון געשלעכטס־קראנקהייטען, ער־קלערט, אז צוליעב דיא מילה זיינען דיא אידען פיעל וועניגער עלול

צו אנשטעקונג פון ווענערישע און אויך אנדערע קראנקהייטען, ווייל דיא גיפט קען ניט דורכדרינגען נאכהער וויא דיא הויט ווערט פערדיקט בלייבענדיג ענטבלויזט און ווייל קיין שמוץ קען זיך ניט אנקלייבען.

פאָלגענדע ווערטער, שרייבט מיין פריינד ווייטער, זיינען א בוכשטעבליכע איבערזעצונג פון פראָפ. ה. מארטאן'ס בוך איבער געשלעכטליכע קראנקהייטען:

„צוליעב דיא פיעלפאכע מעלות, וואָס קומען ארויס פון ערווייטערען דיא פארהויט, וואָלט עס זיין זעהר גוט, ווען דיא קריסטליכע נאציאָנען וואָלטען אָנגענומען דעם אלטען אידישען מנהג מל צו זיין אלע קינדער זכרים אויף דעם אכטען טאָג נאָך זייער געבורט... דער וועהטאָג איז לייכט און דיא בלוטונג איז א קלייניגקייט, און עס איז זעהר א קליינע ריזיקע עס זאָל זיך מאכען עפעס טראָבעל דערפון".

און מיין פריינד ענדיגט זיין בריעף מיט דיעזע ווערטער:

„עס איז ווערטה צו בעמערקען, אז וועהרענד אונזער יונגער דור דערנעהענטערן זיך אלץ מעהר צו דעם קריסטליכען „פראָגרעס" דערמיט, וואָס זיי לאָזען אוועק דיא אידעאלע ריינליכקייט פון דעם אידישען פאמיליען־לעבען פון אונזערע עלטערן, וואָלט עס גראדע געווען ווינשענסווערטה פאר דעם געזונד פון אונזערע קינדער, ניט אוועקצואווארפען דעם „אלטען" קאָנסערוואטיווען מנהג, וועלכען דיא פראָגרעסיווע וויסענשאפטליכע קריסטען ווינשען זיך צו בעזיצען".

אויף דעם האָב איך איהם געענטפערט, אז קודם כל איז דאָס ניט גראדע קיין אידישער מנהג, דען דאָס איז, וויא געזאָגט, א מנהג ביי זעהר פיעל ווילדע פעלקער און דאָס איז געווען איידער עס זיינען נאָך געווען אידען אויף דער וועלט.

און ווייטער, אז וויעדער דאָס איז איינגעפיהרט ביי אזוי פיעל ווילדע, קען עס געוויס שוין ניט זיין צוליעב געזונדהייט, אלס א וויסענשאפטליכער היגיענישער מיטעל. וואָס וויסען דיא נאקטע ווילדע אפריקאנער און אינזעל־בעוואוינער פון מעדיצינישע מיטלען?

עס טרעפט אבער מיט א סך אלטע מנהגים פון ווילדע מענ־שען, אז מאנכע דאקטוירים רעכנען, דאס זיי — דיא מנהגים — זיינען צופעליג גוט צום געזונד אויך.

דיא בודהיסטען עסען ניט קיין פלייש, און א סך דאקטוירים זאגען וועגען דעם געננוי דאס זעלבע, וואס פראפעסאר מארטאן זאגט וועגען מילה: „צוליעב דיא פיעלפאכע מעלות, זאגען זיי, וואס קו־מען ארויס פון ניט עסען קיין לעבעדיגע זאכען, וואלט עס זיין זעהר גוט, ווען דיא קריסטליכע נאציאנען וואלטען אנגענומען דעם אלטען בודהיסטישען מנהג" א. ז. וו. און ביי אידען איז גראדע שחיטה א מצוה...

מיר גיבען דאס נאר אלס ביישפיעל. מאלע וואס מאנכע דאק־טוירים זאגען! א סך זאגען, צום ביישפיעל, אז עס וואלט געווען זעהר געזונד צו געהן נאקעט ווי דיא ווילדע. אנדערע זאגען, מען זאל ביי יעדען מענשען „מל זיין" דעם „אפענדיקס", אפילו ווען ער האט נאך קיינמאל פון אפענדיסיטיס ניט געליטען. וואס דארף מעןווארטען ביז ער ליידעט שוין? אט פונקט ווי ביי דיא מילה טאקי... זאגען אבער אנדערע דאקטוירים, אז יעדע אפעראציע קען זיין שעד־ליך און ווי ווייט מעגליך דארף מען עס אויסמיידען.

וואס דיא סאניטארע ווירקונג פון רעליגיעזע מנהגים זיינען, איז זעהר שווער צו וויסען. אויב אידען ליידען וויינינגער פון מאנכע קראנקהייטען, האט דאס א סך פערשיעדענע אורזאכען. (ווי מיר האבען גערעדט אין ערשטען טהייל, קאפיטעל 10). בסך הכל אבער צייגט נאר דיא סטאטיסטיק, אז אין דיא אידישע ראסע איז דא א גרעסערער פראצענט טויטען־פעלע אין פערגלייך צו געבורטען, ווי אין ראסען וואס שטעהען נאך זעהר ניעדריג. און נאר דיא ווילדסטע מענשען זיינען גראדע אם געזינדסטען און לעבען אם לענגסטען. הייגט געה ווער א ווילדער!

איין זאך אבער איז זיכער: ווען א פרייזיניגער וויל זיך גרא־דע איינגלויבען אין איין געוויסע מיינונג פון א טייל דאקטוירים, דארף דאס אבער גאר ניט האבען צו טהאן מיט דעם, וועלכע רע־ליגיאן זיין באבע האט געהאט. דאס רעליגיעזע אין דער זאך האט געוויס גאר נים צו טהאן מיט דאקטאריע. אז „אליהו הנביא'ס

שטוהל" איז געזונד פאר'ן קינד, זאָגט שוין פּראָפעסאָר מאַרטאָן'ס בוך אויך נים.

און דאן — ביי דיא אידישע בעשניידונג מוז דער מוהל נאָך מיט זיינע לאנגע נעגעל „רייסען דיא הויט" דעם קינד, חוץ שניידען (פריעה). איז דאָס אויך „גוט צום געזונד"? איז דאָס אויך ניט קיין „ווילדער מנהג"?

דיא בעשניידונג, טענה'ט מען, איז גוט, „כדי קיין שמוץ זאָל זיך דאָרט ניט אָנקלייבען". וואס־זשע איז מכוח דיא רעליגיעזע „מציצה", וואָס דער מוהל זויגט אוים דאָס בלוט מיט זיין זעהר „ריינליכע" מויל? איז דאָס אויך „כדי קיין שמוץ זאָל זיך ניט אָנקלייבען"?...

און גראדע אין ריינליכקייט — „שמוץ זאָל זיך ניט אָנקליי־בען", — איז דאָך ווירקליך גאָר ניט קרום, דאָס דיא פאנאטישע מאסען אידען זאָלען שנעלער זיך דערנעהנטערן — ניט צום „קריסט־ליכען" (?) פּראָגרעס, אָבער — צום פּראָגרעס פון דיא ציוויי־ליזירטע פעלקער! איז דען ווירקליך שמוץ אויף דעם איינעם ברע־קעלע אָרט אזוי פיעל מעהר געפעהרליך וויא גאָר דיא שמוץ ארום און ארום אונז, וואָס בלייבט ביי אונז צוזאמען מיט דעם סך הכל פון אונזערע אלטע מנהגים און אָבגעזונדערטקייטען? איז דען ווירקליך אזוי פיעל גוט פאר'ן געזונד אז באַדיי דיא גאנצע בערג „מושב" ארום אונז זאָלען בלייבען, אבי דיא שפּילקע קעפּעלע שמוץ אויף דעם איינעם אָרט זאָל ניט האָבען וואו זיך צו בעהאלטען?...

ווער עס גלויבט, זאָל זיך היטען היילינג זיין גלויבען, אָבער ווען מען טייטשט אוים „הימלישע" גלויבענס־זאכען אויף וועלט־ליכע ניצליכקייט, נאררט מען נאָר זיך און אנדערע.

ווענגען דעם, אז ביי אידען איז דאָ א „אידעאלע ריינהייט פון פאמיליען־לעבען" קען מען נאָר טרעפען. קיין סטאטיסטיק ווע־גען אזעלכע פערבאָרגענע זאכען קען ניט זיין. איבריגענס, שיק איך אָב דעם לעזער צו מיין ביכעל „ליעבע און פאמיליען־לעבען לויט אידישקייט".

אין געוויסע פונקטען איז ביי אידען דאָס פאמיליען־לעבען שטילער וויא ביי דיא גרויסע נים־ציוויליזירטע מאסען ביי אנ־

דערע פעלקער. דאגעגען זיינען אין אנדערע פונקטען דאָ ביי אידען זעהר שלעכטע זאכען אין פאמיליען־לעבען. דיא מאסען עגונות בעווייזען זעהר וויניג אידעאל אין פאמיליען־לעבען. און ליידער זיינען גראדע אידען דיא, וואָס ביי זיי אין האנד איז דער שענד־ליכער מסחר פון מענשליכע סחורה, דיא „ווייסע שקלאפען", אין אָריענט, אין בראזיליען און אין ארגענטיניען.

איז דאָס רעכט צו זאָגען צוליעב דעם, אז דיא פּראָסטי־טוציאָן איז „א אידישער פּראָגרעס"? גאָר ניעדערטרעכטיגע אנטי־סעמיטען קענען דאָס זאָגען! דאָס איז פונקט אזא בלבול וויא דער בלבול, אז אונטערצינדען איז א „אידישקייט", בכן וויל עס טרע־פען זיך א סך אידען אונטערצינדערס.

אָבער פונקט אזא ענגהערציגער בלבול איז עס וויעדער אויך צו זאָגען, אז צולאָזענהייט און ניאוף געהערען צום „קריסטליכען פּראָגרעס"!... דיא צולאָזענע יונגען ביי אידען זיינען פונקט אזוי־נע מיאוסע הולטאיעס, וויא דיא צולאָזענע יונגען ביי קריסטען; דיא אנשטענדיגע מענשען ביי קריסטען זיינען ניט א פּיצעל וויי־ניגער אָרענטליך, וויא דיא אנשטענדיגע מענשען ביי אידען; און דיא שטודירענדע יוגענד פון דיא אוניווערזיטעטען איז, חלעבען, ניט איין האָר וויניגער און ניט מעהר צניעות'דיג, וויא דיא קלויזניקעס אין בית המדרש... פרעגט ביי מיר, איך האָב געהאט איןביידע ערפאהרונג — דאָ דירעקט, דאָרטען אינ־דירעקט.

בקיצור, עס איז פּשוט קינדעריי צו זאָגען, אז דיא בעשניי־דונג איז צוליעב געזונדהייט אָדער געשלעכטליכע ריינליכקייט און מאָראל.

וואָס דען איז עס? פון וואנען קומט עס פאָרט?

* * *

דער ענגלישער פילאָזאָף און פאָרשער הערבערט ספּענסער זאָגט וועגען דעם דאָס פאָלגענדע:

„אין חומש שטייט, אז גאָט האָט שטרענג בעפוילען אברהם'ען און זיינע קינדס קינדער זיך צו בעשניידען, אז ניט וועלען זיי פער־

שניטען ווערען פון דער וועלט... עס איז ניט קיין זעלטענהייט, אז א הערשער גיט א בעפעהל צו זיינע אונטערטהאנען זיי זאָלען זיך פאר איהם ק א ל ע ט ש ע ן, אז ניט סטראשעט ער זיי מיט'ן טויט... דיא בעשניידונג איז נאָר א י י נ ע פ ו ן פ י ע ל ע ס אָ ר ט ע ן ק א ל ע ט ש ע ר י י ע ן פון קערפער, וואָס הערשער פון ווילדע שבטים צווינגען זייערע אונטערטהאנען זיך צו מאכען, א ל ס א צ י י כ ע ן פ ו ן ז י י ע ר א ו נ ט ע ר ט ה ע נ י נ ג-ק י י ט". (פרינסיפלס אָוו סאָשיאָלאָדזשי 202).

אויף א'ן אנדער אָרט בריינגט דיעזער פאָרשער פאקטען פון פיעלע ווילדע פעלקער, וואָס שניידען זיך אָב פינגער, רייסען זיך אויס דיא האָר, צורייסען זיך זייער פלייש ביז בלוט, אלץ פאר א צייכען פון זייער אונטערטהעניגקייט צו זייערע „גרויסע" אָדער „הייליגע" אָדער געטער.

תורת משה רעדט דאָך אויך וועגען דיא מנהגים ביי אנדערע פעלקער זיך צוצושניידען און צוקראצען פאר זייער גאָט'ס וועגען. דאָס מל־זיין איז פשוט אויך אזא סאָרט בלוטיגער גאָטעס־דיענסט!

אמאָל האָט מען א גאנצען מענשען מקריב געווען צו גאָט. אברהם ווערט פאָרגעשטעלט אלס א געוואלדיגער צדיק דערמיט, וואָס ער האָט געוואָלט זיין בן יחיד מקריב זיין צו גאָט. און א שטיקעל „פאָרטשריט" איז עס שוין געווען, אז מען האָט בלויז אָבגעשניטען א שטיקעל פון א מענשען מקריב צו זיין צו גאָט... א שטיקעל פון דעם געהיימניספאָלען גליד, וועלכער האָט אין זיך דאָס לעבען פון שפּעטערע דורות. דערמיט איז מען מקריב צו גאָט אזוי גוט וויא דעם גאנצען מענשען...

ביי דיא פאלאשען (שווארצע אידען אין אבעסיניען) איז מען מל מיידלעך אויך...

בקיצור — ווילדע מענשען־אָפּפער איז עס, ווייטער גאָר ניט!

אנדערע סאָרטען קערפּער־קאלעטשערייען טהוען זיך ווילדע אָן אלס א צייכען פון זייער שבט.

דער פאָרשער סטאַרע האָט צוזאמענגענומען פאקטען וועגען בע־שניידען און צושניידען זיך ביי פיעלע פעלקער און ער האָט אויס־געפונען, אז דאָס איז ביי זיי א צערעמאָניע איינצופיהרען דעם

מענשען אלס פולען בירגער אין זיין שבט. (צייטשריפט פיר דיא אלט־טעסט. וויסענשאפט 1886) דיא משוגענע איינפיהרונגס־צע־רעמאָניעס אין היינטיגע אָרדענס — וואו מען זעצט אויף הייסע אייזענס, מען הייננט אויף ביי דיא פינגער און נאָך אזעלכע וויל־דע זאכען — זיינען נאָך א׳ן איבערבלייבונג דערפון.

יעדענפאלס געהערט אויך דאָס צו דיא אלטע מנהגים פון אלע פעלקער, וועלכע זיינען ניט איינגעפיהרט געוואָרען, צוליעב א צוועק, נאָר זיינען ענטשטאנדען, פון אורזאכען — פון דיא נאַ־טירליכע נייגונגען און פאנטאזיעס פון דיא נאטור־מענשען. און יעדעס פאָלק האָט געהאלטען הייליג זיינע מנהגים (וויא מיר ווע־לען רעדען ווייטער ביי דיא באָרד און פאות). און וואו שריפט האָט זיך ענטוויקעלט איז דאָס מיט דער צייט פערשריעבען געוואָרען אלס דער געבאָט פון דיא נאציאָנאל־געטער.

## II.

## ש ב ת.

א היינטיגער האלב־אויפגעקלעהרטער איד וועט אייך זאגען, אז דער טעם פון שבת איז גאר פשוט, כדי אז דער מענש זאל האבען איין טאג אין וואך רוה. דאס איז אבער ניט מעהר ווי צוגעטראכט. דעם טעם האט אפילו שוין געגעבען דער רמ״א, מיט מעהר ווי 300 יאהר צוריק (אין זיין תורת העולה ח״ג פל״ח). דאך איז דאס נאר צוגעטראכט, אזוי ווי אלע ראציאנאליסטישע טעמים און אויסלייגונגען פאר רעליגיעזע זאכען זיינען ניט מעהר ווי־צוגעטראכט.

גראדע אויף שבת האט פאר דיא גלויביגע קיין שום זין ניט בעדארפט האבען אויסצוטראכטען קיין טעם, דען דאס איז פון דיא מצוות, אויף וועלכע דיא תורה אליין גיט א טעם. אויף שבת גיט דיא תורה עטליכע פערשיעדענע טעמים, און קיין איינער איז ניט דער טעם כדי יעדער מענש זאל האבען איין טאג אין וואך רוהע.

אט זיינען דיא פערשיעדענע טעמים, וואס דיא תורה גיט אויף דיא מצוה פון האלטען שבת:

1) גאט האט בעשאפען דיא וועלט אין זעקס טעג און דעם זיעבעטען טאג האט ער זיך אויסגערוהט פון דיא ארבייט. „האט גאט געבענשט דעם זיעבעטען טאג און איהם געהייליגט. ווייל אין איהם האט ער גערוהט פון זיין גאנצע ארבייט, וואס ער האט געמאכט״ (בראשית ב׳ ג׳).

דער אייגענער טעם איז אויך אנגעגעבען אויף איין ארט, וואו עס איז איבערגעגעבען דיא עשרת הדיברות וואס זיינען געווען „איינגעקריצט אין דיא לוחות״ (שמות כ׳ י״א).

אבער אויפ׳ן צווייטען ארט, וואו עס איז נאך אמאל איבערגעגעבען, וואס עס איז געווען איינגעקריצט אין דיא עשרת הדיברות,

שטייט גאָר, אז דאָרט איז געווען געזאָגט א גאַנץ אנדערער טעם אויף שבת:

2) כדי עס זאָל רוהען דיין קנעכט און דיין דיענסט אזוי וויא דו און דוא זאָלסט געדענקען, אז דוא ביזט אליין געווען א קנעכט אין מצרים, האָט דיך דיין גאָט ארויסגענומען... ד ע ר י ב ע ר האָט דיך דיין גאָט געבאָטען צו מאכען דעם טאָג שבת". (דברים ה׳ י"ל ט"ו).

„דאריבער" ! — קיין וואָרט שטייט דאָ גאָר ניט, אז דאָס האָט ער געבאָטען ווייל דעם טאָג האָט ער גערוהט פון בעשאפען דיא וועלט. אָבער אויך ניט „כדי" י ע ד ע ר מענש, אויך ניט קיין קנעכט א. ז. וו. זאָל האָבען א טאָג רוה.

דערזעלבער טעם איז אויך אָנגעגעבען אין משפטים: „כדי עס זאָל רוהען דיין אָקס, דיין אייזעל, און זיך ערהאָלען דער זוהן פון דיין דיענסט און דער גר". (שמות כ"ג י"ב).

3) א דריטער טעם שטייט אין דיא תורה: „דען דער שבת איז א צייכען צווישען מיר (גאָט) און אייך אויף דור דורות, אז איהר זאָלט וויסען, אז איך בין אייער גאָט וואָס מאכט אייך היי־לינ". (שמות ל"א י"ג).

און דאָך האָבען דיא גלויביגע אין אלע צייטען געזוכט נאָך אנדערע טעמים אויף שבת.

4) דער אבן עזרא האָט געזאָלט זאָגען, אז שבת איז דער טאָג ווען איבער דער וועלט רעגיערט דער כוכב „שבתאי" (סאטורן), דעריבער הייסט דאָס דער טאָג „שבת". און דיעזער כוכב איז „ממונה" אָנגעשטעלט איבער דיא אידען. זיין אויפגאבע איז צו פערניכטען, צושטערן, פערדארבען, צושיידען, ערניעדעריגען, אָרים מאכען, פערטרייבען, איינזאם מאכען. ווען דיא אידען רוהען אום שבת, קומען זיי שוין מיט דעם אָב. דאָס וואָס זיי לאָזען דיא אר־בייט און בעשאפונג רוהען און וואָס זיי ליידען שווערינקייטען און פיין, איז כדי יוצא צו זיין פאר דעם צושטערער שבתאי, אז ער זאָל זיי ניט קענען טהאָן קיין אנדערע שלעכטעס. (אהל יוסף על הרב"ע, פ׳ משפטים ובהר).

5) אנדערע מיסטיקער האָבען געזאָגט, אז דיא צאָהל זיעבען איז א הייליגע מיסטישע (געהיימניספאָלע) צאָהל און דעריבער איז דער זיעבענטער טאָג הייליג. ר' נחמן קראכמאל ברייננט דעם טעם אזש נאָך פון פילון היהודי. (ארום 2000 יאָהר צוריק).

דיא שפּעקוליערענדע מיסטיקער האָבען דערויף נאָך אויסגע־טראכט אזא מין דריידעל: לכבוד שבת געניסט מען בשר, יין ודגים (פלייש, וויין און פיש). „בשר" בעטרעפט זיעבען („מיט דיא גרוי־סע צאָהלען"); אזוי בעטרעפט אויך „יין" זיעבען, און „דג" בע־טרעפט דאָך אודאי זיעבען. אזוי בעטרעפען אויך זיעבען אלע ערש־טע בוכשטאבען פון דיא דריי ווערטער, און אלע צווייטע בוכשטא־בען, אוןביידע דריטע בוכשטאבען. אלץ נאָר זיעבען און זיעבען. דאָס איז אלץ רעכענענדיג צעהנער און הונדערטער פאר איינס'ער. (מערכת טעמי המצות, שלמה רובין.)

פון דעם פאקט, דאָס מען האָט שפּעטער צוגעטראכט נייע טעמים צו אזא אלטען מנהג, כאָטש דיא תורה אליין גיט דריי טעמים, — פון דעם אליין קען מען זיך שוין א בעגריף מאכען, אז דיא עלטערע טעמים פון דיא תורה גופא האָבען אויך געקענט זיין צוגעטראכט און אז דער שבת האָט געקענט זיין א מנהג נאָך א סך פריהער.

און ווירקליך, אזוי איז עס געוועזן! היינטיגע פאָרשונגען אין דיא אלטע בעקריצטע טאבליצעס, וואָס מען גראָבט אויס אין אשור און בבל, האָבען ארויסגעבראכט דעם פאקט, דאָס דער מנהג פון האלטען שבת שטאמט פון דיא אלטע פעלקער, וואָס האָבען גע־וואָהנט אין דיא געגענדען, וועלכע אידען האָבען שפּעטער געמאכט פאר זייער לאנד. מען האָט געפונען טאבליצעס פון אשור, וואָס שטאמט נאָך פון ארום טויזענד יאָהר פאר משה רבנו (לויט וויא דער אידישער חשבון, הייסט עס, רעכענט), און אויף איהר איז אויסגעקריצט דער קאלענדער פון דיא אשוריים פאר צוויי מאָ־נאט. שטייט דאָרטען אזוי:

דעם זיעבענטען טאָג, דעם פיערצעהנטען טאָג, דעם 21טען טאָג און דעם 28טען טאָג זיינען גוטע טעג. אין דיא טעג זאָל דער קעניג ניט עסען קיין שפּייז וואָס איז געקאָכט ביי פייער,

ניט פאָהרען אויף זיין קארעטע, ניט האלטען קיין געריכט־זי־צונג" א. ז. וו.

און אפילו דאָס וואָרט שבת — שבתים — געפינט זיך דאָרטען.

בקצור, זעהען מיר אויך ביי דיעזע מצוה, אז מען דארף ניט זוכען צו איהר קיין „צ ו ו א ס", נאָר א „פ א ר ו ו אָ ס"; ניט קיין צ ו ו ע ק נאָר א׳ן א ו ר ז א כ ע דארף מען זוכען פון שבת.

וואָס־זשע האָט געקענט זיין דיא אורזאכע?

* * *

עס איז נאטירליך, אז וויא נאָר אין דיא אמאָליגע ווילדע מענשען האָט ערוואכט עטוואָס דענקונגס־קראפט, האָט זיך אין זייער קאָפּ אויסגעלייגט א פלאן פון די צייט, א׳ן איינטהיילונג אין טעג, וואָכען, מאָנאטען און סעזאָנען.

דער בעגריף וועגען „צייט" ביי דיא ערשטע ערוואכונג פון מענשליכקייט, ביי דיא מענש־חיה, איז געוועזן וויא א גרויסע שטאָדט ביי א פרעמדען. ווען ער קומט נאָר וואָס אָן אין דיא פרעמדע שטאָדט, האָט ער קיין שום בעגריף ניט פון דעם פלאן פון דיא שטאָדט. דיא גאנצע שטאָדט שטעלט זיך איהם פאָר וויא איין געמיש פון הייזער און גאסען, א כאָאָס, א תוהו ובוהו. ווען ער הויבט אָן בעקאנט צו ווערען מיט דיא שטאָדט, טהיילט זיא זיך איין אין זיין בעגריף אין א סיסטעם, אין א פלאן, אין גאסען און קווארטאלען. וואָס לענגער ער בלייבט אין שטאדט, אלץ קלאָה־רער ווערט איהם אין קאָפּ איהר פלאן, איהר „געאָגראפיע", איהרע איינטהיילונגען.

פונקט אזוי איז עס געוועזן מיט דעם צייט־בעגריף ביי דיא ערשטע מענשען. גאנץ ווילדע מענשען האָבען נאָך היינט ווענינ בעגריף פון צייט איינטהיילונג. זיי לעבען אין דער וועלט אריין און וויסען קיינמאָל ניט קיין אונטערשיעד פון וואָכען, מאָנא־טען און יאָהרען.

אָבער ווילדע, וואָס האָבען שוין דערגרייכט א ברעקעלע שטו־

פע פון מענשליכען פערשטאנד, האבען שוין א שטיקעל צייט־איינטהיילונג.

נאטירליך טהיילען זיי איין דיא צייט לויט די ענדערונגען אין דיא נאטור ארום זיי.

דיא איינפאכסטע איינטהיילונג איז אין טאג און נאכט.

א ווייטערע איינפאכע איינטהיילונג איז לויט דיא נאטור סעזאנען, ווי זיי צייגען זיך ארויס אין דיא לענג פון דיא טעג און דיא נעכט אין דיא פערשיעדענע צייטען פון יאהר, אין דיא וואקסענדע פרוכטען אויף דיא פעלדער און אין דיא ווארימקייט און קעלט.

א ווייטערע ענטוויקלונג מאכט קלאר אין דיא קעפ דיא איינ־טהיילונג אין צייט לויט דיא לבנה. מען הויבט אן צו בעמערקען, אז אלע 29 ביז 30 טעג ענדערט זיך דיא לבנה רעגעל־מעסיג. פריהער בעווייזט זיך פון איהר א ברעקעלע פון איין זייט; דערנאך ווערט זי גאנץ; דערנאך ווערט זי אלץ שמעלער פון דער אנדערער זייט, ביז זי פערשווינדעט אין גאנצען. עס איז נא־טירליך, אז דער מענש טהיילט זיך איין דאס יאהר אין דער טהייל צייט פון דער לבנה. דאס ווערט ביי איהם 12 חדשים.

דיא לבנה און דער חודש האבען אין פיעלע אייראפעאישע שפראכען איין גלייכען נאמען. דייטש: מאנד — מאנאט; ענג־ליש: מוהן — מאנטה; האללענדיש: מאאן — מאאנד; פוי־ליש: מיעסיאנץ און מיעסנאנץ. פראפעסאר מאקס מיללער זאגט, אז דאס אלץ שטאמט פון דעם אלטען סאנסקריט־ווארט „מאהס"; און עס איז קלאהר, זאגט ער, אז דאס ווידער שטאמט פון דעם סאנסקריט־ווארט „מאה", וואס איז דער טייטש — מאס, מעס־טען.

פון דעם זעהט מען, אז פון אייביג אן האט מען בענוצט דיא לבנה אלס דיא מאס צו מעסטען דיא צייט.

און ווייטער איז געווען נאטירליך, אז דיא לבנה־אבטהיילונג פון צייט, דעם חודש, האט מען ווידער איינגעטהיילט אין דעם ערשטען פיערטעל, אין צווייטען טהייל, ווען זי איז האלב, אין דריטען טהייל, ווען זי איז פול, און אין פיערטען טהייל, ווען זי

איז אין לעצטען פיערטעל. דערפון זיינען געקומען פיער טהיילען פון חודש — פ י ע ר ו ו א כ ע ן. אויף אזא אופן איז מען ענד־ ליך געקומען צו דיא איינטהיילונג אין וואכען.

א פיערטעל מאנאט איז זיעבען טעג מיט דריי־אכטעל טאג. אויף דיא דריי־אכטעל טאג איז אונבעקוועם איינצוטהיילען דיא וואך. דעריבער האבען זיך דיא דריי־אכטעל טאג פערלארען, און זיעבען טעג איז געבליבען א וואך, ניט קוקענדיג מעהר וואס דאס רוקט אוועק דיא גרענעץ פון דיא וואכען פון דיא פיערטעל, האל־ בע און גאנצע לבנות.

דיא איינטהיילונג פון דיא צייט אין וואכען איז געווען איינ־ געפיהרט כמעט ביי אלע פארצייטיגע פעלקער. און אויך „ה י י־ ל י ג ע ט ע ג" זיינען ביי זיי געווען אין בעשטימטע צייטען, לויט דיא ענדערונגען אין דער לבנה.

ביי דיא גאנץ פארצייטיגע הינדוס זיינען געווען צוויי היי־ ליגע טעג אין מאנאט, ווען מען האט מקריב געווען צוויי בעזונ־ דערע קרבנות און זיך געהיט דיא טעג פון געוויסע בעשעפטי־ גונגען, דאס איז געווען דער טאג, ווען דיא לבנה איז פול און דער טאג, ווען דיא לבנה איז האלב. דיעזע הייליגע טעג הייסען אין דיא הינדו רעליגיאן (בראהמינישע) „אופאוואסאטהא". אלזא, זעהט מען, אז זיי שטאמען פון דיא אלטע הינדו'שע הייליגע טעג, נור פון צוויי אין מאנאט איז געווארען פיער. זיי זיינען: ווען עס איז גאר קיין לבנה ניטא, ווען זי איז דאס ערשטע אכטעל, ווען זי איז גאנץ און ווען זי איז דאס לעצטע אכטעל.

דיא לבנה איז א הייליגע זאך און הייליגט געוויסע טעג ביי אלע נאטור־פעלקער, בעזאנדערס ביי דיא פעלקער פון אזיען. ביי דיא טערקען איז א האלבע לבנה זייער הייליגער צייכען, — דאס זעלבע וואס דער צלם ביי דיא קריסטען.

עס איז דעריבער זעלבסטפערשטענדליך, אז ביי דיא גאנץ פארצייטיגע אזיאטישע פאלקס־שטאמען, פון וועלכע עס האט זיך

שפעטער צונויפגעשמאָלצען דאָס אידישע פאָלק, האָט אויך דיא לבנה געמאכט געוויסע טעג הייליג.

נאָך היינט שפּרינגען דאָך דיא גלויביגע אידען צו דער לבנה, און זיינען זיא „מחדש“ אלע חודש! „מחדש“ איז א גרייז. ריכ־טיג איז „מקדש“, דאָס הייסט — אויסדריקען איהר ה י י ־ ל י ג ק י י ט.

דאָס וואָרט „חודש“ איז דער טייטש — ניי. דאָס קומט פון דיא נייע לבנה. אין דיא אידישע רעליגיאָן איז עס איינע פון דיא הייליגסטע מצוות, צו צעהלען דיא חדשים לויט נאָך דיא לבנה. דערפון קומט דאָס, וואָס דער אידישער חודש טאָר ניט זיין גערך פונקט א 12טעל פון יאָהר, ווי דער גוי'אישער חודש, כדי אז 12 חדשים זאָלען אימער זיין א יאָהר. דער חודש פון דעם אידישען גלויבען מוז אימער פאסען מיט דער לבנה, און דאָס מאכט דעם אידישען חודש עטוואָס קלענער פון איין צוועלפטעל יאָהר. דאָס ברייננט דיא אונבעקוועמליכקייט, דאָס אין דריי יאָהר קלייבט זיך אָן א'ן איבריגער חודש און עס מוזען זיין 13 חדשים אין יאָהר — א'ן עיבור־יאָהר. עס איז אונבעקוועם און אונרעגעלמעסיג, אָבער עס מוז אזוי זיין, ווייל דיא הייליגקייט פון ראש חודש און פון דיא ימים טובים ווענדעט זיך אָן דיא „הייליגע“ לבנה...

ביי דיא מאחמעדאנער מוז אויך דער חודש זיך פאסען צו דיא לבנה. זיי מאכען אָבער ניט קיין עיבור־יאָהר. קומט טאקע ביי זיי אויס, אז דיא חדשים פאסען זיך ניט אריין אימער גלייך אין געוויסע צייטען פון יאָהר, נאָר זיי וואנדערען ארום. זייער הייליגער חודש ראמאדאן, למשל, רוקט זיך פון יאָהר צו יאָהר אלץ ווייטער אריין אין זומער אריין, דערנאָך אין ווינטער אריין און דער חודש פאָהרט אזוי ארום, אין פערלויף פון יאָהרען, איבער דעם גאנצען קיילעכדיגען יאָהר.

אלזאָ, איז אויך ביי זיי דיא לבנה דער קוואל פון דיא היי־ליגקייט פון דיא הייליגע טעג. דאָס איז ניט, ווייל זיי האָבען דאָס „איבערגענומען פון אידען“. דיא קריסטען האָבען 600 יאָהר פריהער וויא דיא מאחמעדאנער איבערגענומען דיא רעליגיעזע זאכען פון אידען, — און מעהר איבערגענומען, — און דאָך האָבען זיי ניט

דיא חדשים געננוי נאָך דיא לבנה. ביי דיא מאחמעדאנער שטאמט דאָס פון דעמזעלבען מקור, פון וואנען דאָס שטאמט ביי אידען — פון אלע אלטע סעמיטישע פעלקער־שטאַמען אין אזיען! דיא מאחמעדאנישע רעליגיאָן שטאמט נעמליך פון דיא אראבער, און זיי זיינען פון דיא זעלבע פעלקער־שטאמען וואָס דיא אידען.

בקיצור, דיא לבנה איז עס, וואָס גיט געוויסע טעג זייער הייליגקייט.

און אויך דעם שבת קודש!

א סך מאָל אין תנ״ך ווערט דער הייליגער ראש חודש דערמאָנט צוזאמען מיט דעם הייליגען שבת, אלס הייליגע טעג פון איין סאָרט. זעהר פיעל מאָל! (למשל: ישעיה א, י״ג. מלכים ב׳ ד׳ כ״ב. הושע ב׳ י״א. עמוס ח׳ ה. יחזקאל מ״ו א. און אין נאָך א סך אנדערע ערטער). דער נביא יחזקאל זאָגט:

„דאָס טויער פון אינעווענינגסטען הויף — פון בית המקדש — זאָל זיין פארשלאָסען אלע ארבייטס־טעג, און דעם שבת'דיגען טאָג זאָל עס געעפענט ווערען און אין דעם ראש־חודש־טאָג זאָל עס געעפענט ווערען“. (שם).

אלזאָ, דיא הייליגקייט פון שבת און דיא הייליגקייט פון ראש־חודש זיינען פון איין סאָרט. ביי ביידע קומט דיא הייליגקייט פון דיא לבנה. פונקט וויא ביי דיא בודהיסטען. עס שטאמט פון אמאָל, ווען דיעזע פיער הייליגע טעג אין חודש פלעגען זיין אונרעגעל־מעסיג, יעדעס מאָל ווען דיא לבנה ענדערט זיך. מיט דער צייט האָט זיך דאָס איינגעשטעלט רעגעלמעסיג, יעדען זיעבעטען טאָג, ניט קוקענדיג מעהר וויא דיא לבנה האלט.

דאָס שטאמט פון דיא גאנץ, גאנץ אלטע ווילדע צייטען, פון אלע ווילדע פאָלקס־שטאמען אין אזיען, וועלכע האָבען זיך דער־נאָך צוטהיילט אין גרויסע פעלקער און דאָס אידישע פאָלק איז געוואָרען איינס פון זיי.

דיא רעליגיעזע הייליגקייט און פורכט פאר דעם טאָג קומט פון דעם, וואָס דאָס „פנים פון הימעל“, וואָס קוקט אראָפּ צו אונז, פערענדערט זיך... נאטירליך האָבען דיא קינדערשע נאטור־

מענשען געמוזט האלטען דיא לבנה פאר א „פנים פון גאָט“, וואָס קוקט אראָפּ צו אונז. געוויס איז דאָך דאָס ניט עפּעס קיין קליי־ניגקייט, אז דאָס פנים ענדערט זיך! און נאטירליך איז דאָך דער טאָג ניט א טאָג וויא אלע טעג!...

זעהר ריכטיג זאָגט ס. ר. דרייוועד:

„ניט דער שבת איז הייליג, ווייל אין איהם האָט גאָט גע־רוהט פון זיין ארבייט, ווען ער האָט בעשאפען דיא וועלט; נאָר פונקט פערקעהרט: דעריבער האָט דיא פאָלקס־פאנטאזיע דער־ציילט א באָבע־מעשה׳לע, אז אין זעקס טעג האָט גאָט בעשאפען דיא וועלט און דעם זיעבענטען האָט ער גערוהט, ווייל שוין פון פריהער איז ביי יענע מענשען געוועזן א וואָך זיעבען טעג און איי־נער פון זיי א הייליגער“. נאטירליך האָבען זיי זיך געמאָהלען, אז גאָט אליין האָט שוין אויך געהאלטען זייער הייליגען שבת.

און פון וואנען איז ביי זיי דאָס געוועזן איינגעפיהרט פון פריהער? פון נאטור, וויא איך האָב בעוויזען.

אזעלכע הייליגע טעג, ווען מען טאָר ניט טהאָן געוויסע זא־כען פון אלע טעג פון א גאנץ יאָהר, זיינען דאָ ביי אלע ווילדע מענשען. ביי דיא ווילדע פון האוואיאי אינזלען — וועלכע זיינען אונגעהייער ווייט אָבגעשיידעט מיט ים פון אלע מענשען פון דער וועלט — איז אויך אין געוויסע הייליגע טעג געווען פערבאָטען פייער צו מאכען און צו באָדען זיך.

א רוהע־טאָג אין וואָך איז געוויס זעהר א ציוויליזירטע זאך. אָבער דיא מורא פאר דוקא איין בעשטימטען טאָג און ניט קיין אנדערן איז א פארצייטיגע ווילדהייט.

עס איז א סך מאָל אונמעגליך צו דערגעהן דעם אמת, פאר וואָס אמאָליגע ווילדע האָבען זיך גראד אבגעקליבען דיא טעג פאר הייליגע. אָבער ביי זיי אלע איז שפּעטער צוגעטראכט געוואָ־רען פאנטאסטישע טעמים פון „געטליכע“ און „הימלישע“ און „גייסטליכע“ נעשיכטען.

ביי א סך פון אזעלכע מנהגים קען מען זיך לייכט משער זיין דעם נאטירליכען אורשפּרונג. און דער שבת איז איינער פון זיי, וויא ערקלערט.

אין דיא גמרא געפינען זיך אויך אייניגע, וואָס האָבען גע־פיהלט, וויא ימים־טובים האָבען געקענט ארויסקומען ביי מענשען פון נאטור־ערשיינונגען ארום זיי. ביי דיא פארצייטיגע רוימער איז נעמליך געווען א געוויסער אלטער יום־טוב, אין דיא זעלבע צייט וואָס קריסטמעס לערך. (און קריסטמעס — וויינאכט, באָזשע נאַ־ראָדזעניע — שטאמט טאקע אין אמת'ן דערפון!) ערקלערען אייניגע תנאים, אז דער יום־טוב איז געקומען דערפון, וואָס „אדם הראשון" האָט געזעהן, אז דער טאָג הייבט אָן אין דער צייט צו־ריק לענגער צו ווערען. פריהער, אז ער האָט געזעהן וויא דיא טעג ווערען אלץ קלענער, האָט ער געמיינט, אז דיא וועלט וועט איהם שוין אזוי ביסלעכווייז אין גאנצען פינסטער ווערען. פלוצ־לונג האָט ער דערזעהן, אז דיא טעג הייבען אָן צו ווערען צוריק לענגער, האָט ער פאר שמחה געמאכט א יום־טוב. (ע"ז ח'.)

אנשטאט זייער קינדערשען „אדם הראשון" שטעלט „דיא אור־מענשען", דיא אמאָליגע ווילדע, און איהר האָט דאָ א ריכטיגע, וויסענשאפטליכע ערקלערונג, וויא פון דיא נאטור־ערשיינונגען האָ־בען זיך ביי יענע מענשען געבילדעט „היילינע טעג"!

## III.

# דיא הייליגע באָרד און פּאות.

ביי אונזערע עלטערן איז דער באָרד געווען אזוי הייליג, אז ארויסגעפּאלענע האָר פון דיא באָרד האָבען זיי בעהאלטען אין דיא הייליגע ספרים. אין אלטע ספרים געפינען מיר נאָך היינט בע־האלטען האָר פון באָרד, ווער ווייסט פון וויפיעל דורות צוריק.

און כדי אז דיא הייליגע האָר זאָלען ניט ארויספאלען אונ־בעמערקט און ניט וואלגערן זיך חלילה אויף דר'ערד, האָט א'ן עכט־פרומער איד זיך קיינמאָל זיין באָרד ניט געקעמט.

היינט זאָגט מען אפילו א ווערטעל ביי אידען: „בעסער א איד אָהן א באָרד איידער א באָרד אָהן א איד". אָבער דאָס איז שוין א היינטוועלטיגער געדאנק. און אז מען געפינט פאר נויטיג צו מאכען די בעמערקונג, איז דאָך א בעוויז, אז געוועהנליך איז מען געווען געניינט צו דענקען, דאָס א איד אָהן א באָרד קען גאָר ניט זיין.

אזוי ווייט הייליג איז געווען דער באָרד, אז מען רעדט וועגען „שווערען ביי'ן באָרד", אזוי וויא ביי א ספר תורה!

וואָס איז געווען דער טעם פון דיא הייליגקייט פון באָרד?

ווען עס וואָלט געווען פערקעהרט, — ווען דיא פארצייטיגע ווילדע פעלקער ארום דיא אידען וואָלטען געטראָגען בערד און דיא אידישע תורה וואָלט געבאָטען, אז אידען זאָלען למען השם קיין באָרד ניט טראָגען, וואָלטען געווים דיא ראציאָנאליסטען געזאָגט, אז דאָס איז צוליעב געזונד, כדי עס זאָל זיך ניט אנקלייבען קיין שמוץ און קיין קראנקהייטס־שטאָפען צווישען דיא האָר.

זיי וואָלטען געזאָגט: דיא ווילדע גוים ארום דיא אידען האָ־בען געהאט לאנגע קאָלטענעוואטע האָר אראָבהייננען פון זייער מאָרדע — טאקי וויא דיא ווילדע; פול מיט שמוץ און קראנקהייטס־

שטאַפּען זיינען געווען זייערע בערד; דיא אידישע תורה אָבער איז געווען א תורה פון חכמה, פון ציוויליזאציאָן, האָט זיא געהייסען דיא אידען ניט טראָגען אזלעכע לאנגע האָר אויף דיא מאָרדע וויא דיא ווילדע, נאָר זיך האלטען דאָס פנים ריין, ציכטיג.

אָט אזוי וואָלטען געזאָגט דיא, וואָס האָבען ליעב אריינצו־טייטשען אין דיא זאכען פון גלויבען א מיין פון שכל...

איז אָבער דוקא פערקעהרט! וואס פאר א מיין פון שכל קען אצינד האָבען דער באָרד פון גלויבען? וואָס פאר א חכמה קען דאָ היינגען אויף א האָר?

דיא ראציאָנאליסטען געפינען זיך א׳ן עצה. זיי זאָגען, אז דיא גוים, וואָס האָבען געדיענט דיא עבודה־זרה, האָבען זיך אָב־געשניטען דעם באָרד צו דיא עבודה זרה, דעריבער האָט מען אידען געהייסען ניט שערען דעם באָרד, כדי זיי זאָלען דאָס ניט טהאָן פאר געצען־דיענסט און כדי עס זאָל זיין א׳ן אונטערשיעד צווישען זיי און דיא געצען־דיענער.

דארף זיך אָבער מאכען, אז דאָס איז ניט געשטויגען ניט גע־פלויגען. דיא גוים, דיא עבודה־זרה־דיענערס פון ארום דיא אידען האָבען דוקא אליין געהאט לאנגע בערד! מען גראָבט היינט אויס מאסען שטיין־בילדער און בילדער אויסגעקריצט אין טאבליצעס פון דיא פעלקער פון יענע צייט, דיא שכנים פון אידען, און דיא מענער אויף דיא בילדער זיינען דאָס רוב מיט בערד. נאָך געקרויז־עלטע בערדלעך.

עס איז נאָך טהיילווייז אזוי ביז׳ן היינטיגען טאָג ביי דיא גוים פון יענע געגענדען, וואָס שטאמען פון דיא פארצייטיגע פעלקער: זיי טראָגען לאנגע בערד.

ביי דיא אראבישע מאחמעדאנער איז אמאָל דער באָרד געווען אזוי הייליג, אז דיא גאנצע עולם הבא זייערע איז געהאנגען אויף׳ן האָר פון דיא באָרד. דיא האָר פון באָרד, וואָס פלעגען ארויס־פאלען ביי׳ן קעמען זיך, פלעגען זיי פאָרזיכטיג בעהאלטען, און דערנאָך איבערשניידען אויף העלפט און מקבר זיין. דאָס איבער־שניידען איז געווען פאר דעם מלאך, וואָס איז געשטאנען און געהיט דיא הייליגע האָר. מיט דעם האָט מען דעם מלאך גע־

געבען א סמן, ער זאָל געדענקען, אז מען האָט דיא הייליגע האָר „זייער רעכט געטהאָן". דאָס איז א שטייגער וויא אידען שניידען אריין צוויי ברעקלעך האָלץ אין דיא נעגעל פאר „עדות", אז מען האָט דיא נעגעל ניט אוועקגעוואָרפען חלילה. נאָר זיי פערברענט, וויא דער דין איז.

דער ערשטער וואָס האָט זיך אדוואזשעט צווישען דיא מאח־מעדאנער אראָבצונעהמען דיא האָריגע הייליגקייט, איז געווען סול־טאן סעלים דער ערשטער, אין יאָהר 1512. עס איז געוואָרען אזא רעש צוליעב דעם, אז דיא וועלט האָט זיך שיער איבערגעקעהרט. דער מאחמעדאנישער אויבער־צדיק, דער מופטי, האָט געוואגט דעם סולטאן פאָרווירפע צו מאכען. עס איז עפּעס קיין קליינינקייט ניט, א סולטאן פאָרווירפע מאכען, אָבער דער באָרד איז הייליגער אפילו וויא דער סולטאן.

דער סולטאן האָט געענטפערט מיט א וויץ: „איך האָב אָב־געשניטען מיין באָרד, כדי מיין מיניסטער זאָל ניט האָבען ביי וואָס מיך ארומצופיהרען".

נאָר אין דיא אלטע צייטען פלעגען דיא פערזישע קעניגע דורכ־פלעכטען זייערע בערד מיט גאָלדענע פערעמלעך און זיי צובינדען ארויפצו.

דאָס וואָרט „בארבירען" קומט פון איין שטאם מיט דעם וואָרט „בארבאר", א ווילדער; ווייל דיא פארצייטיגע רוימער פלע־גען רופען אלע פעלקער מיט בערד — „בארבארען". דאָס איז אויך א בעוויז, אז אידען זיינען ניט געווען דאָס איינציגע פאָלק מיט בערד. אלע ווילדע פעלקער האָבען געטראָגען בערד. ווילדע זיינען אומעדום געווען געמאָהלען בעוואקסענע מיט לאנגע האָר פון אלע זייטען. ציוויליזירטע האָבען זיך ארומגעשאָרען.

אז א קונסט־מאָהלער מאָהלט א משה רבנו, א ירמיה, א יעזוס, מאָהלט ער זייערע בערד פראכטפאָל גלייך געקעמט; אזוי מאכען דיא בערד א הערליכען איינדרוק, א'ן איינדרוק פון וויר־דע, פון הייליגקייט; זיי ערוועקען דרך ארץ. אָבער אזעלכע פראכט־פאָלע געקעמטע און ציערליכע בערד זיינען נאָר אין דעם מאהלערס פאנטאזיע. אין יענע צייטען איז ניט געווען קיין „פריזורע"; א

נעוועהנליכער לאנגער באָרד פון יענער צייט וואָלט אויף א הייג־טיגען מענשען געמאכט א שרעקליכען איינדרוק, — וויא א וויל־דע זאַך, ניט וויא דער ארעאָל פון ווירדע...

אָהן בערד זיינען נאָר געגאנגען דיא עגיפּטער. איז דאָס טאַ־קי געוועזן, ווייל זיי זיינען געוועזן דאָס ציוויליזירטעסטע פאָלק פון יענע גאנץ אלטע צייטען.

ווען מען האָט יוסף׳ן צום ערשטען מאָל געבראכט פאר דעם קעניג פון מצרים, האָט מען איהם ארומגעשוירען, אָבראזירט און אָנגעטהאָן אנדערע קליידער. (בראשית מ״א י״ד.)

אנדערע מאָדעס פון ציוויליזירטע מעגען זיין ניט וויכטיג און ניט דורכאויס כדאי נאָכצוטהאָן. דיעזע מאָדע אָבער, — ניט מורא צו האָבען טאָמער פאלט ארויס א האָר פון באָרד,—איז טאקי מעשה ציוויליזאציאָן, פונקט וויא וואשען זיך און האלטען זיך ריין. דען, וויא געזאָגט, דער באָרד איז א פּלאץ פאר שמוץ צו באהאלטען.

עס איז דעריבער קיין פראגע ניט, אז פונקט וויא יעדע קער־פּערליכע פערנאכלעסיגונג איז א ווילדהייט און יעדער העכערער מענש וויל זעהן מענשען ארויפגעהויבען דערפון, אזוי איז עס אויך מיט א פערפלאָנטערטען באָרד. דיא ווילדעסטע און רויהעסטע פעל־קער האָבען דאָס געטראָגען; דיא העכערע פעלקער האָבען זיך ראזירט.

אלזאָ, ווען דיא אידישע תורה וואָלט געהאט פאר צוועק צו דערווייטערען דיא אידען פון דיא ניעדעריגע פעלקער, פון דיא וויל־דע מענשען, וואָלט זיא זיי גראדע פערבאָטען צו טראָגען א באָרד.

דעריבער קען ניט זיין דער טעם פון דיא הייליגקייט פון דיא באָרד כדי צו דערווייטערן אידען פון געצען־דיענסט.

וואָס דען האָט פּאָרט געקענט זיין דער טעם?

פון וואנען האָט זיך געקענט נעהמען דיא הייליגקייט פון דיא באָרד?

ווידער קומען מיר צו אונזער כלל: זוכט ניט קיין טעם פון אזעלכע אלטע מנהגים אין קיין צ ו ו ע ק, נאָר אין א׳ן א ו ר־ז א כ ע. זוכט ניט קיין „צ ו וואָס“, נאָר א „ פ ו ן וואָס“. קיי־נער האָט אזעלכע זאכען ניט איינגעפיהרט מיט א מיין דערביי, מיט

א בערעכענטען צוועק. אליין, פון זיך, איז דאָס ענטשטאַנען. אור־זאכען האָבען דאָס ארויסגעבראכט. און ווען דאס איז שוין פון לאנג געווען א מנהג, האָט מען עס ענדליך פערשריעבען אלס א הייליגען געבאָט.

רען פון אייביג אָן איז עס געווען א כלל, אז „מנהג ישראל תורה היא"; וואָס דאָס בעדייטעט דאָסזעלבע וואָס „תורת ישראל מנהג הוא"...

* * *

„ערב ראש השנה איז מען זיך נוהג, אז מען איז זיך טובל, מען שערט זיך אָב און מען גאָלט זיך דעם באָרד לכבוד יום טוב".

אזוי שטייט בפרוש אין דעם הייליגען ספר „רא"ש" פון א יאָהר טויזענד צוריק.

דיא לומדים ברעכען זיך דעם קאָפּ דעריבער. זיי קענען דאָס גאָר ניט פערשטיין. וואָס הייסט מען גאָלט זיך דעם באָרד לכבוד ראש השנה? סטייטש, אויף דעם יום הדין, וואו מען דארף זיין פרומער וויא א גאנץ יאָהר, איז מען זיך גאָר נוהג צו טהאָן אזא עברה, אָבגאָלען דעם באָרד? און דאָס גאָר „לכבוד" ראש השנה?!

דיא איינציגע ערקלערונג, וואָס דיא לומדים קענען געבען אויף דעם, איז, אז דאָס מיינט מען שערען דעם באָרד מיט א שער, ניט אָבגאָלען מיט א בריטוואָ. רען דיא גמרא זאָגט, אז דאָס וואָס אין דיא תורה שטייט אידען זאָלען זיך ניט אראָבנעהמען דעם באָרד מיינט מען נאָר מיט א בריטווע, אָבער מיט א שער מעג מען.

אין דעם רא"ש שטייט דאָ אָבער דאָסזעלבע וואָרט וואָס אין דיא תורה. אין דיא תורה שטייט: „ופאת זקנם לא יגלחו" און אין דעם רא"ש שטייט: „ומגלחים זקנם". אויב „לא יגלחו" מיינט מען מיט א בריטווע, מיינט דאָך „ומגלחים" אויך מיט א בריטווע. אויב „ומגלחים" מיינט מען מיט א שער, מיינט מען דאָך „לא יגלחו" אויך מיט א שער. גענוי דאָסזעלבע וואָס אין דיא תורה שטייט, אז א איד טאָר ניט טהאָן מיט'ן באָרד, שטייט אין רא"ש, אז אידען זיינען זיך נוהג דאָס צו טהאָן לכבוד ראש השנה.

נאָר יערענפאלס, דאָס גופא, וואָס דיא גמרא זאָגט, אז מיט א שער מעג מען אראָבנעהמען דעם באָרד, בעווייזט, אז שפּעטערע צייטען פלעגען זיך אידען אראָבנעהמען דעם באָרד. כדי מ׳זאָל ניט פיהלען, אז א געזעץ פון תורת משה קען אויפהערען צו גילטען, האָט מען געזאָגט, אז תורת משה מיינט נאָר גאָלען מיט א ראזיר־מעסער... יעדער ווייסט, אז ביי אונזערע עלטערן איז דער וואָס שערט זיך דעם באָרד געוועזן פונקט אזא „פושע ישראל“, וויא דער וואָס ראזירט זיך.

פון דעם אלעם זעהט מען קלאָר, דאָס אפילו אזא הייליגע שטיק אידישקייט וויא דער באָרד האָט זיך אויך נאָר געווענדעט אָן דעם „מנהג“; פּראָסט גערעדט — אָן דיא מאָדע. ווען ביי אידען איז געווען א מאָדע צו טראָגען א באָרד, האָבען פרומע געפיהלט, אז דער וואָס נעהמט זיך אראָב דיא האָר פון דיא מאָרדע גייט אוועק פון „אידישען וועג“. ווען דיא מאָדע איז געוואָרען צו גיין אָהן א באָרד, איז עס גאָר געווען א מצוה לכבוד סאמע ראש השנה זיך אראָבצונעהמען דעם באָרד.

און דאָס גיט שוין א שליסעל צו דעם גאנצען רעטעניש פון דיא הייליגקייט פון באָרד, און פון אלע אזעלכע הייליגע זאכען.

דאָס איז אלץ געווען גאָר פּשוט א נאציאָנאלע מאָדע. און פארצייטיגע מענשען האָבען יעדע נאציאָנאלע מאָדע געהאלטען פאר הייליג.

פון וואנען עס האָט זיך גענומען, אז ביי דיא נאציאָן האָבען זיך פונקט איינגעווארצעלט אזוינע מינים מנהגים און ביי אנדערע נאציאָנען אנדערע? דאָס איז געוועהנליך שווער אויסצוגעפינען. און עס לוינט זיך גאָר ניט צו ברעכען דעם קאָפּ וועגען דעם. מען זעהט דאָך פאר אונזערע אויגען, וויא ביי פערשיעדענע סאָרטען מענשען וואָרצלען זיך איין פערשיעדענע געוואָהנהייטען. דיא אור־זאכען דערפון זיינען פערוויקעלטע און פערשטעלטע.

ווער קען אויסגעפינען דיא אורזאכע, ווארום, למשל, ביי דיא פּוילישע אידען איז געווארען א מנהג אריינצוטהאָן צוקער אין דיא פיש לכבוד שבת און ביי דיא ליטווישע אידען האלט מען דאָס פאר חלשות?

ווער קען ערפאַרשען, ווארום ביי דיא פראנצויזען איז גע־וואָרען א מנהג צו טראָגען א צוגעשניצטע שפּיציגע בערדעלע, ביי דיא אמעריקאנער פארמערס, צו טראָגען א ציגענע בערדיל אונטער דיא מאָרדע און דיא וואָנסעס אָבגעגאָלט, און ביי דיא דייטשען — צו גאָלען דעם באָרד און צו לאָזען שטיין דיא וואָנסעס?

ווער קען אויסגעפינען דיא אורזאכען פון דעם, וואָס דיא דייטשען אין בערלין רעדען אויס דיא ג' וויא י' (איינע יוטע יע־בראטענע יאנז איז איינע יוטע יאבע יאָטעס), דיא דייטשען אין האנאָווער — וויא ג' און דיא דייטשען פון רהיינלאנד — וויא כ'?

דיא אורזאכען פון אזעלכע פערשיעדענהייטען צווישען דיא פעלקער איז אונמעגליך אויסצוגעפינען. אָבער עס לוינט גאָר ניט צו דרייהען זיך דעם קאָפּ וועגען דעם. מען קען זיך פאָרשטעלען, וויא אונטער פערשיעדענע אומשטענדען, ביי מענשען וואָס קומען זיך ווייניג צואמען, ענטוויקעלט זיך מיט דער צייט אלץ פערשיעדען, דורך דיא צוזאמענווירקונג פון א סך פערשיעדענע אורזאכען.

פארצייטענס, ווען דיא פעלקער זיינען געווען אזוי שטארק דערוויטערט און צושיידט איינע פון דיא אנדערע, וויא איין מין חיות פון א'ן אנדערען, האָט זיך נאטירליך אלצדינג ענטוויקעלט אין יעדען פאָלק שטארק פערשיעדען וויא אין אנדערע פעלקער. און פאר אונזערע אויגען האָבען מיר דאָך געזעהן, וויא פארציי־טיגע מענשען האלטען פאר הייליג אלצדינג, מיט וואָס דיא מענ־שען פון זייער פאָלק און רעליגיאָן אונטערשיידען זיך פון אנ־דערע מענשען.

מיר האָבען געזעהן, וויא אונזערע עלטערן האָבען געהאלטען פאר „הייליגע אידישקייט" דיא „אידישע" קאפּאָטע, דעם „אידי־שען" שטריימעל, דיא „אידישע" שפּראַך, דעם „אידישען" קוגעל.

דיא מוטער פון דעם שרייבער פון דיעזען האָט זיך געריסען קריעה נאָך איהם און אָבגעזעסען שבעה נאָך איהם, ווען ער איז ארויס צום ערשטען מאָל אין א קורצען ראָק מיט לאנגע הויזען. דאָס האָט ביי איהר געהייסען, אז ער איז שוין אויס איד. פאר איהר איז ער דערמיט געווען אָבגעשטאָרבען. זיא האָט קיין בן יחיד ניט מעהר געהאט.

דערפון זעהט מען דאָך דייטליך, אז עס ליגט אין דער נאַטור פון פרימיטיווע מענשען צו האלטען אלע מנהגים פון זייער פאָלק פאר הייליגע תורה. זיי פערבייטען דאָס אויסערליכע פאר דעם אינערליכען, — וויא עס איז נאַטירליך פאר דעם אויבערפלעכלי־כען בעגריף פון פרימיטיווע מענשען.

אויך זעהט מען פון דעם, אז ווען זאכען ווערען אויף אזא אופן „הייליג" ביי א פאָלק, דארף מען ניט זוכען דעם וואָרצעל פון דיא זאכען ווייט צוריק אלץ אין דיעזען פאָלק גופא. אָט דיא אלע כלומרשט „אידישע" זאכען, וואָס זיינען ביי אונזערע עלטערן געוועזען אזוי „קודש קדשים" אלס „אידישקייט", זיינען דאָך ערשט גאָר ניט לאנג איבערגענומען געווארען פון דיא גוים ארום: דיא קאפאָטע און דער שטריימעל פון דיא פוילישע פריצים, דיא שפראך פון דיא דייטשען, דער סאמע הייליגער קוגעל פון דיא ליטווינעם ,א. ז. וו. און דאָך, ווען דאָס איז געווארען מיט דער צייט ספעציעל „אידישע" מנהגים, איז עס ביי אונזערע פארציי־טיגע אידען געווארען הייליג, קודש קדשים, אלס „אידישקייט".

מיט דער צייט, ווען אזא מנהג וואָרצעלט זיך איין זעהר שטארק, גייט עס דיא אלטע לייט אין גאנצען לעבען אריינצופרע־סען אין זייערע קינדער, זיי זאָלען למען השם דאָס האלטען זעהר, זעהר הייליג, ווייל „אונזערע אבות אבותינו האָבען זיך אזוי געפי־הרט"; איבערהויפט, זיי זאָלען ניט איבערנעהמען אויף דעם אָרט דיא אויסערליכקייט פון דיא פערהאסטע און פעראכטעטע פרעמדע (און וועלכע „פרעמדע" זיינען ביי פרימיטיווע מענשען ניט פערהאסט און פעראכטעט?). אז זייערע קינדער נעהמען אי־בער דיא אייסערליכקייטען פון דיא פרעמדע, מאכט דאָס אויף דיא אלטע דעם איינדרוק, דאָס דיא קינדער פערלייקענען זיי און געהן איבער צו דיא פרעמדע, צו דיא שונאים. זיי פיהלען, דיא אלטע, אז זייערע קינדער „פערפרעמדען" זיך צו זיי דערמיט.

אָט דאָס איז דיא פסיכאָלאָגיע, וואָס האָט געמאכט ביי אלע אומות דיא אלטע לייט ערקלערען אזעלכע מנהגים פאר הייליגע מצוות פון זייער אייגענעם פאָלקס־גייסט, פון זייער פאָלקס־גאָט,

פון זייער הייליגער תורה. אָט אזוי זיינען געוואָרען פון מאָדעס — הייליגע מצוות פון גאָט.

דיא גמרא האָט שפּעטער געזאָגט אויף א סך מנהגים, אז זיי שטאמען נאָך פון משה רבנו (הלכה למשה מסיני), כאָטש אין תורת משה שטייען זיי ניט. דיא גמרא אליין זאָגט, אז אמאָל האָבען זיי אומישנע געזאָגט אויף א זאך, אז זיא שטאמט פון א פארצייטיגען גרויסען הייליגען, כדי צו מאכען דיא זאך זעהר הייליג ביי'ן פאָלק...

ווען תורת משה איז שוין געווען אָבגעשלאָסען, פלעגט מען ווענען נייע הייליג־געוואָרענע מנהגים איינשרייבען אין דיא גמרא, דאָס זיי שטאמען נאָך פון משה רבנו (הלכה למשה מסיני). פריהער, איידער תורת משה איז נאָך געווען אָבגעשלאָסען, האָט מען עס פונקט אזוי איינגעשריעבען אין תורת משה גופא...

אָט אזוי ערקלעהרט זיך דאָס, וואָס אין דיא תורה איז אזוי שטרענג פערבאָטען אראָבצונעהמען דעם באָרד. דאָס קומט פון דיזעלבע פסיכאָלאָגיע, וואָס מאכט היינט אונזערע עלטערן אזוי שטרענג פערביטען אונטערצושניידען דיא קאפאָטע.

דיא מצריים האָבען זיך געגאָלט דיא בערד. דיא אידען צווי־שען זיי זיינען געבליבען ביי דיא בערד. איז דאָס ביי זיי געוואָרען א „אידישע זאך" און מיט דער צייט „קודש קדשים". דערנאָך איז דאָס פערשריעבען געוואָרען אלס א געבאָט פון אידישען גאָט.

דאָסזעלבע איז אויך מיט דיא פאות.

אזא שטרענגער אידישער געבאָט איז געווארען ניט אָבצו־שניידען דיא פאות, דאָס ירמיה הנביא זאָגט דריי מאָל, אז גאָט וועט אויסלאָזען זיין שרעקליכען גרימצאָרן אויף אלע דיא, וואָס האָבען אָבגעשניטענע פאות. (ט' כ"ו, כ"ה כ"ג, מ"ט ל"ב).

מיר האָבען דאָ געגעבען דיא אמת'ע וויסענשאפטליכע ער־קלעהרונג וועגען דעם טעם פון אלע אזעלכע סאָרטען מצוות. אלע אנדערע „טעמים" זיינען אויסגעטראכטע המצאות, וואָס האָבען ניט קיין שום ווערדע אין דער פאָרשונג צו געפינען דעם אמת.

דיא אלטע „הייליגקייטען" פון דיעזען סאָרט זיינען ניט „איינ־געפיהרט" געוואָרען צו א צ ו ו ע ק, נאָר „אויסגעפיהרט" געוואָ־רען דורך א ו ר ז א כ ע ן. דיא גרונד־אורזאכע ביי הייליגע זאכען

פון ד י ע ז ע ן סאָרט איז — דיא ענגהערציגע פערגעטערונג פון אייגענע מנהגים און האס און פעראכטונג צו פרעמדע.

ביי אלע פעלקער פון דער וועלט זיינען געווען אזעלכע „מצוות“; ביז דיא צוויי רעליגיאָנען, דיא קריסטליכע און מאח־מעדאנישע האָבען מיט'ן שווערד און קאנאָן געמאכט, אז פערשיע־דענע פעלקער האָבען געקראָגען צוזאמען איין רעליגיאָן.

דיא צייט רייסט ארוים מיט'ן וואָרצעל אפילו דיא שטרענג־סטע הייליגקייטען אזעלכע, אפילו ביי דיא פרומע. אפשר 90 פראָ־צענט פון דיא אידען, וואָס גייען אין שוהל ראש השנה, דאָ, אין אמעריקא, זיינען זיך היינט וויעדער „נוהג“, דאָס זיי ראזירען זיך לכבוד ראש השנה, און דוקא יא מיט א ראזיר־מעסער. און דיא פאות לאָזען זיך אָבשניידען אויף ראש השנה מעהר וויא 999 פון טויזענד.

## IV.

# חליצה.

## א.—וויא עס גייט צו ביי חליצה.

דער מנהג פון חליצה זעהט פאר'ן פראָסטען עולם אויס וויא א'ן אונבעגרייפליכער סעקרעט, וויא א געהיימניספאָלע רעטעניש, וואָס מוז נאָר האָבען צו טאָן מיט רוחות; פראָסטע בשר ודם קענען דאָס גאָר ניט פערשטיין.

וואס פאר א זין, ראכט זיך, קען האָבען אָט אזא מין מנהג:

ווען א פרוי ווערט א'ן אלמנה אָהן קינדער און פון איהר מאן איז געבליבען א ברודער, טאָר זיא ניט חתונה האָבען, ביז ער, איהר שוואָגער, און זיא מאכען דורך אזא מין געהיימניספאָלע צע־רעמאָניע:

פריהער ווערט אָנגעמעלדעט ביי'ן רב, אז מען וויל דיא צע־רעמאָניע מאכען. א טאָג איידער דיא צערעמאָניע ווערט געמאכט, קומט דער אלמנה'ס שוואָגער צום רב און דער „בעזען־שמש" ווערט א שוסטער און נעהמט איהם א מאָס אויפ'ן פוס און מאכט איהם א שוך פון פארמעט. מכוח דעם, וויא דער שוך מוז זיין געמאכט, זיינען דאָ פעק מיט דינים און פאָרשריפטען וועגען דיא קלענסטע פישטשיוועקלעך. למשל: דער שוך מוז זיין אין גאנצען נאָר פון לעדער, קיין טשוועקיל טאָר ניט זיין אין איהם, קיין שטאָך מיט בוימוואָל, ער מוז זיין גענייט מיט לעדערנע פאסיקלעך. דיא נעט מוזען זיין פון דרויסען. אויבען ציהט מען אריין ווייסע לע־דערנע שנירלעך. דער שוך טאָר ניט זיין צו גרויס און ניט צו קליין, ניט אויסגעשמירט מיט אייל און ניט צו הארט א. ז. וו.

דער „בעזען־שמש" וואשט אויך אָב דעם שוואגער דעם רעכ־טען פוס און קראצט איהם אָב מיט א מעסער און שניידט אָב דיא נעגעל פון דיעזען פוס. — דאָס איז אלץ א טאָג פריהער. אויך

לערנט מען אויס איהם און זיא, דיא אלמנה, פלאפּערן א געוויסען פסוק אויף לשון קודש, וואָס זיי מוזען זאָגען בשעת דיא צערע־מאָניע.

און איהר זאָגט מען אָן, זיא זאָל מאָרגען גאָר ניט עסען און ניט טרינקען ביז נאָך דיא שוידערליכע צערעמאָניע, ניט רעדען א סך און ניט אויסשטעכען זיך דיא ציין, און אז זיא זאָל מאָר־גען קומען למען־השם פערהילט דאָס פנים און למען־השם ניט אויסשפּייען, ביז מען וועט איהר הייסען. טאָמער קען זיא זיך ניט איינהאלטען, זאָל זיא ארייגשפּייען אין דיא טיכעל, וואָס איז פאר איהר פנים.

און דער רב אליין מוז דעם טאָג פאר דיא צערעמאָניע זיך ערקונדיגען דורך עדות פיעל זאכען וועגען דיא פאמיליען־אנגעלע־גענהייטען פון דעם פערשטאָרבענעם, פון זיין ברודער און פון דער אלמנה. דערנאָך קלייבט זיך דער רב אויס פיער פון דיא גרעסטע פּני פון שטאָדט, וועלכע מוזען דעמאָלט ערנסט תשובה טאָן אויף זייערע זינד, ווייל זיי מוזען זיין דערביי גאנץ ריין. דער רב מיט צוויי שענסטע אידען פון דיא פיער זיינען דיא דינים (דאָס לעזט זיך „דאיאָנים", דאָס הייסט דאָס געריכט) און דיא איבריגע צוויי זיינען א צוגאָב. דער רב מוז דאָ גענוי בעשטימען דיא מדרגה פון דיא פיער און געבען יעדען זיין ראנג, ווארום דער חשוב'סטער מוז זיצען צו זיין רעכטער האנד, דער צווייטער אין חשיבות צו זיין לינקער האנד און דיא איבריגע צוויי מוזען זיצען אָן א זייט — אויף דער חשוב'סטער אין דער רעכטער זייט און דער ווייניגער חשוב'ער אין דער לינקער. (קנאה־שנאה איבער דעם רב'ס בעשטימונג וועגען זייער מדרגה פון חשיבות קען נאטירליך ניט זיין, וואָרום קנאה־שנאה איז דאָך א זינד און ביי דיעזע שוידערנדע צערעמאָניע מו־זען זיי דורכאויס זיין ריין פון זינד...)

צווישען מנחה און מעריב, אלץ אין דעם טאָג פאר דיא חליצה, קומט דער רב מיט זיינע פיער אויסגעקליבענע אין שול אריין און זיי זעצען זיך אוועק צווישען עולם, וואָס איז דאָ ביי'ן דאווענען, און דיא דריי דאיאָנים (דער רב מיט דיא צוויי חשוב'סטע) זאָגען צו דיא אנדערע צוויי: „קומט אהין, רבותי, דאָרטען אויף יענעם

אָרט אין שול, און לאָמיר דאָרטען צוגרייטען א׳ן אָרט, וואו תודרוס בן צדוק וועט מאָרגען געבען חליצה צו חאשע בת קלונימוס״. דאָ הויבען זיך אלע פינף אויף און גייען אהין אויף דעם אָרט און זעצען זיך אוועק אזוי וויא אויבען איז געזאָגט און אלע פינף זאָגען:

„דאָ גרייטען מיר צו א׳ן אָרט וואו תודרוס בן צדוק וועט מאָרגען געבען חליצה צו חאשע בת קלונימוס״ — און זיי בלייבען דאָרט א ווייל׳ענקע זיצען.

צומאָרגענס אין דער פריה רופט מען אוים אין שול (אין א טהייל קהלות; אין אנדערע גאָר אין גאס): „היינט וועט תודרוס בן צדוק געבען חליצה צו חאשע בת קלונימוס!״

דערנאָך גייט מען ענדליך צו דער צערעמאָניע. דער רב זאָגט צו דיא דאיאָנים: „קומט, לאָמיר גיין אויף דעם אָרט, וואָס מיר האָבען נעכטען אָנגעגרייט!״ און זיי גייען, דער רב מיט׳ן שי־כעל אין האנד, ביז זיי קומען אויף דעם אָנגעגרייטען אָרט און זעצען זיך אוים, וויא נעכטען.

דערנאָך טוהט דער שמש א געשריי: „שא, שא, שא, רבותי! דרך ארץ און שטיל זאָל זיין! אלע זאָלען הערען און מורא האָבען! — חאשע בת קלונימוס, קומט אהער!״

און זיא קומט און שטעלט זיך אוועק מיט׳ן פנים איינגעהילט מיט א פאטשיילקע. און דער שמש שרייט ווייטער:

„תודרוס בן צדוק קומט אהער!״ און ער קומט און רוקט זיך אראָב דאָס היטעל ביז צו דיא אויגען.

איצטער פרעגט דער רב אוים דיא עדות, (וואס מוזען אויך זיין פון פריהער אָנגעגרייט.) אויב זיי קענען דיא „חלוצה״ (דאָס הייסט דיא אלמנה וואס גייט נעהמען חליצה) און דעם שוואָגער, אויב זיי האָבען געקענט דעם פערשטאָרבענעם, אויב זיי ווייסען זיכער, אז ער האָט קיין קינדער ניט געלאָזט און נאָך, און נאָך א סך שאלות, און דיא עדות מוזען ענטפערן.

אויב דער חליצה־געבער איז נאָך א קליינער אינגעל, פרעגט דער רב דיא עדות, אויב זיי האָבען געזוכט ביי איהם און געפונען אויף א בעהאלטענעם אָרט האָר, וואָס זיינען וועניגסטענס שוין

אזוי לאנג, וויא א גראָבער פינגער איז ברייט. (דאָס דארף זיין א סמן, אז ער איז שוין בר מצוה.)

דערנאָך פרעגט דער רב אוים דיא „חלוצה" און איהר שוואָגער א סך אזעלכענע ארט וויכטיגע פראגען, און זיי ענטפערן אלץ. ענד־ליך שטעלט זיא זיך אוועק צו זיין רעכטער האנד.

און דער רב זאָגט צו זיי ביידע: „זעצט זיך!" און זיי זעצען זיך. און ער פרעגט יעדען פון זיי, אויב זיי ווילען חליצה, און זיי ענטפערן „יא". דערנאָך זאָגט ער „שטעלט זיך אויף!" און זיי שטעלען זיך. און דער רב זאָגט צו דעם שוואָגער: „דיא שוועגערין דיינע וואָס שטייט דאָ לעבען דיר, אז דו ווילסט זיא נעהמען פאר א ווייב, אפילו ווען דו האָסט שוין איין ווייב, מעגסט דוא". (דאָס איז אָבער א ליגען; פערקעהרט, אפילו ווען ער האָט ניט קיין ווייב, וועט מען איהם אויך ניט לאָזען מיט דיא שוועגערין חתונה האָבען! מיר וועלען ווייטער זעהען, וואָס עס שטעקט אין דיעזען מערקוויר־דיגען נאררען דעם רבונו של עולם.) און ער מוז ענטפערן: „א י ך וו י ל נ י ט!" (אפילו ווען ער וויל יא!) און נאָך דעם וויא מען האָט מיט זיי ווייטער א סך אנדערע טענות ומענות, נעהמט דער רב דעם שוך און דיא דאיאָנים בעטראכטען איהם פארזיכטיג, אויב ער איז כשר. און דער רב הייסט דעם שמש ווידער אוועקפיהרען דעם שוואגער, אויסטאָן באָרוועס זיין רעכטען פוס, (ווען ער איז „נעלינקט אויף דיא פיס", דאָס הייסט ווען ער גייט פריהער מיט'ן לינקען פוס, מוז מען האָבען צוויי שיך און מאכען דיא צערעמאָניע אויף ביידע פיס,) אָבוואשען דעם פוס זעהר ריין מיט ווארעמע וואַ־סער און אָבקראצען פאָרזיכטיג מיט א מעסער. ווען ער האָט דאָס געטאָן, בינדט ער איהם ארום דעם פוס מיט א פאטשיילע און ברייגגט איהם פאר דעם רב מיט דיא דאיאָנים; זיי הייבען אויף דעם פוס און זיינען איהם שטארק בודק, אויב עס קלעפט ניט מעהר עפּעס אָן איהם.

דערנאָך טוט דער רב אליין אָן דעם שוואָגער דאָס הייליגע שיכעל און בינדט צו דיא בענדלעך ארום פוס. דערביי זיינען וויע־דער דאָ פעק מיט דינים וויא צו דרייהען דיא בענדלעך, וויא אזוי

זיי צו בינדען, וואָס־ארען קניפּ צו מאכען א. ז. וו. ניט אבי ווער ווייסט דאָס!

איצטער גייט דער שוואָגער אין דעם שיכעל ד׳ אמות און קומט צוריק און שטעלט זיך אוועק אָנגעלעהנט אָן א ברעט, וואָס שטייט קרומלעך אָנגעשפּארט אָן דיא וואנד. און נאָך דעם וויא דער רב האָט ווידער מיטביידע א סך טענות און אויספרעגונגען — למשל, אויב זיי האָבען אין זינען יוצא צו זיין דערמיט? אויב זיי האָבען ניט א שבועה געטאָן עס זאָל ניט גילטען? און נאָך אזעלכע וויכטיגע זאכען — זאָגט זיא, דיא „חלוצה“, וואָרט ביי וואָרט אויף לשון קודש, דיעזע ווערטער:

„מאן יבמי להקים לאחיו שם בישראל, לא אבה יבמי“. דיא לעצטע דריי ווערטער מוז זיא זאָגען אין איין אָטהעם. דער טייטש פון דיא ווערטער איז: „מיין שוואָגער וויל ניט מאכען אז זיין ברודער׳ס נאָמען זאָל בלייבען ביי אידען, ער וויל מיך ניט נעהמען פאר א ווייב“. (כאָטש ער וואָלט זיא גאָר אפשר געכאפּט מיט ביידע הענד, ווען ער וואָלט נאָר געמעגט זיא נעהמען!)

און דער רב זאָגט דעם חליצה־געבער און ער מוז נאָכזאָגען אין איין אָטהעם: לא חפצתי לקחתה“ („איך וויל זיא ניט נעהמען“ — כאָטש ער חלש׳ט גאָר אפשר א מאָל זיא צו נעהמען, מוז ער אזוי זאָגען!)

איצטער זאָגט דער רב צו איהם: „דריק אראָב דיין פוס אויף דר׳ערד, נאָר ניט צו שטארק!“ און צו איהר זאָגט ער: „בייג זיך אראָב!“ און ער פרעגט זיא, אויב זיא איז ניט געלינקט. ווען זיא זאָגט ניין, זאָגט ער צו איהר: „בינד אויף מיט דיין רעכטער האנד דעם שלייף פון זיין שוך, דערנאָך דיא קניפּען, דערנאָך ציה ארויס דיא רעמעטלעך פון דיא לעכלעך, פריהער דיא אונטערשטע, דערנאָך דיא מיטעלסטע, דערנאָך דיא אויבערשטע, דאָס טהו אליץ מיט דער רעכטער האנד אליין, אָהן הילף פון דער לינקער האנד“. (א׳ן אנדערער טאָר איהר אויך ניט צוהעלפען.) זיא טהוט דאָס אליץ, און דאן קאָמאנדירט איהר דער רב ווייטער: „נעהם אָן דעם פוס מיט דיין לינקער האנד, הייב איהם אויף פון דר׳ערד, ציה

אראָב דאָס שיכעל, אלץ מיט דיין לינקער האנד, ווארף עס אויף דר'ערד: הייב עס צוריק אויף; אזוי; ווארף עס אוועק ווייטער!"
(און זיא טהוט אלץ וויא מען הייסט.)

„איצטער — זאָגט ווייטער דער רב, קלייב אָן שפּייעכטס אין מויל, א היבשע ביסעל, אָבער ריכטיגע שפּייעכטס, ניט קיין בלוט און אויך ניט צו דינע וואסער; דאיאָנים, זעהט גוט וויא זיא שפּייט אויס! איצטער טהו א גוטען שפּיי אויס פאר דיין שוואָגערס פּנים אויף דר'ערד און זאָג:

„כ כ ה י ע ש ה ל א י ש א ש ר ל א י ב נ ה א ת ב י ת א ח י ו" (אזוי זאָל מען טהאָן א מענשען, וואָס וויל ניט אויפבויען א ברודער'ס הויז. — פרעגט איהם בחרם. ווער וויל ניט? וואָס'ארא הויז? !...) ווייטער זאָגט זיא:

„ו נ ק ר א ש מ ו ב י ש ר א ל ב י ת ח ל ו ץ ה נ ע ל, ב י ת ח ל ו ץ ה נ ע ל" (און זיין הויז זאָל גערופען ווערען ביי אידען: דאָס הויז פון דעם וואָס מען האָט איהם דעם שוך אויס־געטאָן).

און אלע וואָס זיינען דאָ דערביי שרייען:

„ח ל ו ץ ה נ ע ל, ח ל ו ץ ה נ ע ל"!

און מיט דעם ווערט דיא אלמנה ערשט אויפגעבונדען, אז זיא זאָל מעגען חתונה האָבען מיט א'ן אנדערען מאַן.

וויבאלד זיא בלייבט א'ן אלמנה, למשל, צו 20 יאָהר, און דער מאַן לאָזט איבער א ברודער'ל פון איין טאָג, מוז זיא אָבזי־צען א פערוואָגעלטע איהרע בעסטע יונגע יאָהרען, ביז אין איהר גראָהען צאָפּ, 13 לאנגע יאָהרען, ביז עדות ועלען אויסמעסטען ביי איהר שוואָגערל אויף א געוויסען אָרט האָר אזוי לאנג וויא א פינ־גער איז ברייט, פאר א סמן אז ער איז בר מצוה, און ער וועט איהר געבען חליצה. און דאָס איז אלץ ווען ער וועט וועלען זיין אזוי פריינדליך, זיך צו לאָזען שפּייען פון איהר אין פּנים, דער־פאר וואָס ער, דער 13 יעהריגער, „וויל" זיא, דיא אלטע אלמנה, ניט נעהמען פאר א ווייב, — ווערענד ווען ער זאָל וועלען, וועט מען זיא איהם ניט געבען! טאָמער וויל ער אָבער ניט לאָזען, אָדער

טאָמער ווייסט זיא ניט וואו ער איז אהינגעקומען, מעג זיא שוין אָפּלעבען איהרע יאָהרען א פערהאקטע אלמנה, און דוקא דערפאר ווייל זיא האָט נעביך קיין קינדער אויך ניט! אז זיא האָט קינדער, מעג זיא נעהמען א'ן אנדערען מאן אויך! א שיינער יושר!

זעהט דאָס ניט אויס געהיימניספאָל, וואונדערבאר, אונבעגרייפליך? פון וואנען קען עפּעס אזא משונה'דיגער מנהג קומען? וואָס קען דאָס עפּעס בעדייטען?

ווער עס קען לערנען, האָט ווייניגסטענס א שטיקעלע בעגריף, וואָס אייגענטליך דאָס דארף בעדייטען. אָבער דער עולם אין אל־געמיין הייבט גאָר ניט אָן צו וויסען וואָס עס שטעקט אין דיזען זאָנדערבארען מנהג, און נאטירליך שטעלט דיא פאנטאזיע דערביי פאָר זאָנדערבארע זאכען. ביי דעם פּראָסטען עולם איז, למשל, איינגערעדט, אז הינטער'ן ברעט, אָן וועלכען דער חליצה־געבער שטייט אָנגעשפּארט בשעת דער צערעמאָניע, איז בעהאלטען דיא נשמה פון זיין פערשטאָרבענעם ברודער, וועלכע קען ניט קומען „אין איהר רוה אריין", ביז דיא חליצה ווערט געגעבען. מען קען זיך פאָרשטעלען, וואָס'ארא שוידער עס הערשט איבער דיא כשר'ע בהמה'לעך, וואָס זיינען דאָ דערביי, און ספּעציעל איבער דיא אָרימע אידענע נעביך אליין! וואָס־זשע איז דאָס אזוינס פאָרט?

דאָס איז שוין ניט פון דעם סאָרט מצוות וויא דיא, וואָס מיר האָבען ביז אהער בעטראכט. יענע זיינען אלץ געווען מצוות וואָס האָבען צו טהוען בלויז מיט דיא שייכות פון דעם מענשען צו גאָט אָדער צו דיא רוחות. (מצות שבין אדם למקום.) דאָס אָבער, דיא מצוה פון חליצה, האָט שוין עטוואָס צו טהון מיט דיא פפליכטען פון מענשען צו מענשען. (מצות שבין אדם לחברו.) און וועגען אזעלכע סאָרט מצוות גילטען שוין ניט בלויז דיא כללים, וועלכע מיר האָבען געפונען צוגאפּאסט ביי דיא מצוות וואָס מיר האָבען ביז אהער בעטראכט. אזעלכע געזעץ, וואָס האָבען צו טהון מיט דיא פּפליכטען פון מענשען צו מענשען, זיינען שוין ניט ארויסגע־קומען בלויז פון זיך, פון אורזאכען, וואָס האָבען געווירקט אויף דיא פּסיכאָלאָגיע פון דיא נאטור־מענשען. ניין, אזעלכע זיינען טייל מאָל טאקי איינגעפיהרט געוואָרען, מיט א צוועק, און זיי האָ־

בען זיך אימער פערענדערט ווען דיא עקאָנאָמישע צושטענדע זיי־נען געוואָרען אנדערע.

דאָס איז א נייער פּונקט, אויף וועלכען מיר מוזען זיך פריהער אָבשטעלען און איהם דייטליך ערקלערען, איידער מיר גייהען ווייטער.

* * *

## ב. — א שטיקעל חקירה.

ביללינע אפּיקורסים׳לעך לאַכען זיך סתם אויס פון אזעלכע מנהגים וויא דיא חליצה, און פון אלע אזעלכע רעליגיעזע איינפיה־רונגען. זיי מיינען, אז דאָס האָבען סתם אויסגעטראכט שווינד־לערס, וואָס האָבען געוואָלט אָבנאררען דעם עולם, אָדער פּוסטע קעפּ, וואָס האָבען ניט געהאט עפּעס אנדערש צו טהון.

אזעלכע ביללינע אפּיקורסים׳לעך זיינען פּונקט אזוי אונווי־סענד, וויא דיא פאנאטיקער, וואָס מיינען ווידער פערקעהרט, אז אין אזעלכע מנהגים און געזעץ שטעקען מי יודע וואָס׳ירע הייליגע, הימלישע סודות.

יענע ביללינע אפּיקורסים׳לעך זידלען דיא, וואָס האָבען איינ־געפיהרט דיא אלע זאכען; דיעזע אונוויסענדע פאנאטיקער ווידער פערגעטערן זיי. אין אמת׳ן קומט זיי ניט צו זידלען און ניט צו פערגעטערן. זיי זיינען ניט געווען קיין מלאכים און ניט קיין שווינד־לערס; ניט גאנץ בעזאָנדערס קלוג און ניט נאַרריש, — זיי זיי־נען געווען דיא ווערקצייגען פון דיא סאָציאלע נאטור־מעכטע, וואָס האָבען גראדע אזוי געפיהרט דאָס אידישע פאָלק, וויא אלע נאציאָ־נען פון דער וועלט! עס איז ניטאָ דערביי וואָס ליידענשאפטליך צו קריטיקירען; עס איז נאָר דאָ וואָס קאלט־בליטיג צו פערשטיין. און דעם ריכטיגען שליסעל דאָס צו פערשטיין, גיט אונז דיא פילאָזאָפיע פון סאָציאליזמוס.

דיעזע פילאָזאָפיע זאָגט אונז אזוי:

כמעט אליץ, וואָס עס פּאסירט ביי יעדען פאָלק, אלס פאָלק, ווענדט זיך אָן דעם, וויא עס גייט צו ביי דעם פאָלק ביי׳ן שאפען

זיך וואָס מען בעדאַרף צום לעבען, — דאָס וואָס מען רופט „דיא עקאָנאָמישע אומשטענדען".

דיא עקאָנאָמישע אומשטענדען, זאָגט קאַרל מאַרקס, זיינען דער פונדאַמענט, וואָס אויף איהם ווערט געבויט דיא געביידע פון דעם גאַנצען געזעלשאַפטליכען לעבען, מיט אַלע איהרע שטאָקען —דיא געזעצע, דיא מאָראַל, דיא רעליגיאָן און כדומה: ווען דער פונדאַמענט איז אַנדערש, איז דיא געביידע אַנדערש און דיא שטאָקען אַנדערש. ניט דיא רעליגיאָן, דיא מאָראַל, דיא געזעצע און אַזוי ווייטער פאָרמען און פיהרען דאָס עקאָנאָמישע לעבען, נאָר פערקעהרט, דאָס עקאָנאָמישע לעבען פאָרמט און פיהרט זיי.

דיא עקאָנאָמישע אומשטענדען בלייבען ניט שטיין אויף קיין אָרט; זיי פערענדערן זיך און ענטוויקלען זיך, פון מדרגה צו מדרגה. דאָך, ווען דיא עקאָנאָמישע אומשטענדען זיינען אויף איין מדרגה און בעשאַפען געוויסע געזעצע, מנהגים, מאָראַל־בעגריפע, רעליגיעזע מצוות און עבירות, וואָס פאַסען זיך צו דיזע מדרגה, וואָרצלען זיך דיזע זאַכען אָבער אַזוי איין אין פאָלק, אַז זיי בלייבען בעשטיין, אַלס קאָנזערוואַטיווע מאַכט, אפילו שפּעטער, ווען זייער אורזאַכע איז שוין לאַנג ניט דאָ, — ווען דיא עקאָנאָמישע אומשטענדען האָבען זיך שוין לאַנג ענטוויקעלט אוועק פון דיזע מדרגה. דיא זאַכען אָבער קענען זיך מיט דיא נייע עקאָנאָמישע אומשטענדען ניט פערטראָגען און ווען דיא נייע אומשטענדען זיינען ניט שטאַרק גענוג, אויסצורייסען אַזעלכע איינגעוואָרצעלטע מנהגים, בעגריפע, מצוות אין גאַנצען, בלייבען זיי כלומר'שט בעשטיין אָבער אַזוי פערענדערט, אַז זיי בלייבען נאָר אַ לעבערליכע נאָכשפּעטעניש פון דעם וואָס זיי זיינען אין אָנהייב געוועזען. אָפט דיענען זיי דאַן צו פונקט אַ פערקעהרטען צוועק פון דעם, צו וואָס זיי האָבען געזאָלט דיענען, בשעת זיי זיינען אויפגעקומען.

דער־עיקר ווענדט זיך עס דאָ אָן דעם, וועלכער סאָרט מענשען עס שפּיעלט אַ שטאַרקערע ראָלע אין פאָלק: צו דיא, וואָס ליידען פון דיא אַלטע איבערגעלעבטע זאַכען, צו דיא, וואָס האָבען דערפון אַ נוץ. ביז אהער האָבען געוויינליך ביי אַלע פעלקער געשפּיעלט דיא שטאַרקסטע ראָלע דיא קלאַסען מענשען, וואָס האָ־

בען ביי דיא אלטע איבערגעלעבטע זאכען געהאט זייער בעקוועמען לעבען און געהאלטען דיא שוואכערע אונטער זייער דרוק, דעריבער זיינען געוויינליך אלטע מנהגים און געדאנקען אויפגעהאלטען געוואָרען, אלס הייליגע, ניצליכע זאכען, אפילו ווען זיי האָבען שוין לאנג קיין זין ניט געהאט, — ווען דיא ענטוויקלונג פון דיא עקאָנאָמישע אומשטענדען איז שוין געווען אוועקגעגאנגען ווייט פון דיא אומשטענדען, וואָס האָבען דיזע אלטע מנהגים און געדאנקען בעשאפען.

און אזוי וויא מען האָט דעמאָלט שוין לאנג פערגעסען דיא נאטירליכע אורזאכע פון דיזע מנהגים און מען זעהט ניט מעהר דעם פּראָסט־בשר־ודם'דיגען זיננען דערפון, קומט דאָס פאָר עפּעס איבערנאטירליך, הייליג, געטליך, געהיימניספאָל, ווייל אונבעגרייפליך. מען מיינט, אז גאנצע וועלטען שטייען מסתמא אויף יעדען ברעקעלע פון דיזע מנהגים. און אויף אזא אופן הייבט מען אָן צו שפּעקולירען וועגען דיא קלענסטע פּישטשעווקעס דערפון — מען האָט דאָך מורא, טאָמער חלילה איז מען ניט יוצא. סטייטש, א קלייניגקייט אזעלכע הייליגע זאכען, וואָס דער מענש קען זיי גאָר ניט בעגרייפען! און אזוי ענטוויקלען זיך פּעק מיט דינים און דומהייטען וועגען דיא קלענסטע איינצעלהייטען פון אזעלכע מנהגים — אזעלכע פּעק, אז מיט דער צייט זעהט מען שוין ניט מעהר ארויס דיא עיקר זאך, דעם ערשטען מנהג, פון וואנען דאָס אלץ שטאמט.

און אמאָל טרעפט, אז לויט וויא דיא מנהגים האָבען זיך מיט דער צייט פערענדערט, קומט גאָר ארויס פון זיי פּונקט פערקעהרט פון דעם, וואָס זייער צוועק איז געווען אין אָנהייב, ווען זיי זיינען איינגעפיהרט געוואָרען! עס טרעפט, אז א מנהג איז למשל, איינגעפיהרט געוואָרען פאר דיא טובה און דעם שוץ פון שוואכע, אז זיי זאָלען ניט ליידען קיין עולות, און וויא דער

מנהג פערענדערט זיך מיט דער צייט, קען ער גאר בענוצט ווערען, לויט דיא נייע פערהעלטניסע, צו ברייגגען שאדען דיא, וואס פאר זייער טובה איז דאס פריהער איינגעפיהרט געווארען.

אזוי איז דאס מאקי מיט חליצה, וויא מיר ווערען באלד זעהען.

אלזא, דיעזען כלל גדול דארף מען גוט געדענקען: — א סך פון דיא אונבעגרייפליכע דינים און מנהגים פון רעליגיאן קומען פון דעם, וואס איינגעפיהרט זיינען זיי געווארען אונטער אנדערע עקאנאמישע אומשטענדען, און דעמאלט האבען זיי געהאט א צוועק, אדער א'ן אורזאכע; ווען אבער דיא אומשטענדען האבען זיך גע־ענדערט, איז דער צוועק אדער דיא אורזאכען פערשוואונדען און פערגעסען געווארען; דער מנהג אבער איז געבליבען, דורך דיא קרעפטען, וואס האלטען אויף דאס אלטע — דורך דיא קאנזערוואַ־טיווע כוחות. — נים־בעגרייפענדיג מעהר דעם טעם דערפון, האט מען געמיינט מי־יודע וואס'ירע געטליכע סודות אין דעם שטעקט.

אז אזעלכע סארט געזעצע ענדערן זיך מיט דיא ענדערונגען אין דיא עקאנאמישע אומשטענדען וועלען מיר בעזאנדערס זעהען דייטליך אין דיא ווייטערע ביכער, וואו מיר וועלען רעדען וועגען דיא ריין־סאציאלע געזעצע פון דער רעליגיאן. חליצה איז נאך ניט קיין ריין־סאציאלער געזעץ; דאס איז נאך טיילווייז צערעמאַ־ניעל; ווייניגסטענס שיינט עס צו זיין אזוי. דאך צייגט זיך שוין דערביי אויך דיא ריכטיגקייט פון דעם כלל, אז דיא עקאנאמישע אומשטענדען ענדערן דיא רעליגיאן, וויא מיר וועלען דא באלד זעהען.

אויף דער סארט מצוות, פון וועלכען מיר האבען גערעדט ביז אהער — דיא ריין־צערעמאניעלע, וואס האבען נאר צו טהוען מיט דעם פערהעלטניס פון דעם מענשען מיט גאט (בין אדם למקום) — אויף דיעזע קענען זיך פערענדערן דורך דיא עקאנאַ־מישע אומשטענדען. טיילווייז האב איך שוין אויבען געצייגט דאס. איבערהויפט פערענדערט זיך דיא א ב ג ע ה י ט ע נ ק י י ט אין דעם דורך דיא פערענדערונגען אין דיא עקאנאמישע אומשטענ־דען. אבער ביי יענע מצוות האבען מיר ניט גערעדט דער עיקר

וועגען זייערע פ ע ר ע נ ד ע ר ו נ ג ע ן, נאָר וועגען זייער אור־זאכע אין אלגעמיינען. דיא ערשטע אורזאכען אָבער פון דעם צע־רעמאָניעלען טייל פון רעליגיאָן זיינען געוועהנליך דאָס רוב נאַ־טירליכע און פסיכאָלאָגישע. עקאָנאָמישע פערהעלטניסע שפּיע־לען אין זיי א קלענערע ראָלע. דיא עקאָנאָמישע פערהעלטניסע ערקלערען נאָר דיא פ ע ר ע נ ד ע ר ו נ ג ע ן אין דיא מנהגים און געדאנקען פון מענשען און דיא אורזאכען, ווארום דאָס איז ביי פערשיעדענע פעלקער פ ע ר ש י ע ד ע ן. דאָס אָבער וואָס איז ביי אלע פעלקער ג ל י י ך, און א ו נ פ ע ר ע נ ד ע ר ט פון דעם נאטור־צושטאנד, האָט גאָר ניט צו טהון מיט דיא עקאָנאָ־מישע ערקלערונג פון דער היסטאָריע. דיעזע ערקלערונג ערקלערט נאָר דיא ה י ס ט אָ ר י ע, אלזאָ ניט דיא פ אָ ר־היסטאָרישע זאכען.

חליצה אָבער געהערט שוין צו היסטאָריע; א פערענדערונג פון א'ן אלטען מנהג איז זיא זעהר א שטארקע; דעריבער ערקלערט זיא זיך שוין מיט דיא היסטאָרישע ערקלערונג פון דעם וויסענ־שאפטליכען סאָציאליזמוס.

און איצט קומען מיר צוריק צו דיא ערקלערונג פון חליצה.

* * *

## ג. — פ ו ן ו ו א נ ע ן ש ט א מ ט ח ל י צ ה?

דער גאנצער מקור פון דעם זאָנדערבארען מנהג פון חליצה, מיט אלע זיינע פעק מיט משונה'דיגע דינים און פישטשיוקעס, וואָס זיינען אין פערלויף פון שפּעטערע יאהרהונדערטע אויסגע־וואקסען, — דער גאנצער מקור פון דעם אלעם זיינען אָט־אָ־דיא עטליכע פסוקים פון חומש.

„ווען ברידער וועלען וואוינען צוזאמען, און איינער פון זיי וועט שטארבען און ניט איבערלאָזען קיין זוהן, זאָל דאָס ווייב פון דעם פערשטאָרבענעם ניט חתונה האָבען מיט קיין פרעמדען מאן פון דרויסען. איהר שוואגער זאָל צו איהר קומען (אין גע־שלעכטס־פערקעהר) און זיא נעהמען זיך פאר א ווייב און זיא מייבם זיין. (אזוי ווערט אָנגערופען אזא חתונה־האָבען פון דיא אלמנה מיט

איהר מאַנס ברודער.) און דער עלטסטער זוהן, וואָס זיא וועט האָ־בען, זאָל בלייבען אויף דעם נאָמען פון זיין פערשטאָרבענעם ברו־דער, כדי אז זיין נאָמען זאָל ניט אויסגעמעקט ווערען פון אידישען פאָלק. און ווען דער מאן וועט ניט וועלען נעהמען זיין שווע־גערין, זאָל זיין שווענערין גיין אויפ'ן מארק (אָדער צום טויער צו דיא אלטע לייט (דיא עלטסטע פון יעדער שטאָדט פלעגען זיצען אויפ'ן מאַרק־פּלאַץ, וועלכער פלעגט זיין ביי'ן טויער פון שטאָדט, און פיהרען קהל'שע זאַכען), און זיא זאָל זאָגען: „מיין שוואָגער וויל ניט מאכען, אז זיין ברודערס נאָמען זאָל בלייבען בעשטיין אין אי־דישען פאָלק, ער וויל מיך ניט מייבם זיין"! און דיא עלטסטע זאָ־לען איהם רופען און צו איהם רעדען, — און אויב ער וועט זיך אוועקשטעלען און זאָגען „איך וויל זיא ניט נעהמען", דאן זאָל זיין שווענערין צוגיין צו איהם אין דיא אויגען פון דיא אלטע לייט און זאָל איהם אויסטאָן זיין שוך („חליצה" איז איז דער טייטש שוך־אויסטאָן) פון זיין פוס און זאָל איהם שפייען אין פנים אריין און זאָגען: „אָט אזוי זאָל מען טהון א מענשען, וואָס וויל ניט אויפבויען זיין ברודער'ס הויז". (דאָס איז אַ מליצה, און מיינען מיינט דאָס, וואָס וויל זיין ברודער ניט פעראייביגען. „דאָס הויז" הייסט דיא נאַכקאָמענשאַפט, אזוי וויא מען זאָגט, צום ביישפּיעל, „דאס הויז פון דוד".) און זיין נאָמען זאָל גערופען ווערען ביי אידען: „דאָס הויז פון דעם, וואָס מען האָט איהם דעם שוך אויסגעטאָן". (דברים כ"ה ה').

אָט פון דיא דאָזיגע עטליכע פסוקים, וואָס האָבען זיך געפו־נען אין דיא גאנץ אלטע שריפטען פון אידישען פאָלק, (פון וועל־כען דיא תורה איז דערנאָך צוזאמענגעשטעלט געוואָרען), שטאמט דער גאנצער עסק.

דאָ זעהט מען שוין ווייניגסטענס דייטליך, וואָס מען מיינט: דער שוואָגער האָט געהאט דיא פּ פ ל י כ ט צו נעהמען זיין פער־שטאָרבענעם ברודער'ס אלמנה פאר א ווייב, אום זיא זאָל האָבען פון איהם א קינד און דאָס קינד זאָל הייסען דעם פערשטאָרבענעם ברודער'ס זוהן; אָט־אָ־דאָס מיינט מען, ניט וויא מען האָט דערנאָך גע'דרשן'ט, אז דעם קינד

דארף מען נאָר א נ אָ מ ע ן ג ע ב ע ן נ אָ ך ז י י ן פ ע ט ע ר! אין פסוק שטייט: דאָס קינד זאָל „ב ל י י ב ע ן („יקום") אויף דעם נאָמען" פון דעם פערשטאָרבענעם, דאָס הייסט ער זאָל היי־סען ז י י ן ק י נ ד — ניט עס זאָל בלויז ג ע ר ו פ ע ן ווע־רען מיט דעם נאָמען פון דעם פערשטאָרבענעם; הקיצור, דאָס הייסט, אז דער ברודער איז מחויב צו ש ע נ ק ע ן ז י י ן פ ע ר־ש ט אָ ר ב ע נ ע ם ב ר ו ד ע ר א ז ו ה ן, כדי ער זאָל ניט אויסגעמעקט ווערען, זיין עקזיסטענץ זאָל זיך ניט ענדיגען. נאָר ווען דער שוואָגער איז אזוי געמיין און וויל דאָס ניט טאָן, זאָל זיא איהם ע פ ע נ ט ל י ך אָ נ ש פ י י ע ן א י ן פ נ י ם א ר י י ן; (וואָס דער אויסטאָן דעם שוך בעטייט, וועלען מיר ווייטער זעהען;) ער מ ו ז דאָס ליידען, אלס א ש ט ר אָ ף, פאר וואָס ער וויל זיא ניט נעהמען פאר א ווייב.

דאָס איז אלזאָ ניט איהרע א פ פ ל י כ ט, נאָר איהר ר ע כ ט; דאָס איז ניט איהרע א שטראָף, אדרבה, עס איז א שטראָף, וואָס זיא מעג געבען איהר שוואָגער. און עס פערשטייט זיך, אז עס האָט קיין שום זין ניט, אז זיא זאָל ניט טאָרען חתונה האָבען, ביז זיא האָט איהר שוואָגער בעשטראָפט מיט אָנשפייען אין פנים אריין און עפענטליכע פעראכטונג. אז דאָס איז דאָך גאָר ניט קיין פפליכט־געבאָט פיר איהר, נאָר פיר איהם, און פיר איהר גאָר א פ ר י ו ו י ל ע ג י ו ם, — קען דאָס האָבען א זין, אז א מענש זאָל זיין ג ע צ ו ו א ו נ ג ע ן צו נעהמען זיך זיין פריי־ווילעגיום? און אין פסוק — וויא איהר זעהט — שטייט טאקע גאָר ניט, אז זיא טאָר ניט חתונה האָבען ביז זיא מאכט דיא צע־רעמאָניע פון פעראכטונג פאר איהר שוואָגער. עס שטייט בלויז, אז זיא זאָל ניט חתונה האָבען מיט א פרעמדען, נור איהר שוואָ־גער זאָל זיא נעהמען. עס איז לייכט צו זעהען, אז דאָס איז ניט קיין פערבאָט פיר איהר, נאָר פיר דעם שוואָגער, — ער זאָל דורך זיין ניט־וועלען זיא נעהמען ניט בריינגען דערצו, זיא זאָל קיין אנ־דערע ברירה ניט האָבען וויא חתונה צו האָבען מיט א פרעמדען. דיא גאנצע פרשה רעדט דאָך דאָ מכוח איהם. זיא ווערט דאָך דאָ בעהאנדעלט פאסיוו. אין דיא גאנצע תורה איז ניטאָ קיין געבאָט

דירעקט צו פרויען, נאָר צו דיא מענער ו ו ע ג ע ן פרויען. דיא פרויען גילטען ניט אלס זעלבסטשטענדיגע מענשען אין דיא תורה.

עס געפינען זיך נאָך פסוקים אין דער תורה, אין וועלכע עס ווערט געזאָגט, אז איינער זאָל א געוויסע זאך ניט טאָן און דאָך איז דייטליך, אז דאָס איז געמיינט אלס א פערבאָט צו א נ ד ע ר ע ז י י זאָלען ניט פ ע ר א ו ר ז א כ ע ן יענעם דאָס צו טאָן. עס שטייט, למשל, „איין איינציגער עדות זאָל זיך ניט שטעלען עדות זאָגען אויף א מענשען וועגען א זינד"; קיינער וועט דאָך ניט זאָגען, אז דאָס הייסט, דאָס דער איינער טהוט א'ן עברה, ווען ער גייט עדות זאָגען, נאָר אז דאָס געריכט טהוט א'ן עברה, ווען עס נ ע ה מ ט א י ה ם אָן פאר א'ן עדות. אזוי אויך דאָ, וואו עס שטייט, „זיא זאָל ניט ווערען א'ן אנדערען'ס ווייב", מיינט מען, אז איהר שוואָגער זאָל זיא ניט בריינגען דערצו, מיט זיין ניט וועלען נעהמען זיא. אָבער ווען ער וויל ניט, איז געוויס איהר ניט פערבאָטען געוואָרען חתונה צו האָבען מיט א'ן אנדערן.

איבריגענס, ווען מען זאָל אפילו אָננעהמען, אז דאָס הייסט, דאָס עס איז איהר טאקי פערבאָטען חתונה צו האָבען מיט א'ן אנדערען, קען זיך דאָס אויך נאָר בעציהען אויף דעם פאל, ווען דער שוואָגער וויל זיא נעהמען. ביי דעם אנדערן פאל, ווען ער וויל ניט, שטייט דאָך שוין גאָר ניט, אז זיא טאָר ניט חתונה האָבען מיט א'ן אנדערען, ביז זיא שפייט איהם אָן אין פנים אריין. עס קען דאָך גאָר ניט זיין אזא אונזין. עס איז דאָך דייטליך, אז דאָס איז א שטראָף פיר איהם, ניט א פפליכט פיר איהר.

דיא מעשה מיט יהודה און תמר'ן, (וואָס ווערט ווייטער דער־מאָנט,) בעווייזט איבריגענס דייטליך, אז דאָס מייבם זיין איז געווען ניט איהר פ פ ל י כ ט, נאָר איהר ב ע ג ע ה ר.

דאָס, אלזאָ, וואָס דיא אלמנה טאָר ניט חתונה האָבען, איז ערשט א שפעטערע זעהר לעכערליכע איבערקעהרונג פון דעם מנהג קאפויר: אנשטאט א פריווילעגיום פיר איהר און א שטראָף פיר איהם איז עס גאָר געוואָרען א שטראָף פיר איהר און א פריווי־לעגיום פיר איהם! זיא טאָר ניט חתונה האָבען ביז ער גיט איהר א געלעגענהייט איהם אָנצושפייען און דעם שוך אויסצוטאָן, און

אז ער וויל, האָט ער א ברירה ניט צו וועלען, ליגט ז י א אין דרערד, ניט ער! ער האָט אפילו גאָר א ברירה צו נעהמען געלד ביי איהר דערפאר!

און נאָך גרעסער איז דיא קאָמעדיע, ווען מען בערעכענט, אז היינט טאָר ער גאָר ניט מיט איהר חתונה האָבען! שטעלט זיך פאָר: עס איז געווען א מנהג, אז ער איז מ ח ו י ב מיט איהר חתונה צו האָבען; ווען ער האָט דאָס ניט געוואָלט, האָט זיא איהם ג ע מ ע ג ט דערפאר אָנשפייען עפענטליך אין פנים און ע ר האָט דאָס ג ע מ ו ז ט אריבערטראָגען. איז דערפון גאָר געוואָרען אזוי: חתונה האָבען מיט איהר טאָר ער ניט, ווען ער זאָל אפילו וועלן; זיא טאָר מיט ק י י נ ע ם ניט חתונה האָבען ביז זיא מ ו ז איהם אָנשפייען אין פנים אריין, כלומרש'ט פאר וואָס „ער וויל ניט" מיט איהר חתונה האָבען — כאָטש ער וויל גאָר, און ער האָט גאָר א ברירה דעם גאנצען עסק ניט צו וועלען. און דאָך רופט מען דאָס וואָס אין חומש שטייט „חוקת עולם, א געזעץ אויף אייביג"!

דאָס איז דערווייל נאָר אזוי פיעל, וויא מען קען ארויסזעהן פון פסוק גופא. דאָס ערקלערט אָבער נאָך זעהר וויניג: פאר וואָס האָט דער ברודער געמוזט שיינקען דעם פערשטאָרבענעם א קינד? וואָס הייסט דאָס, ער זאָל פעראייביגען זיין בעשטיין? בלייבט דען ניט זיין נשמה סיי וויא סיי אייביג?... און א חוץ דעם, איז דאָך דיא פפליכט צו שיינקען זיין ברודער א קינד א נעבען־זאָך. וויא מען זעהט דייטליך פון פסוק, האָט ער אויסער דעם געהאט א פפליכט זיין ברודער'ס ווייב צו נעהמען צו זיך פאר א ווייב. א קינד פון איהם האָט זיא דאָך געקענט האָבען אָהן דעם; אז אלס זיין פאָטער האָט ער דאָך סיי וויא סיי ניט נעגאָלטען! א'ן עברה צו האָבען מיט א'ן אלמנה א קינד איז דאָך דעמאָלט אזוי אויך ניט געווען; וועלכער צדיק האָט דען ניט געהאט קיין קייבס־ווייבער? בפרט דאָ, וואו עס איז א מצוה. טאָ צו וואָס האָט ער זיא עפעס נאָך געמוזט נעהמען פיר א רעגוליארנע ווייב? אויסערדעם, וואָס איז עפעס דאָס אויסטאָהן דעם שוך — דיא איי־גענטליכע חליצה? און איבערהויפט, וויא איז עפעס געקומען דיא

לעכערליכע, משוגענע איבערקעהרונג פון דעם מנהג מיט'ן קאָפּ אראָב? וואָלטען מיר דאָס ניט א מאָל געקענט ארויסגעפינען, ווען מיר וואָלטען געוואוסט דעם ריכטיגען טעם פון דעם גאנצען אַלטען מנהג?

יאָ! מען דארף טאקי נאָר וויסען דעם ריכטיגען טעם, וועט מען שוין האָבען דעם שליסעל צו אלע סודות פון דעם גאנצען עסק.

אז דיעזער מנהג מוז אויף האָבען א נ א ט י ר ל י כ ע אור־זאכע — אזוי גוט וויא אלע מנהגים און אמונות — און איז ניט געגעבען פון הימעל אלס מצוה פון דיא אידישע אמונה, קען מען שוין גלייך זעהען פון דעם, וואָס דיעזער מנהג איז אייגענטליך אויך געווען איינגעפיהרט ביי א ס ך א נ ד ע ר ע א ו מ ו ת, אפילו אזעלכע, וואָס האָבען מיט אידען קיין מאָל קיין שום שייכות ניט געקענט האָבען, אפילו נאָך פריהער איידער דיא אידישע אמונה איז געוואָרען. ביי א טהייל פון זיי איז עס א מנהג, ביי א טהייל א שטרענגער געבאָט, וואָס מען טאָר ניט איבערטרעטען.

אזא געבאָט שטייט געשריבען אין דיא תורה פון דעם געזעצ־געבער מאנו פון אינדיען, אין דעם צענדאוועסטא, דעם חומש פון דיא פרסיים; עס עקזיסטירט נאָך היינט אזא מנהג ביי דיא מאָנ־גאָלען, טשערקעסען, אסעטען און אנדערע שטאמען פון קאווקאז, ביי דיא דרוזען אין סיריען, ביי דיא אביסיניער און גאללאס, ביי דיא אראבען, א. ז. וו. (זעה דר. יוליוס פירשט איללוסטרירטע ביבעל.)

ביי דיא אבות פון דיא אידען אליין איז אויך דער מנהג בע־שטאנען לאנג, לאנג פאר דיא צייט, ווען דיא גלויביגע מיינען, אז עס איז געווען „מתן תורה". וויא מען קען דאָס זעהען פון דיא געשיכטע פון ת מ ר, יהודה'ס שנור, וואָס איהר מאן, ע ר, איז געשטאָרבען, און זיין ברודער א ו נ ן האָט זיא ניט געוואָלט מייבם זיין. ער האָט מיט איהר געהאט געשלעכטס־פערקעהר, אָבער אום ניט צו מוזען שיינקען זיין ברודער א זוהן, וואָס ער האָט ניט געוואָלט טהאָן, איז ער. א ו נ ן, („אָנאָן") בעגאנגען דיא מיאוס'ע זאך, וואָס ווערט נאָך ביז'ן היינטיגען טאָג אָנגערו־הען אויף זיין נאָמען.

פון יענע געשיכטע, לויט וויא עס איז בעשריבען אין חומש, ווייזט אויס, אז דער אלמנה איז עס געוויינליך געגאנגען אין גאנ־צען לעבען, מען זאָל זיא מייבם זיין, און דיא שוואָגערס פלעגען זיך אלץ וועלען דערפון ארויסדרייהען. אויך ווייזט דאָרט אויס, אז דער פערשטאָרבענעמס פ אָ ט ע ר האָט פריהער אויך געקענט מקיים זיין דיא מצוה און נעהמען זיין שנור. תמר האָט טאקי ארייננענארט איהר שווער יהודה איהר מעוברת צו מאכען און וויא גרויס דיא מצוה איז געווען, קען מען זעהען פון דעם, וואָס פון דיעזען עסק צווישען תמר און איהר שווער איז ארויסגעקומען דוד המלך און דיא גאנצע מלכות בית דוד, פון וועלכע עס וועט אויך ארויסקומען מ ש י ח א ל י י ן!

דיא גאנצע געשיכטע מיט תמר'ן, זעהט אויס, ווערט נאָר דערציילט, אום טאקי מיט דעם „פאקט", דאָס דיא היילינסטע פא־מיליע איז ארויסגעקומען פון דער מצוה, צו בעווייזען, וואָס־פאר־א וויכטיגע זאך דיעזע מצוה איז און וואָס פאר א פערברעכען דאָס איז זיך פון איהר ארויסצודרייהען. אָט איז דאָך משיח ארויס־געקומען פון אזא זאך!....

פון דעם, זעהט מען שוין, אז דאָס מוז האָבען עפּעס א נאַ־טירליכע אורזאכע, וואָס האָט דאָס ביי דיא אלע פעלקער ארויס־געבראכט.

און דיא נאטירליכע אורזאכע איז טאקי טהיילוויז דירעקט ד אָ ס א י י נ ע נ ט ה ו ם.

דיא פּאָרשונג אין דעם לעבען פון דיא אור־אלטע, נאָך וויל־דע פעלקער און פון דיא ווילדע, וואָס שטייען נאָך היינט אויף אזא מדרגה, האָט געוויזען, אז כמעט יעדעס פאָלק גייט דורך, אין זיין ענטוויקלונג, א צייט, ווען דיא פרוי שפּיעלט דיא הויפּט־ראָלע, זיא איז דיא גאנצע בעל־הבית'טע, און ערשט שפּעטער קומט א צייט אין דער ענטוויקלונג, ווען זיא ווערט וויא א חפץ, וויא איי־גענטהום, וויא א שקלאפין, — ווען זיא איז נאָר א זאך פאר דיא מאנספערשוינען. שפּעטער ווערט זיא ווידער אלץ מעהר בעפרייט. דאָס וועגדט זיך אלץ אין דעם צושטאנד פון זוכען פרנסה און פון אייגענטהום.

פריהער לעבען מענשען נאָר פון דעם, וואָס זיי געפינען גרייט אין דער נאַטור — פון פיש, חיות וואָס זיי פאַנגען, פרוכטען פון דיא ביימער. קיין אייגענטהום איז דאַן ניטאָ. דיא וויכטיגסטע „פּראָדוקציאָן" איז דאָס, וואָס דיא פרוי טהוט אין געצעלט. דע־ריבער איז דיא פרוי דער עיקר.

אויך שפּעטער, ווען עס ענטוויקעלט זיך פעלד־ארבייט, איז דיא פרוי דיא, וואָס ארבייט אין פעלד און זיא איז דיא גאַנצע בעל־הבית'טע.

נאָר נאָך שפּעטער ענטוויקעלט זיך דיא פּראָדוקציאָן פון וויכ־טיגע אייגענטהומס־זאכען. עס קומען אויף אזעלכע ארבייטען, וואָס פאָדערן בעזאָנדערע קענטנים און וואָס נאָר דער מאַנספּער־שוין קען זיי טהון, (דיא פרוי איז געשטערט דורך קינדער האָ־בען און זייגען,) און דעריבער ווערט דער מאַנספּערשוין דער גאַנ־צער אויבערהאַר און דיא פרוי שפּיעלט שוין גאָר קיין ראָלע ניט. (עס איז דאָ אין דעם זעהר א סך אינטערעסאַנטעס צו רעדען, אָבער דאָס איז א בעזונדער ענין.)

ביי'ן אקערבוי שפּיעלט דיא וויכטיגסטע ראָלע דאָס איי־גענטהום פון פעלד. „מי שאין לו קרקע אינו אדם" — ווער עס האָט קיין פעלד ניט איז קיין מענש ניט, שטייט געשריעבען. נאַ־טירליך. ק י י ן א נ ד ע ר ו ו ע ג צ ו ק ר י ג ע ן ל ע־ב ע נ ס־מ י ט ע ל, ו ו י א א ל ל י י ן ד י א ע ר ד צ ו ב ע א ר ב י י ט ע ן, א י ז ד ע מ א ל ט נ י ט אָ. און ווען דער מאַן איז געוואָרען דער, וואָס האַלט דיא ערד וויא א שטיק פון זיך אליין, זיין אייגענטהום, און ער בעטראַכט דאָס פאַר דיא וויכ־טיגסטע זאַך, און דיא פרוי האָט איבער דעם אייגענטהום גאָר ניט געהאַט צו זאָגען, און „מי שאין לו קרקע אינו אדם" ווער עס האָט קיין פעלד ניט, איז אין אזא צושטאַנד, נאַטירליך, גאָר קיין מענש ניט, איז דיא פרוי גאָר קיין מענש ניט מעהר געווען פאַר זיך.

אין אזא צושטאַנד איז געווען דער אידישער שטאַם אין יע־נע גרוי־אַלטע צייטען. דעריבער איז טאַקע דיא פרוי פאַר זיך גאָר ניט געווען. ביז צו דיא חתונה איז זיא דעם טאַטענס און ע ר ק ע ן ז י א פ ע ר ק ו י פ ע ן ו ו י א ז י י ן ק ע ל ב ע ל

(„וכי ימכור איש את בתו לאמה“), אזוי שטייט בפרוש אין דער תורה. איהר נדר און שבועה האָט קיין ווערט ניט, ווען דער פאָטער איז דאָס מבטל. נאָך דיא חתונה איז זיא דעם מאַן׳ס. דערמאָלט איז ער ווידער מבטל איהר נדר און שבועה. ע ר מעג זיך האָבען טויזענדער ווייבער; ז י א, אָבער, מוז נאָר איהם זיין טריי, אז ניט, קומט איהר מיתה! ער מעג זיא גט׳ן ווען ער וויל, זיא מוז בלייבען זיין וויא לאנג ער וויל. ער ק ו י פ ט זיא מיט געלד אָדער מיט שוה־כסף. דאָס איז מקדש זיין.

עס איז דיא גרעסטע דומהייט צו מאכען דער תורה פאַרווירפע וועגען דעם און זאָגען, אז זיא איז „שלעכט“. עס איז דעמאָלט געווען נאַטירליך אזוי, נאָך דיא אומשטענדען, און ביי אנדערע אומשטענדען האָט מען טאקע אנדערש געמאכט — כאָטש מען האָט דאָס נייע אריינגע׳דרש׳נט אין אלטען פסוק אריין.

ווען א מאַן איז געשטאָרבען, ה אָ ט ד י א פ ר ו י ג א ר נ י ט ג ע׳ י ר ש ה׳ נ ט. דאָס האָט ערשטענס אויך געהערט צו דיא אונטערגעוואָרפענע ראָלע פון דער פרוי, צווייטענס האָט דאָס ביי׳ן אידישען שטאם דעמאָלט נאָך געהאַט א׳ן אנדערען צוועק. דער צוועק איז געווען, א ז ד א ס ל א נ ד ז א ל א ל ע מ אָ ל ב ל י י ב ע ן ג ל י י ך פ ע ר ט ה י י ל ט צ ו ו י־ש ע ן ד י א מ ש פ ח ו ת, אז איין משפחה זאָל ניט קריגען מעהר פעלד וויא דיא אנדערע — וואָס דאדורך וואָלט ארויסגעקומען אונגלייכהייט מיט אלע אונגערעכטיגקייטען, וואָס זיינען דערמיט פערבונדען. פון דעם וואָלט אויך געקענט ארויסקומען, אז איינער זאָל קענען בלייבען גאָר אָהן פעלד, און אין אזא צושטאנד איז דאָך אָהן פעלד גאָר ניט מעגליך צו לעבען. א גרעסערע משפחה האָט פון אָנהייב אָן געקראָגען א גרעסערען חלק לאנד, א קלענערע — א קלענערען, און עס איז געווען איינגעפיהרט — וויא עס שטייט בפרוש אין פסוק: — „אז ווען א טאָכטער ירשה׳נט פעלדער פון איהר פאָטער, מוז זיא נאָר חתונה האָבען מיט איינעם פון איהר פאָטערס משפחה, כדי איהר חלק נחלה זאָל בלייבען אין דער משפחה און ניט איבערגיין אין א׳ן אנדערע משפחה אריין“. (במדבר ל״ו.) ווען א ווייב וואָלט גע׳ירשה׳נט

איהר מאן, וואָלט דאַך זיין נחלה איבערגעגאנגען אין איהר משפחה אריין. דיא נחלה פון א פערשטאָרבענעם האָט דעריבער גע'ירשה'נט זיין זוהן, ווען ער האָט ניט געהאט קיין זוהן — זיין טאָכטער, ווען ער האָט ניט געהאט קיין טאָכטער, — ז י י ן ב ר ו ד ע ר. זיין ווייב האָט גאָר ניט גע'ירשה'נט.

נו, ווען עס זיינען געבליעבען זיהן אָדער טעכטער, און זיי האָבען צוגענומען דיא ירושה, האָבען זיי דאַך צוגענומען דעם פאָ־טערס אלמנה אויך. ווען אָבער דיא נחלה האָט דער ברודער צוגע־נומען, וואָס האָט געזאָלט ווערען פון דער אלמנה? אז א פרוי זאָל זיין פאר זיך, איז דעמאָלט — וויא געזאָגט — גאָר ניט גע־ווען פערהאנען. דאָס וואָלט געהייסען זיא איז הפקר. ביי אזא צושטאנד, וואו עס איז ניטאָ קיין אנדער וועג צו לעבען, סיידען פון פעלד־ארבייט, איז דאַך דאָס נאטירליך. ווארום וויא אזוי זאָל א פרוי, וואָס ירשה'נט ניט קיין פעלד, קענען פאר זיך לעבען? פון דיעזען עקאָנאָמישען צושטאנד קומט שוין אויך ארויס א מאָ־ראלישער בעגריף, אז א פרוי, וואָס האָט ניט קיין מאנספערשוין, וועלכער זאָל איבער איהר „פערשפרייטען זיינע פליגעל“ אלס זיינע — אזא פרוי איז עפּעס גאָר ניט וויא מען דארף. זיא האָט דע־ריבער געמוזט זיין אימיצענס, אין אימיצענס רשות, אונטער אי־מיצענס פליגעל. דעריבער איז דאָס ארויסגעקומען א מנהג, אז עס איז א'ן אקט פון יושר, פון אנשטענדיגקייט, דאָס דעם פער־שטאָרבענעם'ס ברודער, וועלכער נעהמט צו זיין נחלה, זאָל אויך ארייננעהמען צו זיך זיין אלמנה און איבער איהר „פערשפרייטען זיינע פליגעל“ אלס מאן.

יעצט קומען מיר צו א'ן אנדערן פונקט — וועגען שענקען דעם ברודער א זוהן:

אין דיא גאנצע תורה ווערט איהר ניט געפינען קיין סימן אפילו פון א'ן אָנצוהערענים וועגען א נשמה, א גן־עדן און גיהנם. אלס שכר פאר פיהרען זיך גוט און פרום, ווערט צוגעזאָגט א גליקליכעס לעבען אויף ד ע ר וועלט און — דיא הויפטזאַך — ק י נ ד ע ר א ו ן ק י נ ד ס ק י נ ד ע ר.

צוויי זאכען מאכען עס פיר דעם מענשענס פאנטאזיע נאטיר־

ליף, זיך פאַרצושטעלען, אז דיא נשמה בלייבט לעבען נאָכ'ן טויט: ערשטענס זיין נאטירליכער וואונש, ניט צו פיהלען, אז עס וועט פון איהם א מאָל בלייבען גאָר ניט; צווייטענס, זיין גערעכטיג־קייטס־געפיהל, וואָס קען איהם גאָר ניט לאָזען גלויבען, אז א שלעכ־טער מענש, וואָס לעבט אוים זיינע יאָהרען גוט, זאָל קיין מאָל ניט מעהר בעשטראָפט ווערען, און א גוטער, וואָס לעבט אָב זיין גאַנץ לעבען אין צרות, זאָל קיין מאָל ניט האָבען קיין שכר. דיעזעביידע בעדירפניסע זיינען בעפריעדיגט געוועזען דורך דיא קינדער און קינדס קינדער: אין זיי בלייבט דער פאָטער אייביג לעבען, און דורך זיינע זינד ליידען דיא קינדער; אין זכות אבות ווידער העלפט זיי גאָט.

דיא גרעסטע שטראָף איז דעריבער געוועזען „כרות“, דאָס הייסט אייגענטליך שטארבען אָהן קינדער, אלזאָ פערניכטעט ווע־רען גאָר אין גאנצען, אוועקגיין פון דער וועלט און ניט לאָזען קיין שריד ופליט!

עס איז נאָך דאָ א דריטטע, הויפּט־וויכטיגע אורזאכע, וואָס בריינגט דעם נאטור־מענשען זיך צו מוזען פאָרשטעלען א לעבען פון א נשמה נאָכ'ן טויט, דאָס איז ווען דאָס לעבען אויף דער וועלט זעהט אויס אין אלגעמיין פינסטער און ביטטער. דער וואונש איז דער פאָטער פון'ם געדאנקען, און דער מענש ווינשט צו האָ־בען תענוג; ווען ער זעהט ניט קיין תענוג דאָ, שטעלט איהם זיין וואונש פאָר א'ן אנדערס לעבען. דאָס איז אָבער ניטאָ אין א צושטאנד, וואו מענשען לעבען זיך פון פעלד־ארבייט פריי, גלייך און צופריעדען, אהן שוויריגקייטען, „יעדער אונטער זיין וויינ־שטאָק און זיין פייגענבוים“, וויא אין פסוק שטייט, אז דיא אידען האָבען דעמאָלט געלעבט.

דעריבער איז דעמאָלט דאָס אייביגע לעבען געוועזען דיא קינ־דער, וואָס האָבען גע'ירשה'נט דעם טאטענס נחלה און ער האָט אין זיי ווייטער געלעבט מיט'ן גאנצען הויז.

ווען אָבער עס זיינען קיין קינדער ניט געבליעבען, האָט דאָס געהייסען, אז ער איז געוועזען בעשטראָפט מיט דיא הארטסטע

שטראָף, און דעריבער האָט זיך געבילדעט אַ מאָראַל־בעגריף, אַז עס איז דיא פפליכט און אַ עדלע טהאַט פון דעם ברודער, וועל־כער האָט צוגענומען דעם טויטענס נחלה, ער זאָל איהם שענקען אַ קינד, פון זיין אלמנה, וואָס זאָל גילטען אלס דעם פערשטאָר־בענעמס קינד און זאָל זיין עקזיסטענץ פארטזעצען און דעם טוי־טענ׳ס נאָמען זאל בלייבען אויף זיין הויז און אויף זיין נחלה.

ניט אימער האָט דאָס געמוזט זיין נאָר דער ברודער פון דעם פערשטאָרבענעם. אויב קיין ברודער איז ניט געווען, האָט דאָס גע־קענט זיין אַ ווייטערער קרוב אויך. דאָס איז דייטליך צו זעהען אין דיא שיינע געשיכטע פון רות. דאָרטען זעהט מען אויך דייט־ליך, וויא דיא אלמנה רות האָט דורכאויס געזוכט, אז איהר מאן׳ס אַ קרוב זאָל איבערנעהמען זיא פאר אַ ווייב צוזאמען מיט זיינע פעלדער און איינענטהום, און אז דאָס איז געשעהען „כדי דער נאָמען פון דעם פערשטאָרבענעם זאָל בלייבען אויף זיין נחלה" (רות ד׳ ה׳). אויך פון דיעזע געשיכטע זעהט זיך ארויס, אז אזא זאך — נעהמען דיא אלמנה פון אַ ברודער אָדער אַ קרוב פאר אַ ווייב צוזאמען מיט זיין נחלה — איז געווען בעטראכט פאר זעהר א׳ן עדלע טהאט. פון אזא פערבינדונג, האָט מען זיך פאָרגע־שטעלט, קומען ארויס דיא עדעלסטע קינדער. דעריבער ווערט דאָס דערציילט, אז דוד המלך איז ארויסגעקומען פון צוויי פערבינ־דונגען אזעלכע — איינע יהודה און תמר און דיא צווייטע בועז און רות.

אלע אלטע שריפטען, וואָס זיינען געבליעבען אלס הייליגע ספרים, זיינען געווען דיא, וואָס זיינען געשריעבען געוואָרען מיט דער טענדענץ פאָרצושטעלען דיא קעניגליכע פאמיליע פון דוד המלך אלס זעהר הייליג.... דעריבער ווערט דאָס אין דיעזע ספרים פאָרגעשטעלט, אז דוד שטאַמט פון אזא הייליגען אורשפרונג, פון צוויי אזעלכע פעללע, וואו אַ קרוב האָט גענומען דיא אלמנה פון זיין פערשטאָרבענעם פערוואנדטען פאר אַ ווייב און האָט „פער־שפרייט זיינע פליגעל איבער איהר" (שם ג׳ ט׳). אלזאָ, איז דאָס געווען ביי דיא מענשען דעמאלט אזא הייליגע טהאט, אז דיא קינדער, וואָס זיינען ארויסגעקומען דערפון, זיינען געווען דער

העכסטער יחוס. דיא קעניגליכע פאמיליע האָט זיך גע׳יחסן׳ט נאָך זיי! משיח אליין וועט פון זיי ארויסקומען! . . . .

ווארום איז דאָס געווען בעטראכט פאר אזא הייליגע זאך? גאנץ וואהרשיינליך דעריבער, ווייל געוועהנליכע מענשען האָבען דיא נחלה פון דעם פערשטאָרבענעם קרוב זיך צוגענומען, זיין אלמנה אָבער האָבען זיי ניט געוואָלט מיטנעהמען „אונטער זייערע פליגעל"; פון דעם פערשטאָרבענעם האָבען זיי, אלזאָ, דערמיט נעלאָזט אָבגעמעקט ווערען יעדע געדעכטניש. דאָס איז געווען בע־טראכט פאר א געמיינהייט. דאגעגען איז עס געווען זעהר עדעל, ווען איינער האָט יא צוגענומען זיין קרוב׳ס ווייב צוזאמען מיט זיין נחלה און האָט דערמיט געגעבען דעם טויטען א מעגליכקייט, אז „זיין נאָמען זאָל בלייבען אויף זיין נחלה און ער זאָל ניט פער־שניטען ווערען פון צווישען זיינען ברידער און פון זיין אָרט" (שם ד׳ י׳).

אלזאָ, איז דיא עיקר מצוה בעשטאנען אין דעם, אז דער ברודער זאָל נעהמען זיין ברודער׳ס אלמנה פאר א ווייב. (דער מנהג וועגען אנדערע קרובים איז אונטערגעגאנגען.)

אָבער צווינגען איהם דאָס צו טהון האָבען זיי מסתמא גע־האלטען פאר ניט רעכט. דען ווען יא, וואָלט עס דאָך ווידער ניט געווען אזא גרויסע עדלע זאך, ווען איינער האָט דאָס יא גע־טהאָן . . . איבערהויפט, וויא קען מען דען צווינגען א מענשען צו זיין א מאן צו א געוויסע פרוי, ווען ער וויל ניט?... דעריבער האָט מען ניט מעהר געקענט וויא איהם בעשטראָפען מיט עפענטליכע פעראכטונג. דיא אונגליקליכע פערשמעהעטע פרוי אליין זאָל שפייען איהם אין פנים אריין בפני כל עם ועדה און אויסרופען: „אזוי זאָל מען טהון א מענשען, וואָס זאָגט זיך אָב צו בויען זיין ברודערס הויז", — דאָס הייסט צו פעראייביגען זיין עקזיסטענץ אין א נאכקאָמענשאפט.

וואָס־זשע בעדייט דאָס אויסטהאָן דעם שוך? דאָקטאָר פירשט מיינט, אז דאָס איז דעריבער, ווייל ביי אידען איז דעמאָלט גע־ווען א מנהג, אז ווען איינער האָט יענעם עפּעס פערקויפט אָדער געשענקט, האָט ער אויסגעטאָן זיין שוך און איהם געגעבען, האָט

דאָס געהייסען, אז יענער איז קונה דיא זאַך, אז ער איז ניט מעהר איהר בעל־הבית נאָר יענער. (אזוי שטייט בפרוש אין רות ד׳ ז׳.) אלזאָ י ע נ ע ם אויסטאָן דעם שוך האָט געהייסען אזוי פיעל וויא אויסדריקען: דו ביזט א ליידאק, א שלעפער, אזוי וויא איי־נער וואָס האָט גאָר ניט.

עס זיינען אָבער דאָ נאָך אנדערע ערקלערונגען: שיך זיי־נען דעמאָלט נאָר געגאנגען אָנגעטאָן חשובים. זיך אויסטאָן דיא שיך האָט געהייסען זיך שטעלען קליין ביי זיך. אויף א הייליגען אָרט האָט מען דעריבער ניט געטאָרט גיין אין קיין שיך, נאָר באָר־וועס. ווען גאָט האָט גערעדט מיט משה׳ן און דער מלאך מיט יהושע׳ן האָבען זיי זיי געהייסען אויסטאָן דיא שיך (אזוי שטייט). אין מאנכע ערטער אין אָריענט איז נאָך היינט א מנהג, אז ווען א פראָסטער מענש בעגעגענט א פריץ, א יחסן, א פני, מוז ער אויסטאָן פאר איהם דיא שיך.

אלזאָ ווען דיא אונגליקליכע פערשמעהעטע אלמנה האָט אויס־געטאָן דעם שלעכטען שוואָגער דעם שוך פאר כל הקהל, איז דאָס געווען א צייכען פון ערניערעריגען איהם. און דיא גרעסטע שטראָף איז נאָך געווען, וואָס זיין הויז האָט אויף אייביג געקראָגען דיא צונעמעניש: „דאָס הויז פון דעם וואָס מען האָט איהם דעם שוך אויסגעטאָן“. (היינט איז מען ביי חליצה יוצא, מיט דעם וואָס מען ז אָ ג ט דיעזען פסוק...)

נאָך א׳ן אנדערע ערקלערונג פון דיא צערעמאָניע מיט׳ן אויס־טהאָן דעם שוך געפינט זיך אין תנ״ך גופא, טאקי ביי דיא גע־שיכטע מיט רות, וועלכע מיר האָבען דערמאָנט. דאָרטען שטייט אָבער גאָר, אז דער קרוב (בועז), וואָס האָט יא גענומען דיא אלמנה (רות), האָט זיך אליין דערביי אויסגעטאָן דעם שוך, „ווייל אמאָל פלעגט ביי אידען זיין א מנהג, אז ווען מען האָט אי־בערגענומען יענעמס אייגענטהום, האָט מען אויסגעטהאָן דעם שוך און געגעבען יענעם, פאר א צייכען פון בעשטעטיגונג, אז דאָס אייגענטהום גייט איבער“ (שם ד״ ז׳). דערפון איז דייטליך, אז דיא שרייבער פון חומש און פון תנ״ך האָבען שוין אליין ניט מעהר געוואוסט קלאָר, וואָס דאָרטען איז דאָס געווען „אמאָל ביי

אידען״ (לפנים בישראל) מכוח דעם שוך אויסטהאָן ביי אזא געשיכטע. דער שרייבער פון רות זאָגט, אז דעם שוך האָט מען אויסגעטהאָן ווען מען האָט דיא אלמנה יא גענומען; דער שרייבער פון חומש זאָגט, אז דאָס האָט מען געטהאָן, ווען מען האָט דיא אלמנה ניט געוואָלט נעהמען. יענער שטעלט פאָר, אז דער קרוב האָט דעם שוך זיך אליין אויסגעטהאָן, אלס א צייכען פון קנין, און דער שטעלט פאָר, אז זיא האָט איהם אויסגעטהאָן, אלס א צייכען פון פעראכטונג. עס איז דייטליך צו זעהען פון דעם אלעם, אז דאָס איז אלץ געשריעבען געוואָרען ווען דיא אלע מנהגים זיינען שוין געווען לאנג פערגאנגענע און פערענדערטע (וויא עס איז קלאָר צו זעהען פון דיא ווערטער „לפנים בישראל״), און דערייבער האָבען זיי אליין ניט מעהר געוואוסט אויף קלאָר, וואָס דאָרט איז געווען.

יעדענפאלס איז זיכער, אז דער שרייבער פון חומש האָט פאָרגעשטעלט, אז דעם שוך זאָל זיא איהם אויסטהאָן אלס א צייכען פון פעראכטונג, ווען ער איז אזא ליידאק, דאָס זיין ברודער׳ס נחלה נעהמט ער צו און זיין ווייב נעהמען אונטער זיינע פליגעל און זיין נאָמען פעראייביגען וויל ער ניט. אָט דאָס איז געווען חליצה פריהער.

* * *

דער עקאָנאָמישער צושטאנד פון יענער צייט איז אָבער ניט אייביג געבליעבען. דיא גלייכע פערטהיילונג פון פעלדער איז דורך דיא וויטערע ענטוויקלונג פון האנדעל און פריוואט־אייגענטהום פערניכטעט געוואָרען. דיא פעלדער זיינען סיי וויא סיי ניט געבליעבען אין דער פאמיליע. פון דער אנדערער זייט האָט דיא ענטוויקלונג פון האנדעל, דיא צוטהיילונג פון ארבייט און ענטשטייהונג פון פיעל מלאכות געבראכט דערצו, אז דיא פרוי האָט פאר א נויט אליין געקענט האָבען א מעגליכקייט זיך צו ערנעהרען דורך האנדווערק אָדער א קרעמעל. אלס פערזיכערונג, אז ווען איהר מאן׳ס יורשים װעלען אלעס אוועקנעהמען, זאָל איהר בלייבען פון וואָס צו לעבען, האָט מען איינגעפיהרט א כ ת ו ב ה, — א וועקסעל, אז ווען דער מאן וועט שטארבען, קריעגט זיא א

געוויסע סומע געלר. מיט געלר האָט מען רעמאָלט שוין געקענט מאכען עפּעס. אויך האָט מען איינגעפיהרט, אז דיא יורשים מו־זען זיא שפּייזען.

קורץ, דיעזע אורזאכע פון יבום און חליצה האָט ניט מעהר עקזיסטירט.

דיא צווייטע אורזאכע האָט אויך אויפגעהערט: דיא נייע אומשטענדען האָבען בעשאפען א גלויבען אין א נשמה וואָס לעבט איביג. דיא ענטוויקעלטע געזעלשאפטליכע פערהעלטניסע, דיא קלאסען־צושיידונג און אונגלייכהייט און דיא ביטערקייט אין לעבען, וואָס איז געקומען דערפון, האָט געבראכט דעם גלויבען אין דיא אויסגלייכענדע גערעכטיגקייט אויף יענער וועלט. (ליט־גענוי, „נאטירליכע אונד סאָציאלע רעליגיאָנען" זייטע 209.)

און ווען דיא אורזאכען זיינען פערשוואונדען, האָט דער גע־באָט פון יבום און חליצה אויסגעזעהן א געטליכע געהיימנים, און ניט פערשטייהענדיג איהם, האָט מען אויף איהם אָנגעלייגט אזעלכע בערג פּישטשיווקעס און ער איז אויסגעקומען פּ ו נ ק ט ד אָ ס ג ע ג ע נ ט ה י י ל וואָס ער האָט געדארפט זיין. פון א הילף פאר דיא אלמנה איז דאָס גאָר געוואָרען א'ן אונגליקליכע לאסט, פון א פּריווילעגיום — א שקלאפעריי! אנשטאָט א שטראָף פאר איהם פיר ניט וועלען זיא נעהמען, איז דאָס גאָר געוואָרען א'ן אונשולדיגע שטראָף פאר איהר.

ביז פאר עטליכע הונדערט יאָהר האָט ער נאָך ווייניגסטענס ג ע מ ע ג ט מיט איהר חתונה האָבען — „געמעגט" טהון, וואָס דיא תורה פ ע ר פּ פ ל י כ ט ע ט איהם צו טהון! — און ווען ער האָט ניט געוואָלט, האָט מען איהם ג ע נ י י ט צו גע־בען „ווייניגסטענס" חליצה; היינט אָבער ט אָ ר ער גאָר ניט מיט איהר חתונה האָבען און צו געבען חליצה נייט מען איהם ניט.

דער טעם דערפון איז אזוי: אין אנדערע אומשטענדען איז איי־גענטליך א'ן עברה צו נעהמען אזא שוועגערין, פונקט וויא צו נעהמען א'ן אייגענע שוועסטער; נאָר ווען פון'ם ברודער בלייבט ניט קיין קינדער, שטויסט דיא „מצוה" פון יבום אוועק דיא

עברה. זאָגט דיא גמרא, אז ווען ער האָט מיט איהר חתונה און זיין כונה איז ניט דיא מצוה מקיים צו זיין, נאָר פשוט ער וויל זיא, קומט צוריק דיא הארבע עברה פון נעהמען א שוועגערין, רחמנא לצלן. און אזוי וויא היינט איז דיא וועלט אזוי זינדיג, אז מען קען קיינעם ניט גלויבען, אז ער מיינט לשם שמים, דע־ריבער האָט מען גאָר דיא לעצטע צייט אין גאנצען פערבאָטען ער זאָל זיא נעהמען, און אום יוצא צו זיין פאר דיא מצוה (דאָס הייסט אָבצונארען דעם רבונו של עולם) זאָגט דער רב איהם: „אז דו ווילסט קענסט דו זיא נעהמען", אָבער פריהער לערנט מען איהם אויס, אז ער מוז זאָגען „איך וויל ניט"!....

און ווידער דאָס צווינגען „צו געבען איהר חליצה" איז אויך אָבגעשאפט געוואָרען. (דער אויסדרוק אליין „ער גיט איהר חליצה" איז שוין גענוג קאָמיש, ווען מען געדענקט, אז דאָס האָט אין אמת'ן געדארפט זיין, אז זיא גיט איהם א מפלה!—) "היינט, אין דיא אויסגעלאסענע דורות, נייט מען ניט מעהר, וויל דיא יונגאטשעס זיינען מעהר תקיף וויא דיא רבנים" (אזוי שטייט אין תשובות הרש"ל), און ווען ער וויל, קען ער איהר אָבטאָן, אז זיא זאָל מוזען פערזיצען ביז'ן גרויען צאָפּ און פערפאלען! און דאָס אלץ אום מקיים צו זיין א תקנה, וואָס האָט איהר געדארפט טהון א טובה!

אין אזעלכע לעכערליכע דומהייטען אריין פערקריכט דיא מענשהייט, ווען זיא שטייערט ניט דיא שיף פון איהר פאָרטשריט מיט פערנונפט, איינזעהענדיג, אז זיא שווימט, נאָר לאָזט זיא לויפען בלינד מיט'ן שטראָם, מיינענדיג, אז זיא שטייט אויף איין אָרט...

ענדע פון דריטען טהייל.

I.

## פסח און די היסטאריע פון יציאת מצרים.

וואָס איז דער טעם פון פסח? גילט ביי דיעזע גאנץ אלטע רעליגיעזע איינריכטונג אויך אונזער כלל, אז מען דארף ניט זוכען פאר די אלטע מצוות קיין „צ ו ־ וואָס" אלס זייער טעם, נאָר א „פ ו ן וואָס" — ניט קיין צוועק נאָר א'ן אורזאכע? איז דען פסח אויך ענטשטאננען פון זיך, ניט מיט קיין צוועק נאָר דורך א'ן אור־זאכע? איז דען דיעזער יום טוב ניט איינגעפיהרט געוואָרען, ווען די אידען זיינען ארויס פון מצרים, מיט א צוועק — כדי צו פרייהען זיך מיט דיא עראיננערונג פון יציאת מצרים?

צו געפינען א'ן ענטפער אויף דעם, מוזען מיר פריהער פון אלעס א קוק טהון, וואָס זאָגט דיא היסטאָרישע פאָרשונג וועגען דיא געשיכטע פון יציאת מצרים.

* * *

דיא היסטאָרישע פאָרשער — אלע, אָהן אויסנאהמע — נעה־מען ניט אָן דיא מעשה פון יציאת מצרים אין חומש פאר קיין היסטאָריע, אויף וועלכע מען קען זיך פערלאָזען.

פאר וואָס ניט? יעדער מענש גלויבט דאָך אין היסטאָריע, וואָס איז פערשריבען פון אלטע צייטען. ווען מען וואָלט גאָר ניט גלוי־בען, וואָס עס איז דאָ געשריבען פון פארצייטענס, וואָלט דאָך דיא גאנצע פערגאנגענהייט געוועזן פאר אונז א טיעפע פינסטערניש. וואו איז דען דאָ א'ן אנדער מיטעל, צו וויסען וואָס אמאָל איז גע־ווען, אויב ניט דורך דיא שריפטען וואָס זיינען געבליבען פון אלטע צייטען?

אנדערע וויסענשאפטען קען מען אליין נאכפארשען און זיך אליין איבערצייגען. מאטהעמאטיק קען מען נאכרעכענען. פיזיק קען מען בעשטעטיגען דורך עקספערימענטען. אסטראנאמיע קען מען דערגעהן דורך'ן טעלעסקאפ. אבער, וויא אזוי וואלט מעגליך געווען צו דערגעהן דיא היסטאריע, ווען מען זאל ניט גלויבען וואס עס איז אמאל געשריבען געווארען? מען קען דאך ניט צוריק ברייננגען דיא פערגאנגענע צייט אין לאבאראטאריום אריין און זיא צושניידען און אויספארשען. מען קען דאך נאר זיך פערלאזען אויף אלטע שריפטען.

דיעזע פראגע מוז מען גרינדליך פערענטפערן יעדען וואס איז ניט בעקאנט מיט היסטארישע פארשונג.

ניין, פריינד לעזער, דער היסטארישער פארשער גלויבט ניט סתם בנאמנות אלץ וואס עס שטעהט געשריעבען! וויא קען ער? שטעלט זיך פאר, ווערטהער לעזער, ווען אין טויזענד יאהר ארום זאל מען געפינען א היינטיגע צייטונג: דאס וואלט דאך דערמאלט אויך געווען א „שריפט פון אלטע צייטען" — וואלט מען גע־דארפט אננעהמען אלץ וואס עס שטייט אין איהר פאר ווארהע היסטאריע?....

פארצייטענס זיינען אפילו ניט געווען קיין געשעפטען פון שרייבען ליגען, אזוי וויא דיא צייטונגען זיינען היינט... אבער דער־פאר איז געווען פאנטאזיע א סך מעהר וויא היינט. וואס מענשען האט זיך גע'חלום'ט, סיי אין שלאף, סיי וואכענדיגערהייט, דאס האבען זיי דערציילט אלס א פאקט. „באבע מעשה" איז אויך א שריפט פון זעהר אלטע צייטען — ווער גלויבט דאס? (דאס ווארט „באבע מעשה" שטאמט ניט פון דעם ווארט „באבע", גראס־מוטער, נאר פון א'ן ענגלישען נאמען, ב ע ו ו י ס. דיא מעשה איז געווען א'ן ענגלישע ערציילונג, „סער בעווים אוו העמטאן", וואס איז פער־פאסט געווארען נאך אין 14טען יאהרהונדערט. דאס איז איבער־זעצט געווארען אין אלע שפראכען. אויף איטאליעניש האט דאס געהייסען „בואווא ד'אנטאנא". און דאס איז איבערזעצט געווארען אויף אידיש פון אליהו בחור און געדרוקט צום ערשטען מאל אין יאהר 1540, אונטער דעם נאמען „מעשה בבא". דאס איז אזא וואונ־

דער־געשיכטע, אז קיינער האָט עס הפּנים ניט געגלויבט, כאָטש דאָס ביכעל איז געוואָרען הונדערטער יאָהרען אַלט. אזוי ווייט האָט דאָס קיינער ניט געגלויבט, אז ווען מען וויל זאָגען אויף א מעשה, אז זיא איז א ליגען, זאָגט מען עס איז א באבא מעשה).

היינטיגע צייטען ווערען אָנגעשריעבען טויזענדער און צעהנער טויזענדער מעשיות, און עס פאלט גאָר קיינעם ניט איין דאָס צו נעהמען פאר אמת'ע היסטאָריע. יעדער ווייסט אז עס איז פאנ־טאזיע־ארבייט. נו, זיינען דען מיט טויזענדער יאָהרען צוריק ניט געווען אזעלכע פאנטאזיע־מענשען, וויא היינט, וואָס האָבען ליעב געהאט צו שרייבען אויסגעטראכטע מעשיות? פארצייטענס איז נאָך געווען א סך מעהר פאנטאזיע!

און אפילו וואו עס ווערט דערציילט עטוואָס, וואָס עס איז טאקי געשעהען — זעהט מען דען ווייניג צו, וויא עס איז דיא נאַ־טור פון מענשען צו צולייגען און אראָבצונעהמען און צו פערדרייהען און צו דערציילען אנדערש ווי עס איז געווען?

וויא־זשע דען ווייסט דער היסטאָריקער, וואָס עס איז אמת'ע היסטאָריע און וואָס באָבע מעשה? ער דערגעהט דאָס מיט שכל.

ערשטענס, זעהט ער, אנטקעגען וואָס א זאך ווערט דער־ציילט אין א פארצייטיגע שריפט.

ווען א פארצייטיגע שריפט דערציילט מעשיות מיט א כיון, למשל, צו ווייזען וויא גרויס, גוט, קלוג א געווויסער קעניג איז גע־ווען, פערלאָזט מען זיך שוין אויף דעם ניט. מען זעהט דאָך אז דער שרייבער איז אינטערעסירט אזוי צו דערציילען. אזוי איז אויך מיט דעם וואָס עס איז געשריעבען פון רעליגיאָנס־פאָרשטעהער, אין רע־ליגיעזע שריפטען, און וואָס עס ווערט דערצעהלט בפרוש, כדי צו צייגען דיא ניסים פון דעם גאָט פון דיעזע רעליגיאָן, כדי צו מאַ־כען מענשען גלויבען אין איהם, מורא האָבען פאר איהם, דיענען איהם און זיין אונטערטהעניג צו זיינע כהנים, וועלכע האָבען דאָס געשריעבען — דאָס נעהמט מען ניט אָן פאר היסטאָריע. דאָס איז רעליגיאָן. דער היסטאָריקער זעהט גלייך, אז דער שרייבער פון אזעלכע שריפטען איז אזא עדות, וואָס מען קען זיך אויף איהם ניט

פערלאָזען, ווייל ער איז דאָך א „נוגע בדבר“, ער איז דאָך אינטע־רעסירט אזוי צו דערצעהלען.

צווייטענס, ווען א מעשה פון אלטע צייטען איז גע־שריעבען ניט אין דיא צייט גופא, ווען דאָס האָט פאסירט, נאָר הונדערטער יאָהרען שפּעטער, ווייסט איך דער היסטאָריקער, אז דאָס איז פול מיט פאנטאזיע. אפילו אמת'ע מעשיות וואָס זיינען אָבער הונדערטער יאָהרען געגאנגען פון מויל צו מויל, ניט אויפ־געשריעבענערהייט, ווערען אויך פערדרייט און צופלאָנטערט. אז יעדער לייגט צו נאָר איין וואָרט, פון זיין פאנטאזיע, וויא דער שטיי־גער איז, קומט ענדליך ארויס גאָר א'ן אנדערע געשיכטע.

דריטענס, ווען א'ן אלטע שריפט דערצעהלט עפּעס ווע־גען א פאסירונג, וואָס ריהרט אָן צוויי פעלקער, און דיא זאך איז דאָ בעשריעבען אזוי, אז דאָס פאָלק, פון וועמען דיא שריפט שטאמט, קומט ארויס געמאָלען אלס דיא קלוגערע, דיא בעסערע, דיא שטאר־קערע, דיא רייכערע, דיא גערעכטערע, — פערשטעהט דער היסטאָ־ריקער, אז ווען ער וויל וויסען דעם רעכטען אמת, מוז ער געפינען, וואָס מען האָט געשריעבען ביי דעם אנדערן פאָלק וועגען דיעזעלבע פאסירונג. אז ער וועט אויסהערען ביידע, וועט ער קענען ארויס־נעהמען פאר אמת דאָס, וואָס ביידע דערציילען גלייך; און דאָס, אין וואָס זיי ווידערשפּרעכען זיך, וועט ער קענען מיט'ן שכל אויס־זיפּען פון דיא איבערטרייבונגען פוןביידע זייטען.

פיערטענס, נעהמט דיא היסטאָריע ניט אָן קיין שום איבערנאטירליכע ניסים פאר היסטאָרישע וואהרהייט, אפילו ווען דאָס האָט ניט קיין איינע פון דיא דריי פריהערדערמאָנטע סימנים פון אונוואהרהייט. ניסים־מעשיות זיינען רעליגיאָן, ניט היסטאָריע. דער געזונטער מענשען־פערשטאנד ווייסט, אז וואָס עס קען היינט ניט פאסירען, האָט קיין מאָל ניט געקענט פאסירען. און ער בע־גרייפט גאנץ גוט, וויא דיא פאנטאזיע פון דיא קינדערשע, אונווי־סענדע, פארצייטיגע מענשהייט האָט זיך געמאָהלען ניסים פון אונ־בעגרייפליכע נאטור־ערשיינונגען. מען זעהט דאך נאָך היינט, וויא אלערליי ניסים־געשיכטען מאָהלען זיך אויס אין דיא קעפּ פון אונ־וויסענדע!

אלס היסטאָרישע וואהרהייט נעהמט מען אלזאָ נאָר אָן דעם טהייל פון דעם אינהאלט פון אלטע שריפטען, וועלכער האָט אין זיך ניט קיין איינעם פון דיא פיער סימנים פון אונוואהרהייט און וועל־כער ווערט בעשטעטיגט דורך פערשיעדענע סימנים פון וואהרהייט.

אצינד לאָמיר זעהן, אויב דיא מעשה פון יציאת מצרים, וויא זיא ווערט דערצעהלט אין חומש, איז היסטאָריע?

דיעזע מעשה האָט אין זיך אלע פיער אויסגערעכענטע סימנים פון אונוואהרהייט אלס היסטאָריע. אלס אמונה איז עפּעס אנ־דערש. ווער עס איז גלויביג, דער גלויבט דאָס. אָבער אלס היס־טאָריע, וואָס דער שכל איז מחייב צו גלויבען, קען דיא מעשה פון יציאת מצרים פון חומש ניט גילטען.

אָט לאָמיר בעטראכטען דיא געשיכטע פון חומש וועגען יציאת מצרים, לויט דיא דאָזיגע פיער פונקטען.

דער ע ר ש ט ע ר פונקט איז געווען, אז יעדע אלטע גע־שיכטע, וואָס ווערט דערציילט מיט א זייטיגען צוועק, טראָגט אויף זיך א גרויסען חשד פון ניט־אמת.

נו, דיא גאנצע געשיכטע פון יציאת מצרים שטייט אין חומש בפרוש דערציילט „למען יאמינו“, כדי מען זאָל גלויבען וויא וואונ־דערליך און אלמעכטיג דער אידישער גאָט איז, וויא ער האָט גע־מאכט א בארג אש פון דיא געטער פון אנדערע פעלקער. אזוי וויא עס שטעהט: „ובאלהיהם עשה שפטים“. כמעט אלע געבאָטען פון חומש ווערען אונטערגעשפּארט מיט דיא מעשה פון יציאת מצרים. דו זאָלסט געבען תרומה, צו געדענקען אין יציאת מצרים. דו זאָלסט צאָהלען מעשר, כדי זיך צו דערמאָנען אָן יציאת מצרים. דו זאָלסט פאָלגען דעם כהן, ווייל אזוי האָט געהייסען דער גרויסער גאָט, וואָס האָט דיך ארויסגענומען פון מצרים. אלזאָ, איז דאָס ניט קיין וועלט־ליכע היסטאָריע, בעשריבען גלאַט, כדי עס זאָל בלייבען פערציי־כענט אלס היסטאָריע, נאָר דאָס איז רעליגיאָן, געשריבען מיט דעם צוועק, אָנצומאכען דעם עולם א גרויסע מורא.

דער צ ו ו י י ט ע ר פ ו נ ק ט: איז דיא מעשה פון יציאת מצרים אין חומש געשריעבען אין דער צייט ווען דאָס איז גע־שעהען?

ניין! 800 יאָהר שפעטער האָט א כהן געזאָגט, אז ער האָט עפּעס געפונען אין בית המקדש א „ספר תורת משה“... (מלכים ב, כ"ב). און אין פּסוק אליין שטייט בפרוש, אז הונדערטער יאָה־רען נאָך יציאת מצרים איז דיא געשיכטע נאָך ניט געווען גע־שריעבען, נאָר דאָס איז דערציילט געוואָרען פון מויל צו מויל, פון עלטערען צו קינדער. (אשר ש מ ע נ ו ונדעם, ואבותינו ס פ ר ו לנו).

ד ר י ט ע ר פּונקט: צו איז דאָס ניט געשריעבען איינזיי־טיג? — געוויס! דיא מעשה פון יציאת מצרים איז וועגען א פּאסירונג, וואָס ריהרט אָן אי דיא אידען, אי דיא מצריים, און דאָס דערציילען דאָ, אין חומש, דיא אידען. און אין דיא מעשה קומט אויס, אז דיא אידען זיינען געווען דיא גוטע, דיא אונשולדיגע, דיא קלוגע, דיא גערעכטע, דיא שטארקע, דיא געהאָלפענע, און דיא מצריים האָבען געהאט דיא פינסטערע מפּלה. דער היסטאָ־ריקער זאָגט: א טשיקאווען ווי אזוי דיא מצריים האָבען דער־ציילט דיא מעשה!... מען דארף אויסהערען דעם אנדערן צד!

און עס איז טאקי דאָ א געשיכטע פון אנדערן צד:

עס איז טאקי געווען א מצרי, וואָס האָט דערציילט א גאנץ אנדערע מעשה פון יציאת מצרים. נאָר זיין געשיכטע ווערט אויך נישט אָנגענומען פאר היסטאָרישע וואהרהייט. ער איז אויך גע־ווען א טויזענד יאָהר נאכדעם וויא דיא געשיכטע זאָל האָבען כלומרשט פּאסירט. און ער איז אויך איינזייטיג. אָבער דערציי־לען דערציילט ער דאָס אלס דיא אלטע געשיכטע, וואס איז געבלי־בען, זאָגט ער, ביי דיא מצריים פערשריבען אין אלטע שריפטען פון דיא צייט ווען דאָס האָט פּאסירט.

דער פּארצייטיגער אידישער גענעראל יוסף בן גוריון הכהן דערמאָנט אין זיינע שריפטען דיעזען היסטאָריקער פון מצרים; מ א נ ע ט ה א ס א ב א נ י ט א איז זיין נאָמען.

מאנעטהא סאבאניטאָ איז געווען איינער פון דיא „חרטומי מצרים“, א פּריסטער. ער האָט ארויסגעגעבען, אין תלמי המלך'ס צייטען, דיא געשיכטע פון מצרים אין דער גריכישער שפּראך, אין דריי ביכער. ער האָט ערקלערט, אז דאָס איז לויט אלטע דאָקו־

מיִנטען, אין דיא געהיים־שפּראך פון דיא חרטומי מצרים, וואָס זיינען געווען אויפבעוואהרט ביי דיעזע פּריסטערס, פון דיא עלטסטע צייטען אָן.

און וויא דערציילט ער דאָרטען דיא מעשה פון יציאת מצרים ? (זיין גאנצע היסטאָריע פון מצרים איז פערלאָרען געגאנגען. נאָר דיעזע געשיכטע, מיט אייניגע אנדערע, זיינען געבליעבען אין דיא קראָניקען פון דעם גריכע אייזעביוס ,וואָס האָט געלעבט ארום 1800 יאָהר צוריק).

ער דערציילט אזא מעשה :

א באנדע ארומשלעפּערס, נאָמאדען, פּאסטוכער, — „היק־זאָס" רופט ער זיי — זיינען אָנגעקומען אין מצרים אין הונגער און נויט. דיא גוטע מצריים האָבען דיא פרעמדע אריינגענומען זעהר גאסטפריינדליך און האָבען זיי געגעבען פון כל טוב און זיי אָב־געטהיילט א שטיק לאנד צו וואָהנען.

דיא פרעמדע האָבען אָבער זיך אויפגעפיהרט זעהר שמוציג. זיי האָבען זיך פערמעהרט, זיינען געבליבען צוזאמענגע־פּאקט אין ענגשאפט. צו ארבייטען דיא ערד און קומען צו עפּעס זיינען זיי געווען צו פויל. אין ענגשאפט און אָרימקייט זיינען אויף זיי (אויף דיא אידען גאָר !) געקומען אלערליי מכות, קרעץ, גע־שווירען, אונריינקייט. און זיי זיינען געווען א גרויסע געפאהר פאר'ן לאנד. מען האָט זיך געבעטען ביי זיי, זיי זאלען אויסוואנדערען און זיי האָבען ניט געוואָלט. מען האָט גאָר ניט געקענט פון זיי פּטור ווערען.

ביז דיא מצריים זיינען ארויס פון געדולד, זיינען בעפאלען דיא קרעציגע היקזאָס און זיי ארויסגעטריעבען פון לאנד ביז איי־נעם... דער גרויסער דייטשער דיכטער ש י ל ל ע ר גיט אויך אי־בער דיעזע געשיכטע אין „דיא זענדונג מאָזעס".

וויא געזאָגט, דיעזע פערקעהרטע מעשה פון יציאת מצרים, לויט וויא דער אנדערער צד, דער צד פון דיא מצריים, דערציילט זיא, גילט אויך ניט אלס היסטאָרישע וואהרהייט. ערשטענס, איז דאָס אויך געשריעבען געווארען טויזענדער יאָהרען נאָך דיא צייטען, פון וועלכע דאָס דערציילט : צווייטענס איז דאָס דירעקט

א'ן ענטפער אויף דיא געשיכטע וויא דער אידישער חומש דער־ציילט זיא און מען זעהט פון דעם ארויס דיא פארטייליכקייט פון מצרים'ס צד, פונקט וויא אין דיא מעשה פון חומש זעהט מען ארויס דיא פארטייליכקייט פון אידענ'ס צד.

עס איז פונקט אזוי, א שטייגער, וויא מען זאָל וועלען דיא וואהרע געשיכטע פון דיא פּאָגראָמען אין רוסלאנד ארויסנעהמען פון דיא אָפיציעלע פּראָטאָקאָלען פון דיא רעגיערונג, אָדער פון דיא פערשרייבונגען אין דעם „פנקס" פון דיא פרומע אידישע קהלה.

אין דיא פּראָטאָקאָלען פון דער רעגיערונג וואָלט אויסגעקו־מען אזא מעשה: ניט גענוג וואָס דיא אידען האָבען אויסגעזויגט דאָס רוסישע פאָלק, זיינען זיי נאָך בעפאלען זיי צו מאָרדען. האָ־בען זיך דיא גוטע רוסען אויפגעהויבען צו פערטהיידיגען זיך און האָבען זיך נוקם געווען אָן זייערע שונאים און בלוט־זויגער, דיא זשידעס.

אין אידישען פרומען פנקס וויעדער וואָלט אויסגעקומען אזא געשיכטע: עס איז געקומען א זינדיגע צייט; אידישע קינדער האָבען געמאכט „בונדען" און מורד געווען אין גאָט און אָן מלכות, רחמנא לצלן. האָט גאָט געשטראָפט דיא אידען פאר זייערע זינד און האָט אריינגעגעבען אין הארץ פון דיא רוסען, זיי זאָלען אויף מורד זיין במלכות, און זיי זיינען ארויס און געמאכט הריגות ביי אידען.

וועלכע פון דיאביידע געשיכטען וואָלט געווען היסטאָרישע וואהרהייט? ביידע ניט! ווען דיא צוקונפטיגע היסטאָריקער וואָל־טען ניט געהאט קיין אנדערן קוואל פון וואנען צו שעפּען דיא אמת'ע היסטאָריע, וויא נאָר דיא ביידע קוואלען, דיא פּראָטאָקאָ־לען פון דער רעגיערונג און דיא פנקס'ן פון דיא פרומע אידישע קהלות, וואָלטען זיי נאָר געקענט ארויסנעהמען אלס זיכערע היס־טאָריע איין זאך: אז עס זיינען געווען פּאָגראָמען אויף אידען. דאָס וואָלט געווען זיכערע וואהרהייט, ווייל ביידע עדות, דיא פּראָ־טאָקאָלען און דיא פנקס'ן, מעלדען דאָס גלייך. אָבער וועגען דיא

אורזאכען· און דיא אומשטענדען וואָלט מען דיא וואהרהייט ניט געקענט וויסען.

דער פירטער פונקט איז, אז ניסים־געשיכטען זיינען געווים ניט קיין היסטארישע וואהרהייט, אין יעדען פאל ניט. און וועגען דעם איז דאך שוין גאר ניטא וואס צו ריידען: דיא מעשה פון יציאת מצרים אין חומש איז דאך הוילע ניסים, ניט מעהר וויא „ניסים פון יציאת מצרים".

אלזא, איז פאר דיא היסטארישע וויסענשאפט ביז אהער ניט געווען קיין שום קוואל, פון וואנען מען זאל קענען דערגעהן דעם היסטארישען אמת, וואס איז ווירקליך געווען דיא מעשה מיט דיא אידען אין מצרים?

* * *

אין דיא נייערע צייט אבער האָט מען געפונען קוואלען פון היסטאריע פון פארצייטיגע מצרים — קוואלען אויף וועלכע מען קען זיך פיעל מעהר פערלאזען, וויא אויף דיא געשיכטע וואס מאַנעטהאָ האט געשריעבען, ווייל דיעזע קוואלען שטאמען, קען מען זאָגען, פון „דיא ערשטע האנד", פון דיא צייטען גופא, פון וועלכע זיי מעלדען, און זיי זיינען געווים ניט קיין ענטפער אויף דיא אידישע ערצעהלונג, דען זיי, דיעזע קוואלען, שטאמען פון א צייט און פון מענשען, וועלכע האָבען נאך פון דיא אידישע ערצעהלונג ניט אנגעהויבען צו וויסען, ווייל זיא איז נאך גאר אויף דער וועלט ניט געוועזן.

וואס פאר א קוואלען זיינען דאס?

אין סאנטראל פארק אין ניו יארק, לעבען דיא געביידע פון דעם מיוזעאום אָוו ארט, שטעהט אויפגעשטעלט אן אלטער אויסגעשניצטער שטיינערנער סלופ, א פיער־קאנטיגער, מיט א שפיץ אויבען. דאס רופט מען אן „אָבעליסק". (א גריכישווארט, וואס בעדייטעט: א שפיציגער זייל). דיעזער אָבעליסק איז אויסגעגראבען געווארען פון דר'ערד אין מצרים. ער איז טויזענדער יאהרען אלט. דער כעדיוו (מלך) פון עגיפטען האָט דאָס געשיינקט א מתנה דער שטאדט ניו יארק, אין יאהר 1877.

אויף דעם אָבעליסק קענט איהר זעהן איינגעקריצט אַלערליי משונה'דיגע פיגורען, פויגלאך, שטריכעלעך, קעסטעלאך.

אין מצרים האָט מען אימער געפונען מאסען זיילען, מויערן, געביידעס, שטיינער, טאבליצעס, אויף וועלכע עס זיינען געווען איינגעקריצט אזעלכע פיגורען.

מען האָט אלע מאָל געוואוסט, אז דאָס איז א מין געשריפטס. מען האָט דאָס אָבער גערופען „היראָגליפען"- כתב, דאָס הייסט א געהיים-שריפט. מען האָט געמיינט, אז דאָס איז געווען ניט א געוועהנליכע שריפט, וואָס אלע מענשען האָבען געקענט אויסלערנען צו לעזען, נאָר סמנים, אויף וועלכע נאָר דיא חרטומים, דיא עגיפּטישע גלחים, האָבען זיך פערשטאַנען.

אבער דער פארשענדער גייסט פון היינטיגע צייטען האָט דורך וואונדערליכע המצאות אויסגעפונען צו קענען לעזען דיזען כתב. און היינט קענען דיא געלערנטע דאָס לעזען „ווי א וואסער". איצטער וויס מען אלזאָ, אז דאס איז ניט קיין געהיימע סימנים, נאר פשוט א שריפט וויא אלע שריפטען. אין יענע צייט האָט דאס אין מצרים געקענט לעזען יעדער, ווער עס האָט נאָר געקענט לעזען און שרייבען זייער לשון.

און יעצט גראבט מען כסדר אין מצרים, כדי אויסצוזוכען אזוי פיעל שריפטען אזעלכע, וויא נאר מעגליך. און מען האָט שוין אויסגעגראבען בערג, מען האָט יעצט שוין אויך געפונען גאנצע ביכער געשריעבענע, אויף בלעטער פון פאפּירוס בוים. אין א סך פון דיעזע שריפטען קען מען זעהן גענוי, אין וועלכע צייטען זיי זיינען געשריעבען געווארען. א טהייל פון זיי זיינען שוין אלט 5—6 טויזענד יאהר — טויזענדער יאהרען עלטער וויא תורת משה.

לויט דיעזע שריפטען האָט מען צונויפגעשטעלט א גאנצע היסטאָריע פון מצרים, לויט דיא דאָקומענטען, וואס זיינען ענטשטאַנען ביי דיא מצריים אליין, א סך אין דיא צייטען גופא, ווען דיא פאסירונגען, פון וועלכע זיי דערצעהלען, זיינען געשעהן.

און וואס געפינט מען אין זיי וועגען דיא מעשה מיט דיא אידען און זייער יציאת מצרים?

קיין אידען, אדער עבריים, אדער א'ן עגיפּטישען וואָרט וואס

זאל דאס בעדייטען, איז אין גאנצען ניט דערמאָנט אין דיעזע שריפטען. ווענינסטענס האָט מען דערווייל נאָך ניט געפונען קיין עגיפּטישע שריפט מיט אזא נאָמען אין איהר.

אבער וואס מען האָט יא געפונען איז — געשיכטען וועגען נאָמאדען, פּאסטוכער־שבטים, פון דיא אראבישע מדבריות, וועלכע פלעגען אריינפאלען אין מצרים און האָבען מיט דיא מצריים מלחמות געהאלטען.

אזעלכע מלחמות, צווישען פערשיעדענע נאָמאדען־שבטים פון יענער זייט ים סוף, און דיא מצריים, זיינען געווען ניט איין מאָל, נאר א סך מאָל, אין פערשיעדענע צייטען, אין פערלויף פון הונ־דערטער און טויזענדער יאהרען. אזוי זעהט מען ארויס פון דיא היראָגליפען־שריפטען. אין א טהייל פון דיעזע מלחמות האָבען דיא פּאסטוכער געוואונען און זיי האָבען ארויפגעזעצט זייערען א מלך אויף דעם טהראָן פון מצרים. (אזוי וויא אין דיא מעשה מיט יוסף'ן). אנדערע מלחמות האָבען דיא מצריים געוואונען און זיי האָבען דיא פרעמדע פּאסטוכער פערטריעבען. אייניגע מאָל זיינען דיא פּאסטו־כער געבליבען הערשען איבער דיא מצריים זעהר לאנגע צייטען, מאנכע מאָל הונדערטער יאהרען, ביז דיא מצריים האָבען געמאכט א רעוואלוציע געגען זיי. ווען דיא רעוואלוציע איז געוואונען געוואָ־רען, האָבען דיא מצריים פערטריעבען דיא פרעמדע פּאסטוכער.

מאנכע מאָל האָבען דיא מצריים געוואונען און געוואָלט אויס־קוילענען דיא פּאסטוכער, און זיי זיינען אנטלאָפען פון דיא מצריים.

עס האָט זיך אויך מאנכע מאָל געטראָפען, אז דיא פרעמדע פּאסטוכער זיינען געווען שקלאפען ביי דיא מצריים און זיי האָבען זיך אמאָל פון זייערע הענד ארויסגעריסען.

הכלל, ס'איז ניט געווען איין יציאת מצרים, נאר הונדערטער, אין וויים־פערשיעדענע צייטען. אין פערשיעדענע יאהר־הונדערטע, זיינען מענשען, וואס האָבען געשטאמט פון דיא פּאסטוכער אויף יענער זייט טייך (דיא רועי צאן מעבר הנהר), ארויסגעגאנגען, אמאָל אנטלאָפען, אמאָל ארויסגעטריבען געווארען פון מצרים—וויא דאָס קריעגס־גליק איז אמאָל אויסגעפאלען, — אמאָל אויף דיא זייט פון דיא מצריים, אמאָל אויף דיא זייט פון דיא פרעמדע פּאסטוכער.

איין מאָל ווערט זאגאר דערציילט, אז דיא פאסטוכער האָבען גערופען צו הילף זייערע ברידער, וועלכע האָבען שוין געהאט א מלוכה אין ירושלים. אלזאָ, איז א טהייל פון דיא מענשען־סאָרט, פון וועלכע עס איז דערנאָך געוואָרען דאָס אידישע פאָלק, נאָך געוועזן אין מצרים און געהאט א יציאת מצרים, דעמאָלט ווען א'ן אנדערער טהייל פון זיי האָט שוין געהאט אן אייגענע מלוכה אין „ארץ ישראל".

דיעזע אלטע געשיכטען זיינען דערציילט אין דיא היראאָגליפען שריפטען ניט מיט קיין רעליגיעזען צוועק.

בעריהמעריי, אז דיא מצריים האָבען בעוויעזען גבורות און געהאט נצחונות, איז דאָרטען אויך דאָ, נאטירליך. אָבער אראָב־רעכענענדיג דאָס וואָס עס קען זיין איבערטריבען צוליעב בע־ריהמעריי; ארויסנעהמענדיג אלס היסטאָריע בלויז דיא פונקטען, וועלכע ווערען דערמאָהנט אלס בעוואוסטע זאכען און דערציילט אָהן קונצען, „כמסיח לפי תומו", אזוי, אז עס קען ניט זיין קיין ספק, אז דאָס איז אזוי געשעהען — קריגט מען ארויס פון יענע שריפטען א שטיקעל היסטאָריע וועגען יציאת מצרים, וועלכע צייגט גאָר א גאנץ אנדערע געשיכטע, וויא דער חומש שמות.

פון דיעזע געשיכטען שיינט, אז דאָס אידישע פאָלק איז צו־זאמענגעשטעלט געוואָרען — פונקט וויא אלע פארצייטיגע פעל־קער — פון פערשיעדענע טהיילען, וועלכע זיינען זיך צוזאמענ־געקומען אין זייער לאנד אין פערלויף פון א סך יאָהרהונדערטע. אין שפעטערע צייטען האָבען זיי ניט מעהר געוואוסט גענוי דיא געשיכטע פון זייער צוזאמענקומען זיך, האָבען זיך ביי זיי אויס־געבילדעט לעגענדען וועגען דעם. פונקט אזוי וויא ביי אלע אלטע פעלקער האָבען זיך אויסגעבילדעט לעגענדען וועגען זייער אָב־שטאמונג.

לאָמיר זיך דאָ אָבשטעלען אויף א ווײלע בעטראכטען, וואָס דער שכל הישר זאָגט וועגען דעם, וויא אזוי א פאָלק קען זיך אויסמאָהלען געשיכטען און פאנטאזיעס וועגען זיין אָנפאנג און אָבשטאמונג:

* * *

פראָסטע מענשען ראכט זיך, אז א פּאָר הונדערט יאָהר צו־ריק און פינף הונדערט און אכט הונדערט און טויזענר און א פּאָר טויזענד יאָהר צוריק איז אלץ איין „פארצייטענס"...

ווען מען געפינט, למשל, אין א'ן אלטע אידישע קהלה אין פוילען א גאנץ אלטען „פנקס", וואו עס איז פערשריעבען דיא היסטאָריע, וויא דיא קהלה האָט זיך אָנגעפאנגען, מיינט מען אזוי: דיא קהלה איז א פארצייטיגע, דער „פנקס" איז א פארצייטיגער, שטייט דאָך אין דעם פנקס מסתמא דיא אמת'ע געשיכטע פון דער קהלה. דאָס איז דאָך פערשריעבען געווארען אין יענעם „פאר־צייטענס"!

אָבער אין אמת'ן קען דיא קהלה זיין אלט, למשל, 800 יאָהר און דער פנקס 400 יאָהר. פאר אונז הייסט זיינען שויןביידע „פארצייטיגע". אָבער אין דער צייט, ווען דער פנקס איז געשריעבען געוואָרען, איז דיא קהלה שוין אויך געווען זעהר א פארצייטיגע און איהר אָנפאנגס־געשיכטע איז שוין דעמאָלט געווען פערהילט אין א נעביל פון באָבע־מעשיות פון דער ווייטער דונקעלער פער־גאנגענהייט — מעשיות וואָס „מען האָט זיך דערציילט"; און דער פנקס האָט דאָס דיעזע באָבע־מעשיות — אין זיין צייט שוין זעהר אלטע — אויפגעשריעבען.

ניט אלע אלטע קהלות האָבען פנקס'ן, אָבער אלע האָבען אל־טע באָבע־מעשיות וועגען זייער אָבשטאמונג. א סך האָבען גאנץ פערשיעדענע באָבע־מעשיות, איינע גאנץ אנדערש וויא דיא אנדערע.

דיעזע לעגענדען־מעשיות האָבען נאטירליך קיין שום ווערדע ניט אלס היסטאָריע, סיי ווען זיי זיינען מינדליכע, סיי געשריע־בענע, און דער אמת'ער אָנפאנג פון דיא אלטע קהלות בלייבט א סעקרעט. מען קען קיין מאָל ניט דערגיין אויף ריכטיג פון וואנען דיא ערשטע אידען זיינען אהין געקומען און ווען, אויב מען גע־פינט ניט אויס א'ן אנדער סאָרט היסטאָרישע דאָקומענטען, פון וועלכע מען קען זיך מיט זיכערהייט דרינגען דעם אמת וועגען דעם.

דאָס איז אזוי אפילו מיט היינטיגע אידישע קהלות, וואָס עס איז יעדענפאלס זיכער, אז זיי זיינען ניט טויזענדער יאָהרען אלט,

נאָר הונדערטער, זיי זיינען ניט געגרינדעט געוואָרען אין צייטען פון גאַנץ טיעפע פינסטערניש, נאָר אין צייטען ווען עס איז שוין געווען עטוואָס בילדונג און שריפטען און זאָגאר דרוקעריי; און דאָך וויסען זיי ניט מעהר דעם אמת וועגען דעם, וויא זיי זיינען געקומען אין זייער שטערטעל אריין און וואָס מיט זייער קהלה האָט א מאָל פאַסירט. און דיא אייגענשאַפט צו וואונדערען זיך איבער דעם וואָס איז דונקעל און ניט אויפגעקלערט — דיעזע אייגענשאַפט בעשאַפט געוועהנליך אין דער פאַנטאַזיע וואונדערליכע מעשיות. מאַנכע מאָל איז אין אזוינע מעשיות דאָ א קערענדעל אמת, ארומ־געוועבט מיט א געוועבעכטס פון פאַנטאַזיעס.

טאָ וויפיעל מעהר איז נאָך דאָס אזוי מיט דיא געשיכטע וועגען דיא אָבשטאַמונג פון א פאָלק, וואָס איז שוין אלט טויזענדער יאָהרען און איז געגרינדעט געוואָרען אין דיא גרוי־אַלטע צייטען פון דיא טיעפסטע אונקולטור! — דאָ איז דאָך געוויס דיא אָב־שטאַמונגס־געשיכטע גאַנץ דונקעל און וועגען דעם בעשאַפט געוויס דיא פאַנטאַזיע אַלערליי וואונדערליכע לעגענדען.

אַלע פאַרצייטיגע פעלקער האָבען טאַקע אזעלכע לעגענדען וועגען זייער אָבשטאַמונג, א טהייל אויךְ אַלטע אויפגעשריעבענע. אין דיא ערנסטע היסטאָריעס ווערען דיעזע לעגענדען דערמאָנט, אָבער עס איז געזאָגט, אז דאָס איז ניט היסטאָריע, נאָר לעגענדע.

נאָר מאַנכע מאָל שטעקט א פינטעלע אמת אין אזעלכע לע־גענדעס.

אויך אין דיא לעגענדע פון חומש וועגען יציאת מצרים שטעקט א'ן אמת. און יעצט קעהרען מיר זיך צוריק צום פונקט:

* * *

ארומוואַנדערענדע שבטים, סעמיטישע פאַסטוכער, נאָמאַדען, בעדואינען פון דיא אַראַבישע וויסטענישע זיינען, אין פערלויף פון הונדערטער יאָהרען, אריינגעוואַנדערט אין לאַנד כנען.. ניט אין איין וואַנדערונג, נאָר ווער ווייסט אין וויפיעל וואַנדערונגען. א טהייל פון זיי זיינען פריהער געווען אין מצרים, ניט איין מאָל, נאָר א סך מאָל, אין פערשיעדענע יאָהרהונדערטע, יעדעס מאָל א'ן אנדערע „פאַרטיע". מיט דער צייט האָבען זיך פון דיעזען

סאָרט מענשען אַנגעקליעבען אין לאנד כנען פערשיעדענע שבטים. גאָר שפּעטער האָבען זיי זיך פעראייניגט צו א גאנץ פאָלק. אין נאָך שפּעטערע צייטען האָבען זיי ניט מעהר געוואוסט דיא געשיכטען פון זייער צוזאמען־קומען זיך. האָבען זיך ביי זיי אויסגעבילדעט לעגענדען וועגען דעם.

הונדערטער יאָהרען האָבען זיך דיעזע לעגענדען געוועבט און געפלאָכטען אין דיא פאנטאזיעס, און זיי זיינען דערציילט געוואָרען בלויז מינדליך. אין דיעזע פאנטאזיעס זיינען צונויפגעשמאָלצען געוואָרען דיא פערשיעדענע געשיכטען פון פערשיעדענע מלחמות צווישען דיא פיעלע פארטיעס סעמיטישע נאָמארען און דיא מצריים, אין פערשידענע יאהרהונדערטע — דיא געשיכטען, וואָס זיינען געבליבען אונקלאָהר אין דער עראינערונג, „בקבלה“ פון מויל צו מויל. אזעלכע זאכען צופלאָנטערען זיך אין פערלויף פון צייטען. פערשיעדענע פאקטען, פון צייטען הונדערטער יאָהרען ווייט איינע פון דיא אנדערע, פלאָנטערן זיך צונויף אין איין געשיכטע, אזוי וויא דאָס וואָלט אלץ געוועזן אין איין צייט. און דיא פאנטאזיע לייגט יעדעס מאָל צו א וואָרט, ביז עס ארבייטען זיך אויס מיט דער צייט גאנץ נייע געשיכטען דערפון, געוועהנליך מיט ניסים.

ענדליך, נאָך א סך הונדערטער יאָהרען, ווען דאָס איז שוין געוועזן א ווייט־ווייט פערגאנגענער „פארצייטענס“, האָט מען דיעזע געשיכטען, לויט וויא זיי האָבען זיך מיט דער צייט אויסגעפלאָכטען, פערשריעבען אין א „פנקס“. דאָס איז דער ספר שמות.

און א העכסט וויכטיגער קולטור־היסטאָרישער אמת שטעקט אין דעם, — א שטיק קולטור־געשיכטע פון דער מענשהייט, — א וויכטיגער קאפּיטעל געשיכטע פון א'ן ארט „קלאסען־קאמפּף“ צווישען א'ן עלטערע קולטור־שטופע און א נייערע.

און אָט וואָס דאָס איז:

אין דיא פארצייטיגע לעגענדעס כמעט פון אלע פעלקער געפינען זיך מעשה'לאך וועגען בלוטיגע געשלעגען צווישען פאסטוכער און פעלד־ארבייטער.

אין חומש געפינט זיך דאָס שוין וועגען „דיא ערשטע צוויי

ברידער" אויף דער וועלט, קין מיט הבל'ן. הבל איז געווען א פאסטוך, קין איז געווארען א פעלד־ארבייטער. האָבען זיי זיך צו־קריעגט און קין האָט דער'הרג'עט הבל'ן.

לאפארג ברייננגט א'ן אלטע לעגענדע פון דיא סקאנדינאוויער (פון דיא צייט ווען זיי האָבען נאָך גאָר ניט געוואוסט פון חומש). דיעזע לעגענדע דערצעהלט אויף פון צוויי ברידער, איינער א פאס־טוך, דער אנדערער א פעלד־ארבייטער. דער פאסטוך האָט אריינ־געטריעבען זיינע שעפסען אויף זיין ברודער'ס בעארבייטעטען פעלד. האָט דער ברודער אָנגערייצט זיין הונד אויף דיא שעפסען און ער האָט זיי צוביסען און צוריסען. איז ארויסגעקומען א מחלוקה צווישען דיא צוויי ברידער און ברודער־בלוט האָט זיך געגאָסען. א לידעלע זינגט דארויף א קלאָג־געזאנג, וואָס א ברו־דער האָט פערגאָסען א ברודערס בלוט.

אין דיעזע פאנטאזיעלאך פון פערשיעדענע אלטע פעלקער האָ־בען דיא פארצייטיגע מענשען־קינדער, דיא קינדער־מענשען, אויף זייער קינדערשען אופן אויסגעפּאָרמעוועט פאנטאסטיש דעם בעגריף פון א לאנגען, ביטערען קאמפף צווישען צוויי קולטור־שטופען אין דיא געשיכטע פון דיא מענשליכע ענטוויקלונג — א קלאסען־קאמפף צווישען א'ן אלטען קלאס מענשען, מיט אלטע מיטלען פון בעשאפען זיך שפייז, און א נייעם קלאס מענשען מיט א נייעם מין שפייז־פּראָדוקציאָן.

אלע פאָרשונגען אין דער ענטוויקלונג פון דיא מענשהייט צייגען, אז פריהער זיינען מענשען געווען צוגעקומען צו דיא שטו־פע פון פאסטוכער. זיי האָבען זיך אויסגעלערנט צוגעוויינען גע־וויסע ווילדע בהמות צו ווערען געטאמעוועט, אז זיי זאָלען זיך ניט צולויפען אין סטעפּעס און זיי זאָלען זיך לאָזען פיהרען פון דיא מענשען. פון דיעזע בהמות האָבען דיא מענשען געהאט מילך, פוטער, קעז, וואָל, פלייש, און פון דעם האָבען דיא מענשען געלעבט.

ווען דיא מענשען זיינען געווען בלויז אויף דיעזע שטופע, האָבען זיי נאָך ניט געוואוסט פון בעארבייטען דיא ערד און ארויס־ציהען ברויט. דעריבער האָבען זיי אויך ניט געוואוסט פון האלטען

א שטיק וועלט אלס „זייער" לאנד. ערד־איינגעטהום האָט פאר זיי קיין שום ווערדע ניט געקענט האָבען. אזוי ווי דער ים הגדול איז קיינעמס ניט און איז אלעמענס, אזוי איז ביי זיי געווען דיא ערד.

זיי זיינען ניט געזעסען אויף קיין פלאץ. ווייל זיי האָבען געמוזט וואנדערן פון אָרט צו אָרט, זוכען בעוואקסענע לאָנקעס צו פאשען זייערע בהמות. ווען דיא בהמות האָבען אָבגעפרעסען דיא גראָז אויף איין אָרט, האָט דער גאנצער שטאם פאסטוכער פונאנדערגענומען זייערע פאלאטקעס (אזוי וויא אין פסוק שטייט: „ויעתק אהלו") און אוועקגעוואנדערט מיט דיא בהמות זוכען א'ן אנדערען אָרט, א בעוואקסענעם.

אזעלכע מענשען רופט מען „נאָמאדען". אין דעם געדעכניס פון דיא פארצייטיגע אידען איז געבליעבען שטארק איינגעקריצט, אז זייערע אבות זיינען געווען אזעלכע נאָמאדען. זיי האָבען דאָס דייטליך אויסגעדריקט אין זייערע לעגענדען וועגען דעם לעבען פון זייערע אבות, אברהם, יצחק ויעקב. זייער לעבען איז געגוי געשילדערט אלס א נאָמאדען־לעבען.

וויא זיי איז געווען גאנץ פרעמד דער בעגריף פון ערד־אייגענטהום, קען מען זעהן פון דיא מעשה מיט אברהם און לוט: ווען זייערע פאסטוכער האָבען זיך צוקריעגט, האָט אברהם געזאָגט צו לוט'ן: „דיא גאנצע וועלט איז דאָך פריי פאר דיר, נעהם דיר און געה דיר"!

אזעלכע מענשען האָבען נאטירליך ניט געבוים קיין שטעדט, ניט ענטוויקעלט קיין קונסט, קיין בילד־שניצעריי, קיין מאהלעריי. קיין ארכיטעקטור. דערפאר האָבען זיי געהאט פיעל מעלות פון פרייע נאטור־מענשען.

אין דיא געגענדען, פון וואנען דער חומש זאָגט, אז דיא אידענס אבות קומען — אין אראביען און קליין־אזיען בכלל — לעבען נאָך היינט אזעלכע מענשען־שטאמען. זיי זיינען פון איין מין מענשען מיט דיא אידען. זייער לשון איז זעהר שטארק גליך צו „לשון קודש". דאָס זיינען דיא אראבישע בעדואינען.

אזוי האָבען אמאָל, אמאָל, געלעבט דיא „אבות אבותינו" פון אלע ציוויליזירטע מענשען.

מיט דער צייט האָבען זיך א טהייל פון זיי אויסגעלערנט דיא קונסט פון בעארבייטען דיא ערד און ארויסציהען ברויט פון איהר. ביי דיזע מענשען האָט זיך דאן אלץ געביטען, דורך דעם וואָס זייערע עקאָנאָמישע אומשטענדען זיינען געוואָרען אנדערע.

קודם כל איז ביי זיי אויפגעקומען לאנד־אייגענטהום פון שטאַם. דיא ערד, אין וועלכע זיי האָבען אריינגעלייגט זייער פּראַצע, איז ביי זיי געוואָרען וויא א שטיק פון זייער גוף. מיט אויגען פון בלוטיגע שונאים האָבען זיי געקוקט אויף דיא, וואָס האָבען ווייטער געוואָלט פריי וואנדערען איבער זייערע פעלדער, דיא בעאקערטע און בעזייעטע.

דיזע מענשען האָבען דאן גענומען בויען פעסטע הייזער, שטעדט. עס האָט זיך ביי זיי ענטוויקעלט א קולטור און אלערליי קונסטען. זייער גאנצער בעגריף פון דער וועלט איז געוואָרען א׳ן אנדערער.

און צווישען דעם אלטען סאָרט מענשען און דעם נייעם איז געוואָרען א ביטערער האס און בלוטיגע מלחמות.

דיא נאָמאדען האָבען קודם גאָר ניט געקענט פערשטיין, וואָס הייסט דאָס עפּעס מענשען זאָלען זיך אָבצאמען א שטיק פון גאָטס וועלט און זאָגען „דאָס איז אונזער, דאָ ווילען מיר אייך ניט אריינלאָזען זוכען פּאשע פאר אייערע בהמות"? — דורך דעם אליין איז שוין ארויסגעקומען בלוטיגע מלחמות צווישען דיא צוויי סאָרטען מענשען. און דיא מלחמות האָבען זיך אלץ מעהר ענטוויקעלט. עס איז געוואָרען פון זיי סתם רויבערייען און אונטערדריקונגען. אמאָל האָבען געוואונען פּאסטוכער און זיי האָבען איינגענומען א שטיק לאנד פון פעלד־ארבייטער און זיינען געוואָרען דיא בעהערשער פון דעם לאנד. אמאָל האָבען פעלד־ארבייטער געוואונען און געפאנגען דיא פּאסטוכער פאר שקלאפען.

אין אלע לענדער פון דער וועלט זיינען געווען אזעלכע מלחמות. פיעל טויזענדער יאָהרען האָבען זיי געדויערט. דיזע מלחמות. — אָט דיזע שטיק קולטור־געשיכטע, — דיזע שטיק קלאסען־

קעמפפע צווישען דיא מענשען פון א'ן אלטען עקאָנאָמישען צו־שטאנד און מענשען פון א גייעם, — איז דער קערענדיל אמת אין דיא מעשה פון יציאת מצרים. ארום דיעזען קערנדיל האָט דיא לעגענדע ארומגעוועבט די גאנצע וואונדער־געשיכטע.

דיא אבות פון דיא אידען זיינען געוועזן פון דיא בעדואינען־שטאמען, דיא נאָמאדען, וואָס געפינען זיך נאָך היינט „מעבר הנהר", אויף יענער זייט טייך (דעם זועץ־גאלף און רויטען ים) פון מצרים. זייערע שכנים אויף דיעזער זייט טייך, דיא מצריים זיינען געוועזן פעלד־ארבייטער. זי־ האָבען געהאסט דיא פאסטו־כער, ווייל זיי האָבען געהאט מיט זיי אייביגע מלחמות. אין חומש שטייט אויך: „כי תועבת מצרים כל רועי צאן", דיא מצריים האָ־בען געהאסט אלע פאסטוכער.

א סך קעמפפע זיינען געוועזן צווישען דיאביידע מענשען־סאָרטען און פיעלע מאָל „יציאת מצרים", וויא אויבען גערעדט.

אין זייער נייע לאנד זיינען דיא בעדואינען אליין געוואָרען ערד־ארבייטער. ד י א פ אָ ר ט ש ר י ט ל י כ ע ק ו ל ט ו ר־ש ט ו פ ע ה אָ ט נ ע ז י ע ג ט !

נאָר אין זייער עראינערונג איז געבליבען דער בעגריף, אז הייליג איז הבל, דער פאסטוך. איהם האָט גאָט ליעב. ווען משה איז געוועזן א פאסטוך, האָט זיך גאָט צו איהם בעוויזען. פיר א מלך איבער אידען האָט גאָט געמאכט דוד'ן, דעם פאסטוך. און קין, דער ערד־ארבייטער, איז דער פערשאָלטענער ברודער־מערדער...

דען דער אונציווילעזירטער מענש שטעלט זיך אלע מאָל פאָר, אז דער „אמאָל" איז געוועזן הייליג...

א זיכערער בעווייז, אז דיא מעשה פון יציאת מצרים, וואָס ווערט דערציילט אין חומש, איז ניט קיין פעסטע היסטאָריע (פונקט וויא עס איז ניט פון גאָט), נאָר עס איז א צונויפגעשטו־קעוועטע געשיכטע פון א סך פאָלקס־לעגענדען — א זיכערער בע־וועיז אויף דעם איז דער פאקט, דאָס דער חומש וויעדערשפרעכט זיך און צופלאָנטערט זיך אין בעצוג אויף דיא פראגע, וויא לאנג אידען זיינען געוועזן אין מצרים.

II.

## וויא לאנג זיינען אידען געווען אין מצרים?

אין חומש שטייט, אז ווען גאָט האָט זיך בעוויעזען צו אברהם אבינו, האָט ער איהם נביאות געזאָגט אָט אזוי:

„דו זאָלסט וויסען, אז פרעמדרע וועלען זיין דיינע קינדרס-קינדער אין א לאנד וואָס איז ניט זייער. און מען וועט זיי האלטען פאר שקלאפען און זיי פייניגען פיער הונדערט יאָהר. און איך וועל אויך משפּט'ען דאָס פאָלק, ביי וועמען זיי וועלען זיין שקלאפען; און דערנאָך וועלען זיי ארוים מיט א גרויסען פערמעגען". (בראשית ט"ו, י"ג.)

און שפּעטער, וואו עס שטייט בעשריעבען וויא דיא אידען זיינען ארויסגעגאנגען פון מצרים, שטייט ווידער אזוי:

„און דיא צייט וואָס דיא קינדער פון ישראל זיינען אָבגעזעסען אין מצרים האָט געדויערט פיער הונדערט און דרייסיג יאָהר. און עס איז געווען צו ענדע פיער הונדערט און דרייסיג יאָהר, און עס איז געווען אין דעם זעלביגען טאָג, זיינען אלע מחנות פון יהוה ארויסגעגאנגען פון לאנד מצרים".

וואו עס שטייט אז יעקב איז אריינגעקומען מיט זיינע זיבציג קינדער און קינדס-קינדער קיין מצרים, איז צווישען זיי שוין אריינגעציילט זיין אייניקעל קהת אויך, דער זוהן פון לוי. ווייטער שטייט בפרוש אין חומש אזוי:

קהת האָט געלעבט — — — — — — — 133 יאָהר

זיין זוהן עמרם האָט געלעבט — — — — — 137 „

עמרם'ס זוהן משה איז אלט געווען ווען ער

איז געקומען צו פּרעה'ן — — — — — — — 80 „

איז בסך הכל — — — — — 350 „

דאָס איז רעכענענדיג אַלע יאָהרען וואָס קהת האָט געלעבט און אַלע יאָהרען וואָס עמרם האָט געלעבט און דיא 80 יאָהר פון משה׳ס לעבען ביז יציאת מצרים.

אַלזאָ, ווען מען זאָל אפילו אַננעהמען, אז קהת איז געווען נאָר־וואָס געבוירען געווארען ווען ישראל מיט זיינע קינדער זיי־נען אריינגעקומען קיין מצרים, און אז עמרם איז געבוירען געוואָ־רען דעם לעצטען יאָהר פון זיין פאָטער קהת׳ן, און משה — דעם לעצטען יאָהר פון זיין פאָטער עמרם׳ען, קען מען אַלץ דיא צייט פון דעם טאָג וואָס קהת איז אריין אין מצרים ביז דעם טאָג וואָס זיין אייניקעל משה האָט דיא אידען פון דאָרט ארויסגעפיהרט — קען מען דאָס אַלץ ניט פונאנדערציהען אויף מעהר וויא אויף דיא גאנצע 133 און 137 און 80 יאָהר, צוזאמען 350. טאָ וויא קען זיין וואָס עס שטייט אין דעם אייגענעם חומש, אז דאָס האָט גדויערט 430 יאָהר ?

נאָר דאָס איז נאָך אויך ניט גענוג. גערענקט, אז עס שטייט, אז גאָט האָט געזאָגט אברהם׳ען, אז זיינע קינדס־קינדער ו ו ע ט מ ע ן ה א ל ט ע ן פ י ר ש ק ל א פ ע ן א ו ן ז י י פ י י נ י ג ע ן פיער הונדערט יאָהר אין א פרעמדע לאַנד. ניט גלאַט זיי וועלען וואָהנען אזוי לאַנג אין א פרעמדע לאַנד, נאָר שקלאפען וועלען זיי דאָרט זיין אזא צייט און פייניגען וועט מען זיי.

נו, שטייט אָבער אין חומש בפרוש, אז פאר שקלאפען האָט מען דיא אידען ערשט געמאכט און צו פייניגען האָט מען זיי ערשט אָנגעהויבען נאכדעם וויא יוסף איז שוין געווען טויט און פערגעסען.

און אין מדרש שטייט אויך גאנץ בפרוש: „כל זמן יוסף האָט געלעבט, האָבען דיא אידען ניט געהאט אויף זיך קיין שום יאָך פון מצרים". (תנחומא שמות).

ניט נאָר וואָס זיי זיינען קיין שקלאפען ניט געווען אין מצרים ביי יוסף׳ס לעבען — פריצים זיינען זיי געווען! עס שטייט דאָך בפרוש, אז ביי יעקב׳ס לויה האָט פרעה׳ס קעניגליכער הויף איהם געמאכט אזא גרויסארטיגע לויה, אז דיא פרעמדע פעלקער האָבען דאָס געהאַלטען פאר א „געוואלדיגען טרויער פון מצרים". (בראשית

נ. י"א) בפרוש שטייט דאָך גאַנץ דייטליך, אז ערשט ווען עס איז אויפגעשטאַנען א נייער מלך, וואָס האָט יוסף'ן אפילו ניט גע־קענט, האָט מען אָנגעהויבען ישראל'ס קינדער איינצושפּאַנען אין שקלאַפעריי און זיי צו פּייניגען.

טאָ לאָמיר זעהן א חשבון, וויפיעל יאָהר האָט דאָס געמוזט זיין נאָכדעם וויא דיא קינדער פון ישראל זיינען אריינגעקומען קיין מצרים:

ווען יוסף איז געוואָרען א מלך, בשעת ער האָט פרעה'ן פּותר חלום געווען, שטייט, איז ער אַלט געווען דרייסיג יאָהר. דעמאָלט האָט אַלזאָ געדאַרפט זיך אָנהויבען זיעבען פעטע יאָהרען און זיע־בען מאָגערע יאָהרען.

נאָכדעם וויא עס איז געווען צוויי מאָגערע יאָהר, שטייט, זיי־נען דיא קינדער ישראל אָנגעקומען קיין מצרים (בראשית מ"ה ה'.)

אַלזאָ, איז דאָס געווען זיעבען פעטע יאָהרען און צוויי מאָ־גערע — 9 יאָהר נאָכדעם וויא יוסף האָט פרעה'ן פּותר חלום גע־ווען, דאָס הייסט, נאָכדעם וויא ער איז געווען 30 יאָהר אַלט.

וויא אַלט איז זשע געווען יוסף ווען דיא קינדער ישראל זיי־נען אריינגעקומען קיין מצרים? 39 יאָהר.

אין גאַנצען געלעבט האָט יוסף, שטייט, 110 יאָהר (בראשית נ. כ"ו).

זיינען אַלזאָ דיא אידען אָבגעזעסען אלס פּריצים אין מצרים, ניט וויסענדיג נאָך פון קיין שקלאַפעריי און פון קיין פּיין — וויינגסטענס 71 יאָהר, ביז יוסף'ס טויט.

וויפיעל, האָבען מיר געזעהן, קען מען העכסטענס ארויס־קריעגען יאָהרען וואָס אידען זיינען אין גאַנצען אָבגעזעסען אין מצרים? 350! גייט אראָפּ דערפון 71 יאָהר, וואָס זיי זיינען גע־ווען דאָרטען פּריצים, בלייבט „שקלאַפעריי און פּייניגונג" ניט מעהר וויא העכסטענס 279 יאָהר.

און גאָט, שטייט, האָט געזאָגט אברהם'ען, אז זיינע קינדער וועלען זיין אין שקלאַפעריי און פּייניגונג 400 יאָהר!

דיא מדרשים ווילען דאָס אויס'דרש'ענען, אז דאָס מיינט מען 400 יאָהר פון יצחק'ן אָן. אָבער וויא קען ישראל'ס פּאָטער זיך רע־

כענען צווישען „ישראל'ס קינדער"? עס שטייט דאָך בפרוש, אז „ישראל'ס קינדער" זיינען אָבגעזעסען אין מצרים 430 יאָהר!

אויך קען מען דאָך זעהן בפרוש, אז ניט יעקב און ניט זיינע קינדער ביז נאָך יוסף'ס טויט זיינען ניט געווען קיין שקלאַפען ביי קיינעם און ניט געפייניגט געוואָרען.

הכלל, עס העלפט ניט, עס איז דייטליך, אז וויא לאנג אידען זיינען אין אמת'ען געווען אין מצרים האָבען דיא וואָס האָבען גע־שריעבען דעם חומש אויף קלאָר ניט געהערט דערציילען...

און דאָס איז קיין וואונדער ניט. אין דיא מעשה פון יציאת מצרים אין חומש איז צונויפגעפלאָנטערט דאָס וואָס עס איז גע־בליעבען אין געדעכנים ביי אידען וועגען ווער ווייס וויפיעל פער־שיעדענע יציאת מצרים'ס פון ווער ווייס וויא ווייט פערשיעדענע יאהרהונדערטע. —

א ביישפיעל וויא אין פאָלק קען זיך צוזאמענפלאָנטערען מעשיות פון ווייטע פערשיעדענע צייטען איז דער פאקט, דאָס ביי אידען למדנים דערציילט זיך א מעשה וועגען א געוויסע אָבמאַ־כונג צווישען דעם רמב"ם „מיט זיין רבי'ן אריסטאָטלעס". זיי ווייסען נאטירליך ניט אז אריסטאָטלעס האָט געלעבט סך הכל זעכצעהן הונדערט יאָהר פאר דעם רמב"ם!

ווען דיעזע געשיכטע זאָל היינט ווערען אויפגעשריעבען, ווער זיא אויך אין דריי טויזענד יאָהר ארום זיין א'ן אלטע הייליגע שריפט פון דריי טויזענד יאָהר...

* * *

דאָס איז וואָס דיא היסטאָרישע פאָרשונג האָט צו זאָגען וועגען דיא מעשה פון יציאת מצרים אלס „וועלט־געשיכטע".

יעצט וועלען מיר בעטראכטען וואָס דיא נאטור־וויסענשאפט האָט צו זאָגען וועגען דיא ניסים פון יציאת מצרים.

III.

## דיא ניסים פון יציאת מצרים.

דיא משכילים פון „בויך־סברות“ — דיא ביליגע אפיקורסים׳־לעך, וואָס טראכטען זיך אליין אוים זייערע „פרייע געדאנקען“ פון זייערע אייגענע טרעפעכטסען — האָבען ליעב צו טרעפען, אז אלע ניסים־געשיכטען זיינען געווען „שווארצע קונצען“ פון שווינדלער. אָדער, ווען דיעזע טרעף־משכילים זיינען אביסעלע וויינציגער אפיקורסיש, טרעפען זיי גאָר, אז דיא ניסים זיינען געמאכט געוואָרען מיט נאטור־וויסענשאפטליכע קענטנים, און מען האָט „געמיינט“ מיט זיי צו ווייזען דיא גבורות פון דער נאטור...

דאָס איז אלץ פוסטע בויך־סברות. ניט אזוי גרינג קומט אָן צו דערגיין דעם אמת וועגען קולטור־היסטאָרישע ערשיינונגען. דער גלויבען פון אלע פעלקער פון דער וועלט אין ניסים איז א קולטור היסטאָרישע ערשיינונג. און דעם אמת וועגען דעם, פון וואַנען דאָס קומט, האָבען גרויסע קעפּ געזוכט מיט שווערע און ביטערע פאָרשונגס־פראצע.

און וואָס האָבען זיי געפונען? זיי האָבען געפונען, אז נאר זעהר ווייניג ניסים־געשיכטען קומען פון „קונצען“, וואָס מען האָט ווירקליך „געמאכט“. דאָס רוב ניסים־געשיכטען ביי אלע פעלקער פון דער וועלט (אזוי וויט וויא דיעזע געשיכטען זיינען ניט סתם באָבע מעשיות, פאנטאזיע־פרוכטען) קומען פון נאטור־פּאַסירונגען, וועלכע האָבען צופעליג געטראָפען אזוי, אז מענשען האָבען פון זיי געהאט א נוץ אָדער שאדען, דאן האָבען זיי דאָס ערקלערט אלס א הילף אדער שטראָף דורך א נס צוגעשיקט פון גאָט.

אָט לאָמיר בעטראכטען, פאר א ביישפּיעל, דאָס „ש פּ א ל־ט ע ן ד עם ים“:

אין יאָהר 1738, ווען דיא רוסען האָבען מלחמה געהאלטען מיט דיא טירקען ביי קרים, האָבען דיא רוסען געהאט נאָר איין וועג צו צוקומען צו דיא טירקען, און דאָס איז געוועזן דורך דעם איסטמוס (ענגער פּאס יבשה) פּערעקאָפּ. אויף דעם איסטמוס האָבען אָבער דיא טירקען געהאט שטארקע פעסטונגען, וועלכע דיא רוסען האָבען בשום אופן נישט געקענט איינגעהמען.

דיא רוסען האָבען געפּרופט אריבער דיא פּוטריד זעע, ביי דעם צפון־מערב׳דיגען ווינקעל פון דעם אזאָווען ים. עס איז אָבער געווען אונמעגליך אריבערצוגעהן.

איין טאָג איז געווען א מעכטיגער שטורם־ווינד, האָט דער ווינד אוועקגעטראָגען דאָס וואסער פון דעם פּוטריד טייך און עס האָט זיך געמאכט אויף א פלאכען פּלאַץ א׳ן אָפענע יבשה אריבערצוגעהן. מיט דיעזען נאטור־צופאל האָבען זיך בענוצט דיא רוסען און זיינען אריבער דעם טייך.

דער ענגלישער מאיאָר גענעראל טולאָק האָט געזעהען טאקע אין א שטיק פון דעם ים סוף אין מצרים, אויף דעם טייך מענזאלעה, ביין אריינגאנג פון דעם זועץ קאנאל, וויא א שטארקער מזרח־ווינד (רוח קדים עזה) האָט געמאכט טרוקען דעם טייך אויף א שטרעקע פון זיעבען מייל, אוועקבלאָזענדיג דאָס וואסער אויף איין זייט. (דזשורנאל אָוו וויקטאָריא אינסטיטוט״, יאָהרגאנג 28, זייטע 267).

ווען אזא צופאל האָט אמאָל פּארצייטענס פּונקט געטראָפען ווען א פאָלק האָט זיך דערמיט געקענט בעהעלפען זיך צו רעטען פון דעם שונא, איז דאָס פאָלק געווען זיכער, אז דאָס איז א נס פון זיין נאציאָנאל־גאָט. און הונדערטער און טויזענדער יאָהרען האָט מען זיך דאָס אנדערציילט, מיט פּעק צוגעטראכטע באָבע־מעשיות צוגאָב, ביי דיא קינדס־קינדער פון דעם פאָלק.

דאָסזעלבע וועלען מיר געפינען וועגען דיא „עשר מכות״:

## 1. — דם.

פאָרשונגס־רייזענדע אין מצרים דערציילען, אז פון יוני ביז אויגוסט ענדערט דאָס וואסער פון טייך נילוס דיא קאָליר. פריהער

ווערט עס גרין, דערנאָך ווערט עס רויטלעך, עהנליך צו בלוט. דיא גרינע פארבען קומען פון געוויקסען, וואָס פערמעהרען זיך שטארק אין דעם טייך.

דער פאָרשער עהרענדאָרף שרייבט אין דיא נאטור־וויסענ־שאפטליכע „אנאלען", אז דיא רויטקייט קומט פון א פיצעלאָטינקע חיה'לע, „ספעראָפלעא אנניליעא", וועלכע פערמעהרט זיך אמאָל אין וואסער אזוי געוואלדיג, אז דער גאנצער טייך ווערט פול דער־מיט און עס קריעגט א בלוטיגע פארב.

אזעלכע ערשיינונגען — אז א טייך קריעגט פלוצלונג א'ן אנדער קאָליר — קומען פאָר מאנכע מאָל אומעדום. א. מעקעלים־טער (פון וועמען מיר נעהמען דאָס אלעס) שרייבט, אז ער האָט אליין געזעהן אין פעניקס פארק, אין דובלין, איירלענד, וויא דיא טייכעלע איז רויט געווארען, דורך דיא געוואלדיגע פערמעהרונג פון געוויסע מיקראָבען אין איהר.

דער טייך נילוס איז געוועזן א הייליגער ביי דיא מצריים און זיי האָבען זיך אָנדערציילט וועגען איהם געננוג ניסים. אין איינע פון זייערע עלטסטע שריפטען ווערט דערציילט, אז איין מאָל איז דיא וואסער פערוואנדעלט געווארען אין האָניג. דאָס דערציילען זיי פון ארום 3000 יאָהר פאר דיא צייט ווען דיא אידישע מעשיות זאָגען, אז עס איז געוועזן „יציאת מצרים".

פון דיא נאטירליכע ענדערונגען אין דיא קאָליר פון דעם הייליגען טייך האָבען זיך אין דיא פאנטאזיע געבילדעט דיא אלער־ליי ניסים־מעשיות.

## 2. — צ פ ר ד ע.

א סך פארצייטיגע געשיכטען ביי אלע אומות דערציילען פון א'ן אָנפאל פון זשאבעס אויף א שטאָדט אָדער לאנד. דער אלטער גריכישער שרייבער אטענעאוס דערציילט, אז אין דיא שטעדט פעאָניא און דארדאניא זיינען אמאָל פלוצלונג אָנגעקומען אזוי פיעל זשאבעס, אז דיא איינוואָהנער האָבען געמוזט אנטלויפען.

אין דעם „בוך אָוו אָדריטיעס" (בוך פון משונה'דיגע פאסי־

רונגען) פון ענדריו וואָס איז ארויס אין יאָהר 1892, זיינען דער־ציילט א סך פאקטען וועגען מערקווירדיגע פלוצלינגדיגע ערשיי־נונגען פון אונגעהויערע מאסען זשאבעס אויף איין אָרט. דער רייזענדער האגגארד האָט אליין געזעהן אזעלכעס ערשט מיט עט־ליכע יאָהר צוריק טאקי אין מצרים. ער בעשרייבט דאָס אין זיין בוך „אָנדער קרעסענט ענד סטאר“, 1895. (זייטע 279).

אזוי גוט וויא עס טרעפט אמאָל א בעזונדערס שטארקע פער־מעהרונג פון וואנצען אין בעט, קאקרואָטשעס אין קיך, מייז אין דיא וועגט א. ז. וו., אזוי טרעפט זיך אמאָל א געוואלדיגע פער־מעהרונג פון זשאבעס.

פון אזעלכע נאטור־ערשיינונגען קומט דיא מעשה פון דעם זעהר פארצייטיגען גריכישען שרייבער אָפּיום, וועלכער דערציילט, אז דאָס פאָלק פון אנטאַרעיא האָבען אמאָל בעליידיגט דעם גאָט אפּאָלאָ, האָט ער אויף זיי אָנגעשיקט א שרעקליכע מאסע זשאבעס, וועלכע זיינען אויסגע׳פגר׳ט און דערמיט פערשטונקען דיא וואַ־סערן און פערפעסטעט דיא לופט, און דיא איינוואָהנער האָבען געמוזט אנטלויפען.

## 3. — כינים.

שפּראך־פאָרשער בעווייזען, אז דאָס וואָרט „כינים“ האָט ניט געמיינט לייז, נאָר אלערליי פּיצעלעך שטעכענדע ווערימלעך און פליגעלאך. וואהרשיינליך מיינט מען דערמיט א׳ן אָנשיקעניש פון א מין מאָסקיטאָס (קאָמאָרעס).

דיא זיד־ווינטען אין מצרים ברייגען אָפט א געוואלדיגע מאַ־סע פון פערשיעדענע מאָסקיטאָס איבערן לאנד. דאָס איז דאָרטען נאָך היינט א׳ן אָפטע מגפה. אלע פאָרשונגס־רייזענדע מעלדען דאָס, אזוי שרייבען סאָניני, קארן, ריפּפּעל און אנדערע.

## 4. — ערוב.

ערוב איז אויך אזא אָנשיקעניש פון אנדערע פליגעלאך און זשוקעלעך.

## .5 — ד ב ר.

אין יאָהר 1842 איז אין מצרים געווען א שרעקליכע מגפה אויף בהמות, וואָס האָט אָנגעהאלטען 9 חדשים, אונגעהייערע מאַסען בהמות זיינען אויסגע׳פגר׳ט. לעפּסיוס מעלדעט, אז 40 טויזענד אָקסען זיינען דערביי אומגעקומען. מיסעס פּול בעשרייבט דאָס אין איהר בוך „ענגליש וואומען אין אידזשיפּט“.

מגפות אויף בהמות טרעפען אומערום.

## .6 — ש ח י ן.

אין דעם בוך „רייזען אין עגיפּטען“ פון בערגרען, ווערט בעשריעבען א מערקווירדיגע קרעציגע קראנקהייט וואָס קומט פאָר אָפט אין מצרים. פערשיעדענע רייזענדע שרייבען וועגען פערשיעדענע קראנקהייטען אזעלכע וואָס קומען היינט פאָר אין מצרים און זיינען אנשטעקענד.

נאָך א׳ן אָנשיקעניש פון שטעכעדיגע פליעגען איז איבערהויפּט נאַטירליך, עס זאָל בלייבען ביי דיא מענשען, וואָס ליידען פון זיי, א פולער קערפּער מיט קרעציגקייט. פון דיא מאָסקיטאָס בלייבט מען אויף „פּארשיווע“, בעזאָנדערס ווען מען קראצט זיך.

## .7 — ב ר ד.

לעפּסיוס דערציילט, אז אין דעצעמבער 1843, ווען ער איז געווען אין מצרים, האָט פּלוצלונג אויסגעבראָכען א שטורם־ווינד, וועלכער איז געווארען אלץ שטארקער און שטארקער, ביז ער איז געווארען אזא מעכטיגער הוריקאן, וויא ער האָט ערגעץ אנדערש קיין מאָל ניט געזעהן. דערנאָך איז געווארען גאנץ פינסטער, דער טאָג איז געווארען וויא אין מיטען נאכט, און עס איז געפאלען א מורא׳דיגער האָגעל.

א סך אנדערע רייזענדע בעשרייבען אויך אזעלכע פּאסירונגען.

## .8 — א ר ב ה.

דער זעלבער לעפּסיוס בעשריבט ווי אין יאָהר 1843, ווען ער האָט געהאלטען אין עפענען א׳ן אויסגעגראָבענעם ארון מיט א

מומיע פון פארצייטיגען מצרים, איז פלוצלונג אָנגעקומען איבער זיין קאָפּ אזא מחנה היישריקען, אז זיי האָבען געמאכט פינסטער אין מיטען טאָג. זיי זיינען געווען וויא א דיקע שווארצע כמארע.

אויך פון אזעלכע ערשיינונגען מעלדען א סך פאָרשונגס־רייזענדע אין מצרים. (זעה טישענדאָרף'ס „רייזע אים אָריענט").

## 9. — חשך.

אין אָריענט איז בעקאנט א שטארקער ווינד, וועלכער ווערט דאָרטען אָנגערופען האמסון־ווינד. ער בלאָזט אהין פון דיא געוואלדיגע ריעזיגע מדבריות און ער טראָגט מיט זיך מיט אזעלכע מאסען הייסע דינע זאמד, אז עס ווערט אין מיטען העלען טאָג א געדיכטע פינסטערניש, און מען קען ווירקליך „אָנטאפּען דיא פינסטערניש", דען זיא בעשטעהט פון זאמד און שטויב, מיט וועלכע דיא לופט איז פול.

דער פאָרשונגס־רייזענדער רעננאָן בעשרייבט אזא זאמד־ווינד, וועלכער איז געפלויגען זעהר ניעדריג און איז געגאנגען וויא א שטראָם אויף איין געוויסען אָרט. אויף דעם אָרט איז געווען א געדיכטע פינסטערניש, און נאָהענט דערלעבען, ארויס פון דעם זאמד־שטראָם, איז געווען ליכטיג, וויא געוועהנליך. (ולבני ישראל היה אור במושבותם).

דיא דריי „מכות" ברד, ארבה חושך — האָגעל, היישריק, פינסטערניש — קומען אָפט איינע נאָך דיא אנדערע, אלץ דורך דיא זעלביגע ווינטען, וואָס טראָגען זיך פון דיא מדבריות.

## 10. — מכת בכורות.

מגפות אויף מענשען זיינען איבערהויפּט א'ן אָפטע אָנשיקעניש אין גאנצען אָריענט. וועגען שרעקליכע מגפות אין מצרים שרייבען אלע פאָרשונגס־רייזענדע. עס איז מערקווירדיג, אז זיי זאָגען, דאָס באלד נאָך דעם האמסון־ווינד ברעכען אויס מגפות.

אז גראדע נאָר דיא בכורים (ערשטע געבוירענע) זאָלען אויסשטארבען, איז געוויס ניט נאטירליך. אפשר טאקי דעריבער זאָגט

דיא הגדה, אז אלע מכות האָט גאָט געשיקט „דורך א שליח", נאָר דיא איינע מכת בכורות האָט גאָט אליין געבראכט, „בכבודו ובעצמו"?... נאָר אז דיא מעשה קען זיין נאטירליך, מעג דאָך שוין דאָס איבערנאטירליכע זיין אביסעלע „איבערטריעבען"...

דיעזע אלע נאטור־פאסירונגען זיינען, פערשטייט זיך, ניט געשעהען אין איין צייט. אין ווייט פערשיעדענע יאהרהונדערטע האָט געקענט געשעהען, אז דיא אבות פון דעם אידישען פאָלק האָבען, אין זייערע מלחמות מיט דיא מצריים, זיך בעהאָלפען מיט אזעלכע נאטירליכע צופעלע, איין מאָל מיט'ן צופאל פון „דם", הונדערטער יאָהרען שפּעטער אמאָל מיט „צפרדע", און אזוי ווייטער. נאָך טויזענדער יאָהרען האָבען זיך דיא אלע געשיכטען צוזאמענגעפלאָנטערט אין דער פאנטאזיע צו איין געשיכטע, וואָס האָט כלומרשט פאסירט ביי איין קריעג צווישען דיא מצריים און דיא עבריים.

אפילו אין פיעל שפּעטערע צייטען, ניט מעהר אזעלכע שטאָק־פינסטערע וויא טויזענדער יאָהרען צוריק, האָבען זיך אויך צו־נויפגעפלאָנטערט געשיכטען פון פיעל פערשיעדענע צייטען אלס איין געשיכטע.

אין דיא קינות, למשל, שטייט בעשריעבען אויף איין מאָל וועגען צעהן הייליגע לייט וואָס מען האָט זיי געפייניגט און מקריב געוועזען אויף קידוש השם. (עשרה הרוגי מלכות). אידען וואָס זיינען ניט גוט געלערנט, קלעהרען גאָר ניט אנדערש, נאָר אז דאָס איז גע־וועזען אלץ אין איין צייט. אין אמת'ן זיינען דיא צעהן אומגעקומען אין פערשיעדענע יאָהרהונדערטע, ווייט פאנאנדערגערוקטע.

און דאָס איז שוין וועגען פאסירונגען אין „היסטאָרישע צייטען".

דיא מעשיות פון „יציאת מצרים" זיינען פון ווייט־ווייט פאָר־היסטאָרישע צייטען.

מענשען הערען עפּעס „קלינגען אין וואלד", מישען זיי צו־נויף פערשיעדענע געשיכטען פון פערשיעדענע צייטען.

IV.

## דיא אמת'ע אבשטאמונג פון פסח — דער שיינער פריהליגגס יום טוב.

מיר זעהען אלזא, אז דיא געשיכטע, וואס ווערט דערציילט אין חומש, דאס פסח איז „איינגעפיהרט געווארען" לכבוד דיא ניסים פון יציאת מצרים, איז זעהר ווייט פון צו זיין גלויב־ווירדיגע היסטאריע.

ניין, אויך ביי'ן פסח איז ניט צו זוכען קיין „צ ו ו א ס", — נאר א „ פ ו ן ו ו א ס".

אלע פארצייטיגע פעלקער האבען געהאט א גרויסען יום טוב אין פריהלינגס־צייט. און אויך ביי זיי האט דער יום טוב געהייסען „פאסחא" (דר. רובין, „מעשה בראשית").

פון וואס איז דאס געקומען? פשוט פון דיא נאטור. דאס איז געווען נאטור'ס פרייהייטס־יום טוב!

אלע דיכטער האבען בעזונגען דיעזען פרייהייטס יום טוב פון דער נאטור. וויא זיס זינגט לאנגפעללאו (דא איבערגעפיהרט אין פראסטע אידישע דיבורים):

„קלאר וואר דער הימעל און בלוי,
און מאי, מיט זיין הוט געצירט מיט רויזען,
שטייט אין זיין יום־טוב'דיג קלייד אין דעם
פעלד, און דער ווינד און דאס טייכיל
רוישען פריידע און פריעד, נאטס פריער!
מיט ליפען רויזען־פארביג
שושקעט דיא בלומען־ראסע, און פריילעך
אויף שווינגענדע צווייגלעך
זינגען פייגעלעך זייער שירה,
א פרייליכען הלל צו העכסטען".

דיא צייט איז אימער געווען יום־טוב צו דיא פ ר י י נ ד־ל י כ ע געטליכקייט, דיא געטליכקייט פון אויפהייטערונג, פון מונטערקייט, פון לוסטיגקייט, פון דיא שיינע, ליכטיגע, זיסע, פרייע וועלט — דער יום טוב פון ערלייזונג אוים דיא סמוטנעקייט, אומעטיגקייט, אבהענטיגקייט, פערפרוירענקייט, פינסטערניש און שרעקעניש פון ווינטער...

ביי אלע נאטור פעלקער האט מען זיך פארגעשטעלט צוויי־ערליי קרעפטען איבער דער נאטור. אזא איינבילדונג איז געקומען נאטירליך פון דעם איינדרוק פון נאכט און טאג, ווינטער און זו־מער. ביי א טהייל פעלקער איז עס געווען בייזע און גוטע „גייס־טער"; ביי אנדערע „געטער"; ביי נאך אנדערע איין בייזער גאט און איין גוטער, אדער כחות הקדושה און כחות הטמאה, אדער סטרא דלעלא וסטרא דלתתא. סיי וויא סיי, דער זינן איז דער זעלבער. עס זיינען די בעגריפע פון העסליכקייט און פריינדליכ־קייט, פינסטערניש און ליכטיגקייט, אומעטיגקייט און פרייליכ־קייט, טריבקייט און הייטערקייט, שווער געמיטה און גרינג גע־מיטה, שרעקעניש און פורכטלאזיגקייט, — וואס דאס אלץ דריקט זיך אוים אין נאכט און טאג, ווינטער און זומער.

און אין דיעזע צייט פון יאהר איז מען אויסגעלייזט געווא־רען פון אומעטיגקייט, טריבקייט, שווער געמיטה, געדריקטקייט, שרעקעניש, געפרוירענקייט פון ווינטער — און מען האט דערלעבט דיא צייט פון הייטערקייט, פרייליכקייט, ליכטיגקייט, גרינגער גע־מיטה און פורכטלאזיגקייט. עס איז געווען דער זיעג פון דעם גו־טען פרייליכען גאט איבער דעם בייזען, פינסטערן. איז עס ניט נאטירליך, וואס מען האט זיך געפיהלט בעפרייט, יום־טוב'דיג, זמן חרותנו, און מען האט מיטגעזונגען מיט דיא פייגעלעך אין דיא צווייגעלעך זייער שירה און מיטגעזאגט זייער פרייליכען הלל צ ו ם ה ע כ ס ט ע ן?...

דען „דער העכסטער", דאס איז ביי ס'רוב נאטור־פעלקער אי־מער געווען דער גאט פ ו ן ל י כ ט, פ ו ן פ ר י י ל י כ ק י י ט, פ ו ן ש י י נ ק י י ט — דיא זונן.

דיא הודים (הינדוס) האבען אין דער יאהרעס צייט זייער גרוי־

פען זונן יום טוב. ער הייסט ביי זיי „הולי", — יום טוב פון דיא נעבורט. (ווייל דיא נאטור ווערט נעבוירען.)

דיא פארצייטיגע מצריים האבען אין דער צייט געהאט זייער „עפיפי", פריהלינגס יום טוב.

דיא פרסיים האבען אין דער צייט זייער גרויסען „נורוז", דער יום טוב פון דעם גוטען גאט ארמוצד.

יא, פון נאטור איז דאס העכסטע און היילינגסטע ביי דעם מענשען דיא פ ר י י ד ע און דער פריערען פון מאי.

ד י א ז ו נ ן א י ז ג א ט ביי דעם נאטירליכען מענשען! — דיא זונן, וואס מאכט דעם קאפ אויפהייבען פריי; דיא זונן, וואס גיט לעבען און ענערגיע, קאמפף־לוסט און טהעטיגקייט; דיא זונן, וואס צייגט דיא ליכטיגע וועלט און נעהמט אוועק דיא מורא און איינבילדונג פון פינסטערנים; דיא זונן וואס פערטרייבט או־מעטיגקייט און ברענגט פרייליכקייט. וואס פערטרייבט טריבקייט און ברענגט הייטערקייט, וואס נעהמט אראב דעם דריקענדען שטיין פון דער ברוסט און מאכט זיא פריי, לויז, לוסטיג; דיא זונן, — דיא פריידע, דאס לעבען, דיא פרייהייט, דאס איז גאט ביי דעם נאטור־מענש, דאס איז דיא העכסטע היילינקייט, און דאס איז געווען און האט געזאלט זיין און וועט א מאל זיין דער פריהלינגס יום טוב — זמן חרותנו!

* * *

ביי דיא קריסטען איז אין דיא צייט יום טוב „זמן תחית המתים".

ווירקליך, ווען מיר וואלטען געקענט אין דיעזע יאהרעסצייט ארונטערקוקען אונטער דר'ערד, וואלטען מיר דען ניט געזעהן א תחית המתים? וואלטען מיר ניט געהערט דאס גערויש פון דעם ערוואכטען לעבענס־גייסט, וויא ער גראבט זיך אין „גלגול מחילות" פון ווארצעל צו ווארצעל, ווי ער לאזט אריין זיינע צוויבער־טראפענס אין דיא פערדארטע שטעקלעך און איז זיי מחיה מתים?...

און אויך אין דיא פערדארטע ווארצלען פון אלע געפיהלע אים מענשליכען הארץ קומען אריין אין פריהלינג דיא צוויבער־טראפען און אויך זיי ווערען פון טוידט לעבעדיג, און עס הייבט זיי, און

עס ציהט זיי. צו בעפרייען „דיא געקייטעטע פליגעל“, וואס „גארען פריי צו פליהען“...

איז עס ניט נאטירליך וואס פאנטאזיעס און לעגענדעס וועגען בעפרייאונגען האבען זיך געבילדעט אין דיא פאעטישע הערצער וועגען דיעזע צייט? — און דאס וואלט גאר ניט געשאדט!

ווענען געהט עס דען אן, אויב דיא פאנטאזיעס ציהען זיך פון א קוואל פון אמת, אויב דיא לעגענדען זיינען געוועבט אויף א קאנוואס פון ווירקליכקייט?

„מיטב השיר כזבו“, דאס בעסטע אין פאעזיע איז גאר איהר אונוואהרהייט!... ווער וואלט ניט מיט פערגעניגען מיטגעזונגען דיא „אז ישיר'ס“ פערגעסענדיג אין זייער „מיטב השיר“?...

ווער ווערט ניט ערהויבען ביז'ן הימעל פון דיא ערהאבענע פרייהייטס־פאעזיע פון ווילהעלם טעלל, כאטש מען ווייסט, אז עס איז נאר א לעגענדע?

אה, ווען דיא מעשה פון יציאת מצרים וואלט אויך געווען אזא לוסטיגע, לעבעדיגע לעגענדע, וועגען א לוסטיגען, לעבעדיגען ק א מ פ ף פון מ ע נ ש ע ן פאר בעפרייען זיך זעלבסט!... ווער וואלט ניט מיט פערגעניגען געזאגט אזא הגדה?...

ווען דיא אידישע לעגענדע וואלט ווירקליך געלאזט ביי דעם פסח דעם אלטען זין פון דיא פריהלינגס־פייערטעג ביי דיא נאטור־פעלקער! ווער וואלט איהם ניט מיט פריידע מיטגעפייערט?

אבער וואס האט דיא רעליגיאן געמאכט פון דיעזען שעהנעם אלטען נאטור־יום טוב? צו האט דער אידישער פסח טאקי אין אמת'ן אויפבעוואהרט ד י ז ע ן כאראקטער פון נאטור'ס יום טוב?

א! אידען דיענען ניט צו דיא זון, חס וחלילה!...

יציאת מצרים ווערט גאר פארגעשטעלט „בחצי הלילה“, אין דיא געדיכטעסטע פינסטערניש פון דער נאכט...

דיא הייליגסטע פייערונג פון דעם יום טוב איז טאקי אויך ניט אין קיין מיטען העלען טאג, ווען „קלאר איז דער הימעל און בלוי“, נאר אין דיא סדר־נ א כ ט...

און אין דיא סדר־נאכט זינגט מען א זמר, וואס יעדעס אנדערע ווארט דערפון איז „בלילה, בלילה“ — ביי נאכט, ביי נאכט,

— דערצעהלענדיג ווי אימער און אייביג, ביי אלע געלעגענהייטען, האט גאט בעוויזען זיינע ניסים — ביי נאכט!...

א, ניין, אידען דיענען ניט חלילה צו דיא זון!...

„הנה אנכי בא אליך בעב הענן", איך קום צו דיר אין דער געדיכטקייט פון וואלקען, אין א פינסטערע כמארע, — האט גאט געזאגט צו דיא אידען... דאס ערשטע מאל ווי ער האט זיך בעוויזען צו אברהם אבינו, איז געווען אין א „רויכיגען אויווען" („תנור עשן").

זי איז טרפה, דיא עבודה זרה, דיא זון, מיט איהר פריה־לינגס־געזאנג און איהרע גרינע פעלדער.

האט אייך דען ניט ר' שמעון בפרוש געזאגט: „ווען איינער געהט אין וועג און לערענט, און ער אונטערברעכט זיין לערנען און זאגט: ווי שעהן איז דער בוים, ווי שעהן איז דער אקער, רעכענט איהם דיא תורה דאס, אזוי ווי ער וואלט בעגאנגען א טויט־זינד"?..

אידען מיט דעם געגוס פון דיא שעהנקייט פון א בוים? אידען מיט א געפיהל פאר דיא שענהייט פון אן אקער? סיידען ווען דער „יצר הרע" פון דיא ליכטיגע זון איז גובר אין זיי דיא קדושה פון דעם תנור עשן, דעם רויכיגען אויווען!...

און אויך דיא טאכטער פון דיא אידישע רעליגיאן, דיא קריסט־ליכע אמונה, האט פון איהר גע'ירשה'נט דיא הייליגקייט פון רויך אין דיא אויגען.

היינריך היינע ברענגט א מעשה'לע, וואס ער האט געפונען אין אלטע הייליגע ביכער פון דיא קריסטען:

דריי „הייליגע" גלחים זיינען געגאנגען אין א שווייצער וואלד און האבען זיך פערטיעפט אין א ויכוח איבער „דברים העומדים ברומו של עולם", איבער זעהר הייליגע הויכע זאכען, וואס דיא וועלט שטעהט אויף זיי; ווי א שטייגער איבער דיא פראגע, צו מרים איז געבליבען א בתולה אויך נאכדעם ווי זי האט גע־בוירען יעזוס'ן. אין מיטען ויכוח, האט א סאלאוויי אויף א וויע־גענדען צווייגעל גענומען זינגען אזוי שעהן, אזוי וואונדערליך זיס, אז אלע דריי הייליגע האבען מפסיק געווען אין זייער וכוח און

זיינען געגליבען בעצויבערט צו הערען דאס פרעהליכע געזאנג פון דעם פויגעל. ווי דער פויגעל האט געענדיגט זיין געזאנג, זיינען דיא הייליגע לייט נאך געבליבען א ווייל׳ע ווי אהן אותיות, און דערנאך האבען זיי זיך ווי פון שלאף אויפגעכאפט. האט דער עלטסטער און הייליגסטער פון זיי געזאגט: „דער סאלאוויי איז דער טייוועל, דער סמאל אליין... ער איז דא אהער געקומען אונז מבטל זיין פון דברי תורה“... און ער האט געזאגט א געוויסען שפרוך, מיט וועלכען ער פלעגט ארויסטרייבען א דיבוק, איז דער פויגעל אראפגעפאלען פון צווייג טויט...

יא, „דער פויגעל, אויף דיא שווינגענדע צווייגלאך, וואס זינגט אזא פרעהליכע שירה“, זינגט דאס ניט „א פרעהליכען הלל צום העכסטען“ — צום אידישען אדער צום קריסטליכען העכסטען, — נאר צו דיא „עבודה זרה“, דיא זון...

פסח א יום טוב פון לוסטיגען פריהלינג? א יום טוב פון לעבעדיגען, לוסטיגען פריהלינג געפייערט אין דעם ווייסען קיטעל פון טויט, אין דעם ווייסען מאנטעל פון פרומען ווינטערדיגען אומעט, וואס דער אויסגעלאסענער פריהלינג האט פון דיא נאטור אראבגעריסען!

א יום טוב פון נייעם פריהלינג, ווען עס איז פערבאטען צו פערזוכען פון „חדש“, פון דיא נייע פרוכט פון דעם פריהלינג!

א יום טוב פון פרייהייט מיט פערבינדונגען און בעשרענקונגען ערגער ווי אלע טעג פון א גאנץ יאהר!

א יום טוב פון פרייהייטס־קאמפף מיט א׳ן אנדענקען פון בלויז ניסים פון יציאת מצרים, ניסים פון „יהוה ילחם לכם ואתם תחרישון“ — איהר שווייגט!...

ניין, בשום אופן ניט! אידען דיענען ניט צו דער זון! זייער אמונה שטאמט פון צייטען פון הייליגען אומעט, פון געטליכע שרעקענישען, פון נידערגעשלאגנהייט, פון הילפלאזיגקייט, — ווען הילף צייגט זיך נאר פון דיא געדיכטע וואלקענס, ניסים, אונבעגרייפליכקייט!

ווילט איהר א סעמפעל פון אמת׳ע פסח׳דיגע „פאעזיע“ ביי אידען? אט איז עס:

„אז איינער האָט שוין אויסגעראַמט דעם חמץ און דערנאָך זעהט ער אַ מויז לויפען אין דיא נאָרע מיט אַ שטיק ברויט אין מויל, מוז ער ניט נאָך אַ מאָל בודק חמץ זיין, ווייל עס איז זיכער, אז דיא מויז וועט דעם חמץ אויפעסען. ווען אָבער אַ קאַץ לויפט מיט אַ מויז אין מויל און דיא מויז האָט אַ שטיק חמץ אין מויל, מוז מען יא נאָך אַמאָל בודק חבץ זיין, מחמת דיא קאַץ קען האָבען פריהער אויפגעגעסען דיא מויז, איידער דיא מויז האָט אויפגעגעסען דעם חמץ, און אזוי ווי אַ קאַץ עסט קיין חמץ ניט, האָב איך מורא, טאָמער איז דער חמץ חלילה געבליבען אין דער נאָרע“.

אָט דאָס, און עהנליכעס, זיינען דיא רעליגיאָנס „זינגענדע נאכטיגאלען פון פריהלינג“,—דיא „פריהלינגס־פּאָעזיע“ פון פסח!...

* * *

דער קוואל פון דיא אלע זאכען ליגט אין צייטען, ווען עס איז מיט דעם גאנצען אידישען פאָלק געוועז, ווי י. ל. פּרץ’עס „יוחנן דער מלמד“ דערצעהלט אזוי וואונדערבאר וועגען זיך:

„אז איך אליין לערן אַ מאָל מיט חשק, קאנען עס מיינע גבירישע תלמידים ניט פערשטעהן, זיי פרעגען מיך, צו איך דאַרף אויך נאָך לערנען? וועד מיין רבי איז?

דיא שוטים! זיי ווייסען גאָר ניט, אז דיא וועלט איז גאָר אַ וואוילער רבי, אז דאגת פרנסה איז אַ רבי! צרות צרורות זיינען גוטע מלמדים... דער וואָרם וואס קראצט אליץ־אין־איינעם אין מוח מיט'ן „אם תאמר: מה נאכל?“ (געוואלט, וואו נעהמט מען צו עסען!) איז אַ פייערדיגער רבי! און זיי אליין, דיא תלמידים מיינע, און דיא פּאָטערס זייערע — דיא בעלי־בתים מיינע, זיינען אויך גאָר פיינע מלמדים...

אוי ווי פיין!

אליץ טרייבט צום לערנען!

אָבער דערפאר טהוט מיר דיא תורה אָט אַזאַ גוטס:

מיש איך אויף דיא גמרא — ווער איז צו מיר גלייך? אז איך עפען דיא גמרא, פיהל איך, אז דער הימעל האָט זיך מיר געעפענט! אז דער רבונו של עולם האָט מיר מיט זיין גרויס חסד

געגעבען פליגעל; גרויסע, ברייטע פליגעל האָט ער מיר געגעבען! און איך פליה מיט זיי, און אָדלער בין איך! און פליהען פליה איך ווייט! ניט מעבר לים; פון דער וועלט ארויס פליה איך!

פון דער וועלט מיט שקר, מיט חניפה, מיט יסורים רעים! און איך פליה גאָר אין א׳ן אנדער וועלט אריין! אין א נייע וועלט, אין א וועלט פון כל טוב, פון רק טוב; אין א וועלט, אָהן א דעה פון בייכיגע בעלי־בתים, פון מיוחסים עמי־הארצים; אין א וועלט אָהן צורת מטבע, אָהן דאגת פרנסה. דאָרט איז נישט דאָ קיין מקשה לילד, קיין הונגעריגע קינדער, קיין ווייבערישע קללות!

און דאָרטען בין א י ך, איך דער ארמער, קראנקער, דער־שלאָגענער, אויסגעהונגערטער און אויסגעדאַרטער מלמד, — איך עני מדכא, וואָס שטומט ווי א פיש, וואָס מען טרעט דאָ ווי א וואָרים — איך בין עס דאָרט דער מענש, דער מיוחס, דער בעל דעה! און פריי בין איך, און פריי איז מיין רצון, און צו שאפען האָב איך! וועלטען בוי איך אויף און וועלטען צואוואָרף איך! און איך בוי מיר נייע אויף זייער אָרט! נייע, שעהנערע, און בעסערע וועלטען! און איך לעב אין זיי, פליה ארום אין זיי! אין גן־עדן בין איך... אין אמת׳ן גן־עדן".

אָט אַזוי ערקלעהרט „יוחנן דער מלמד" וואָס עס טרייבט איהם צו זוכען זיין פריהלינג און זיין פרייהייט אין דיא וואָלקענס פון אזעלכע פלפולים, ווי וועגען דיא מייז און דיא קעץ!...

אין דער זון׳ס וועלט איז דער פרילהלינג ניט פאַר איהם, זוכט ער זיך א פריהלינג אין גאָט׳ס וועלט, — איז דיא וועלט פון דעם גאָט פון דיא געדיכטע וואָלקענס... אין דער זון׳ס וועלט איז ער דער אָרימער, דער קראנקער, מאכט ער זיך פליגעל און פליהט אין דיא וואָלקען־וועלט. דאָרטען געפינט ער ז י י ן פרייהייט, דאָר־טען בויט ער וועלטען און צולייגט זיי מיט זיינע פלפולים איבער אזעלכע זאכען, א שטייגער, ווי וועגען דיא קעץ און דיא מייז!...

V.

## די „פרייהייטס געדאנקען“ פון פסח.

עס איז היינט געווארען א מאָדע צו זאָגען, אז פסח איז א פרייהייטס־יום־טוב.

בעזאָנדערס אין אזאַ לאנד ווי אמעריקא, וואו דער געדאנק פון פרייהייט איז אָפיציעל אנערקענט פאר א שעהנע פאטריאָטישע זאך — דאַ איז גאָר א גוטע געלעגענהייט פאר די רעפאָרמירטע און היינט־וועלטיגע אידען, צו ערקלעהרען, אז דער פסח איז ניט דאַס, וואָס ער איז אין אמת'ן געווען קנאפע דריי טויזענד יאָהר — א רעליגיעזער יום־טוב, לכבוד דעם גלויבען אין גאָט'ס ניסים, — נאָר ער איז א גאָר אזאַ מין יום־טוב ווי דער „פאָרט אָוו דזשולייי“: א פרייהייטס־פייערטאָג.

עס איז נאָך גאָר ניט לאנג, ווי משכילים און רעפאָרמער האָבען אנגעהויבען צו רופען דעם פסח א פרייהייטס־יום טוב. עס קען דאך ניט זיין לאנג. ווארים ווי לאנג איז דען גאָר, אז דער געדאנק פון פרייהייט איז געאכטעט און בעליעבט? פריהער האָט דאָך פרייהייט געהייסען „צולאָזענהייט“ און געטרייע אונטערטהעניגקייט איז געווען א גוטע מידה, א פרומקייט.

דער מדרש זאָגט, אז אפילו ווען גאָט האָט געשיקט משה רבנו צו פרעה מלך מצרים איהם בריינגען אלע מכות, האָט ער איהם אויך געהייסען אָבגעבען פרעה'ן „כבוד מלכות“. גאָט האָט געזאָגט צו משה'ן: „כאָטש איך שיק דיך דעם מלך בעשטראָפען, זאָלסטו פון דעסטוועגען ניט פערגעסען, אַז ער איז א מלך און זאָלסט אָבגעבען כבוד צום מלכות“ (מ"ר וארא פ"ז).

ווען די וועלט האָט געהאט אָט אזעלכע געדאנקען, האָט מען נאַטירליך ניט געקענט האלטען קיין יום־טוב לכבוד די פרייהייט!

אז מען וויל נעהמען אלטע געשיכטען און זיי אויסטייטשען פאר א משל אויף נייע גערדאנקען, קען מען דאס טהאן; פונקט ווי מען טהוט אזוי מיט דיא אלטע מיטהאלאגישע באבע־מעשיות פון דיא פארצייטיגע רוימער און גריכען. אבער מען דארף אימער וויסען, אז דאס זייגען נאר פאעטישע און רעדנערישע פערגלייכונגען, ניט היסטארישער אמת! פערגלייכונגען זיינען איין זאך, און היסטארישער אמת איז א'ן אנדער זאך. פערמישען ביידען טאר מען ניט. עס וואלט דערפון ארויסגעקומען פאלשקייט און פערפלאנטערטע גערדאנקען.

אלס פאעטישע און רעדנערישע פערגלייכונג איז עס זעהר שעהן צו מאכען פון יציאת מצרים א פרייהייטס־קאמפף און פון פסח א פרייהייטס־פייערטאג. אבער מען טאר דעם שעהנעם משל ניט לאזען געהן אזוי ווייט, אז מענשען זאלען דאס נעהמען גלויבען טאקי אויף א'ן אמת. דען אויף א'ן אמת'ן איז יציאת מצרים ניט קיין געשיכטע פון א פרייהייטס־קאמפף און פסח ניט קיין פרייהייטס־פייערטאג!

א'ן אמת'ער פרומער איד פון דיא אלטע עכטע אידישקייט קען אויך ניט אריבערטראגען דיעזען היינט־וועלטיגען טייטש, וואס מען לערענט אריין אין זיין אלטען הייליגען יום־טוב. אין דער היים שילטען דיא פרומע נאך היינט דיא „אפיקורסים", וואס לערנען אריין אין דיא רעליגיאן אזעלכע היינטוועלטיגע טייטשען. דאר־טען הערט מען אזעלכע אויסטייטשונגען בלויז פון דיא משכילים. נאר אין אמעריקא, ווי אומעדום אין דיא גרויסע ציוויליזירטע וועלט, האט דיא השכלה שוין אויסגענומען ביי דעם גאנצען עולם און אלע פלאפלען שוין נאך דיא משכילים.

לאמיר זעהן, ווי איז דער אמת. — איז יציאת מצרים א פריי־הייטס־קאמפף און פסח א פרייהייטס יום טוב?

סתם „פרייהייט" איז קיין נאווינע ניט. אפילו א חיה וויל פריי זיין. אפילו א פויגעלע רייסט זיך ארויס פון שטייגעלע. אפילו א מויז וויל ארויס פון דיא קליעטקע.

און ביי מענשען וויל אפילו דער דומסטער און דער ערגסטער זיין פריי.

דיא פארצייטיגע פוילישע פּרצים, שרעקליכע טיראנען געגען זייערע פּאנטשיזניקעס, האָבען כסדר געקעמפּפט פאר „סוואָבאָדא", פאר פרייהייט. דאָס וואָרט „סוואָבאָדא" איז זיי געלעגען תמיד אויף דיא ליפּען, פּונקט אזוי ווי, להבדיל, ביי הײנטיגע פ ר י י ה י י ט ס ־ ק ע מ פּ פ ע ר. נאָר זיי האָבען דערמיט געמיינט פרייהייט פאר זיי, פאר דיא פּריצים, פון דיא אויבערהערשונג פון דעם „קרול" (קעניג), אז זיי זאָלען קענען פריי טיראַנעווען איבער זייערע פּאנטשיזניקעס.

אפילו דער רוסישער צאר האָט אויך שטאָלצירט מיט „פרייהייט": נאָך דיא ערשטע רעוואָלוציע האָט ער געלאָזט ערקלערען, אז דאָס וואָס ער רופט זיך „סאמאָדערזשעץ", מיינט ניט, אז ער רעגיערט אליין אָהן א דעה פון זיין פאָלק, נאָר אז זיין מלוכה איז „פריי" פון אויסלענדישע אויבערהערשונג און זי רעגיערט „אליין" אָהן א דעה פון אויסלאנד. ער האָט „בעוויזען", אז אין ריעזען זין איז דאָס וואָרט „סאמאָדערזשעץ" איז דער היסטאָריע אויפגעקומען. נעמליך, ווען דאָס לאנד האָט זיך בעפרייט פון דיא אויבערהערשונג פון אנדערע לענדער, האָט זיך דער הערשער שטאָלץ א נאָמען געגעבען „אליין־הערשער", מיינענדיג דערמיט צו זאָגען: „יעצט איז מיין לאנד פ ר י י".

אלזא, זעהט מען, אז ווען מען זאָל ניט מאכען קיין אונטערשיעד פון „פרייהייט" ביז פרייהייט, נאָר מען זאָל ווערען נתפּעל ווערען סתם פון דעם וואָרט „פרייהייט", פון דעם וואָרט „חירותנו", דאן איז דיא סאמאָדערזשאַוויע אויך געוועזען כלומר'שט א „פרייהייטס"־איינריכטונג און איהרער א פייערטאָג וואָלט אויך געקענט אויסגעטייטשט ווערען אלס א פרייהייטס יום־טוב, כלומר'שט.

איבערהויפּט נאַציאָנאַלע פרייהייט פון אונטערדריקונג פון פ ר ע מ ד ע רעגיערונגען האָבען בעגעהרט אפילו דיא ווילדעסטע מענשען אין דיא פינסטערסטע צייטען. אזא פרייהייט איז אלזא קיין שום וויכטיגער אויפטהאָן ניט. דאָס איז מארד־פּאטריאָטיזמוס און שאָוויניזמוס אויך.

ווען הייגטיגע מענשען ווערען בעגייסטערט פאר פרייהייט, מיינט מען אזא פרייהייט, וואָס האָט אין זיך וויינגסטענס פאָלגענדע דריי סימנים:

1) ווען זיא איז אַלגעמיין, ווען זיא וויל פרייהייט פאר אַלע מענשען, אָהן אונטערשיעד פון פאָלק, ראסע אָדער קלאסע.

2) ווען זיא בעגייסטערט אונטערטהעניגע אונטערדריקטע זיך צו ערהויבען געגען זייערע אונטערדריקער אין א מוטהיגען פרייהייטס־קאַמפּף, אין וועלכען זייער אונטערטהעניגקייט קומט צו אַ'ן ענדע.

3) ווען זיא בעגייסטערט דיא בעסערע מענשען אַליין צו נעהמען אויף זיך אפילו נאָך מעהר אונטערדריקונג, אפילו טויט, אבי צו קעמפּפען פאר דיא פרייהייט.

דיעזע סאָרטען פרייהייט זיינען הייליג און בעגייסטערנד, ווייל זיי זיינען אַ גרויסער אויפטהו, אַ געוואלדיגער פאָרטשריט. און אָט פאר וואָס:

1) פון נאטור האָט פריהער יעדער סאָרט מענשען געוואָלט פרייהייט פאר זיך, אָבער אונטערדריקונג פאר אנדערע סאָרטען מענשען אונטער זיי. דעריבער איז דער וואונש צו בריינגען פרייהייט און גלייכהייט פאר אַלע אַ גרויסער אויפטהו און אַ פאָרטשריט.

2) פון נאטור פלעגען דיא אונטערדריקטע פאלען מוטהלאָז אויף דיא קניען אין יראת הכבוד פאר דיא גרויסע און מעכטיגע. דעריבער איז עס אַ גרויסער אויפטהו און אַ פאָרטשריט, ווען דער פרייהייטס־גייסט ערהויבט שטאָלץ דעם קאָפּ פון אונטערדריקטע און מאכט זיי פערלירען דעם רעספּעקט פאר זייערע פייניגער און קעמפּפען פאר זייער רעכט.

3) פון נאטור האָבען אונטערדריקטע מורא איינצושטעלען, צו זיין דיא ערשטע, וואָס ערהייבען זיך געגען דיא שטארקע, כדי דערמיט צו געבען אנדערע אַ ביישפּיעל. זיי האָבען מורא, ווייל זיי זיינען זיכער, אז דיא ערשטע פרייהייטס־קעמפּפער וועלען זיך אַליין קיין מאָל ניט בעפרייען; פערקעהרט, אַליין וועלען זיי

דורך זייער „מרידה“ נאָך מעהר ליידען. דעריבער איז עס א גרויסער אויפטהו און א פאָרטשריט, ווען דיא פרייהייט בעגייסטערט דיא ערשטע פיאָנירען צו מסירת נפש פאר דיא פרייהייט פאר אנדערע.

אָם דיעזע דריי סימנים זיינען דאָס וויכטיגסטע, וואָס א פרייהייטס־גראדנק מוז האָבען, אז עס זאָל זיין אזא פרייהייט, פאר וועלכע היינטיגע מענשען ווערען בעגייסטערט.

אָבער דיא אלע זאכען זיינען פ א ר צ י י ט ע נ ס ג אָ ר נ י ט מ ע ג ל י ך ג ע ו ו ע ן. זיי זיינען נאָר מעגליך געוואָרען אין דיא היינטיגע צייטען, אונטער דיא היינטיגע אומשטענדען.

דעריבער איז עס אויך ניט מעגליך געווען, אז דיא מעשה פון יציאת מצרים זאָל האָבען אין זיך דיא סימנים פון אזא פרייהייט. — לאָמיר זעהן כסדר:

1) דיא אידען מיט דריי טויזענד יאָהר צוריק האָבען ניט געקענט ווינשען פרייהייט פאר אלע מענשען. אזוי וויא יעדער אנדערער שבט און יעדע אנדערע אומה, אזוי האָבען זיי זיך געקוויקט מיט דעם שאָוויניסטישען געדאנק וועגען ארויסרייסען זיך פון אונטער דיא הערשונג פון פרעמדע פעלקער, און וועגען א ל יי ן ב ע ה ע ר ש ע ן פ ר ע מ ד ע פ ע ל ק ע ר.

אפילו דער גרויסער נביא ישעיה, וועלכער זאָגט נביאות וועגען א צייט, ווען א אידישער מלך וועט משפט'ן אלע פעלקער און מאַכען, אז עס זאָלען מעהר קיין מלחמות ניט זיין — אפילו ער זאָגט דערביי בפרוש, אז אין יענע צייט וועלען אידען —

„עסען און איהר (דיא פעלקער וואָס וועלען זיך ניט אונטערגעבען צום אידישען גאָט) וועט הונגערן; מיינע קנעכט וועלען טרינקען און איהר וועט דורשטען; זיי וועלען זיך פרייהען און איהר וועט טרויערן. זיי וועלען זינגען פון פרייליכען הארצען און איהר וועט שרייען פון הארץ־ווייטאָג און פון צובראָכענעם געמיטה וועט איהר קלאָגען“. (ס"ח, י"ג).

„און איך וועל אייך איבערגעבען צום שווערד, און אלע וועט איהר מוזען קניען צו דיא שחיטה, ווייל איך (גאָט) האָב אייך גערופען און איהר האָט ניט געענטפערט“... (שם י"ב).

אידען האָבען זיך געפרעהט מיט דער געשיכטע, וויא זיי זיינען בעפרייט געוואָרען פון בויען פתום ורעמסס פאר אנדערע פעלקער, און האָבען דערביי געהאָפט אויף דיא נבואה פון ישעיה'ן, אז

„פרעמדע פעלקער וועלען בויען דיינע (דיא אידענס) מויערען און זייערע קעניגע וועלען דיך בעדיענען... און דאָס פאָלק און דיא מלוכה וואָס וועלען דיך ניט דיענען, דיא וועלען פערלוירען ווערען, און דיא גוים וועלען פערוויסט ווערען... און זיי וועלען געהן צו דיר געבוקט און געבויגען, — דיא קינדער פון דיא, וואָס האָבען דיך געפייניגט, און זיי וועלען זיך בוקען צו דעם קנאפעל פון דיינע פיס... און דו וועסט זויגען דיא מילך פון דיא גוים און דיא רויב פון קעניגע וועסטו פערשלינגען, און דו וועסט וויסען, אז דיין ע ר ל י י ז ע ר לעבט!... (ישעיה ס' י', י"ב, י"ד, ט"ו).

דער „ערלייזער", דער גואל פון אידען האָט זיי אלזאָ גע־דארפט געבען צו פערשקלאפען אנדערע פעלקער... אזוי איז עס גע־ווען ביי אלע פעלקער, און ביי אידען אויך. אנדערש האָט דעמאָלט ניט געקענט זיין.

2) אין דיא תורה ווערט דערציילט, אז דיא אידען אליין האָבען פאר זייער בעפרייאונג גאָר ניט געטאָהן. זיי האָבען זאָגאר גאָר ניט געוואָלט ארויסגיין פריי. מען האָט זיי געמוזט „ארויס־טרייבען". איין מאָל האָבען זיי געשריען, האָט זיי נאָט אפילו שרייען אויך ניט געהייסען. „ג אָ ט ו ו ע ט ש ו י ן מ ל ח מ ה ה אַ ל ט ע ן פ אַ ר א י י ך — א י ה ר ש ו ו י י נ ט!"...

אפילו דיא שפעטערע מדרשים, וועלכע האָבען א מאסע נייע לעגענדעס צוגעטראכט צו דיא מעשה פון יציאת מצרים, האָבען ניט אויסגעטראכט קיין איין לעגענדע, וואָס זאָל אויסדריקען דעם גע־דאנק, אז דיא אידען אין מצרים האָבען זיך אָנגעפיללט מיט ו ו י ע ד ע ר ש ט א נ ד ס - ק ר א פ ט און זיך ערהויבען צו ק ע מ פ פ ע ן פאר זייער בעפרייאונג.

דער סאמע עיקר געדאנק פון דיא מעשה פון יציאת מצרים און פון דעם פסח איז געווען, אריינצופרעסען אין דיא אידען דעם

פעסטען גלויבען, אז אליין קען דער מענש זיך ניט בעפרייען, נאר איין גאט קען דאס טאהן מיט גרויסע ניסים!

דעריבער טאקי איז ניטא קיין איין פאל אין דיא אידישע גע־שיכטע, וואו, אונטער דיא „פרייהייטס”־בעגייסטערונג פון פסח צום סדר, זאלען אידען האבען זיך געשטעלט שטאלץ און מוטהיג אין קאמפף געגען זייערע בעדריקער. ניט אזא גייסט האט דער „סדר” אין זיי געוועקט. ער האט אין זיי געוועקט א גייסט פון ווארטען נאר אויף הימלישע ניסים!

3) ווען דיא צוקונפטיגע מענשהייט וועט אמאל האלטען יום־טוב צום אנדענקען פון דיא ווירקליכע בעפרייאונג, וועט מען דיא ערשטע זאך געדענקען מיט ליעבע דיא נעמען פון דיא ערשטע, וואס האבען זיך מקריב געווען, זיך מוסר נפש געוועזן פאר דעם פריי־הייטס־קאמפף. דיא מעשה פון יציאת מצרים דערציילט ניט פון אזעלכע! פסח צום סדר דערמאנט מען נעמען פון ר׳ גמליאל, ור׳ עקיבא, ור׳ טרפון, וואס האבען — דערצעהלט א גאנצע נאכט דיא ניסים פון יציאת מצרים.

בקצור, דיא מעשה פון יציאת מצרים איז רעליגיאן; פסח איז א גלויבענס־יום טוב; און דאס האט מיט דיא היינטיגע פרייהייטס־געדאנקען אבזאלוט גאר ניט צו טהאן!

VI.

## דיא „גערעכטיגקייטס־געדאנקען“ פון פסח.

האָט ניט אמאָל דיא מעשה פון פסח א ווערט מיט דעם „מוסר השכל“ וועגען גוטהערציגקייט. גערעכטיגקייט וואָס מען קען זיך דערפון אָבלערנען? פונקט פערקעהרט! ווען מען זאָל וועלען מעסטען דיא מעשה פון יציאת מצרים מיט א היינטיגע מאָס פון גערעכטיגקייט, וואָלט אויסגעקומען, אז דיזע געשיכטע איז פול מיט דיא שרייענדסטע רציחות.

נעהמט בלויז דיא לעצטע מכה, וועלכע גאָט אליין, „ניט דורך קיין שום שליח“, האָט געבראכט אויף דיא מצריים — דיא מכת בכורות: גאָט האָט אויסגעקוילעט אלע בכורים אין מצרים, פון פרעה׳ס אייגענעם עלטסטען זוהן „ביז דעם עלטסטען זוהן פון א דיענסט הינטער דיא מיהל, און ביז דעם בכור פון א בהמה“ (שמות י״א ה׳). וואָס איז שולדיג געווען דיא אָרימע „דיענסט פון הינטער דיא מיהל“? פאר וואָס איז אזא אָרימע מוטער געקומען, אז ביי איהר זאָל דער׳הרג׳עט ווערען איהר אונשולדיגעם קינד? זיא איז דאָך אליין געוועזן א דיענסט ביי דיא מצריים, אליין אונ־טערדריקט, אליין געהאָפט אויף בעפרייאונג!

אָבער דאָס איז נאָך גאָר ניט נעגען דעם וואָס דער חומש דערצעהלט זעהר פיעל מאָל, אז גאָט אליין האָט אומישנע געמאכט הארט פרעה׳ס הארץ און אליין איהם ניט געלאָזט ארויסשיקען דיא אידען פון מצרים, כדי ער זאָל פרעה׳ן און זיין פאָלק קענען שטראָפען דערפאר!

אפילו דיא גמרא האָט שוין געפיהלט, אז דאָס איז עפעס

גאָר ניט קיין יושר. דען ר' יוחנן זאָגט, אז „דאָס קען עפענען דעם מויל פון אפיקורסים צו זאָגען, אז גאָט אליין איז שולדיג געווען, וואָס פרעה האָט ניט קיין תשובה געטהאָן, ווארום גאָט זאָגט דאָך אליין, אז ער האָט איהם הארט געמאכט זיין הארץ".

נאָר א'ן אנדערער „תנא", ריש לקיש, ענטפערט אויף דעם:

„פערשטאָפּט זאָל ווערען דער פיסק פון דיא אפיקורסים! דען דיא שלעכטע מאכט גאָט נאָך ערגער... פריהער האָט גאָט גע־שיקט צו פרעה'ן פינף מאָל און איהם געגעבען א געלעגענהייט בעסער צו ווערען, און ער האָט ניט געוואָלט. דעמאָלט ערשט האָט גאָט געזאָגט צו איהם: דו האָסט זיך איינגע'עקשן'ט און פער־שטיינערט דיין הארץ, וועל איך יעצט נאָך אליין דיר צוגעבען טומאה צו דיין טומאה".

אין דיא גמרא־צייטען האָט מען אלזאָ שוין געהאט א ביסעל א'ן אנדערען בעגריף פון גערעכטיגקייט, און מען האָט שוין גע־פיהלט קשיות אויף דיא גערעכטיגקייט פון חומש און געזוכט זיא צו פערענטפערן. אָבער פאר היינטיגע גערעכטיגקייט איז דיא פערענטפערונג אליין שוין אויך א מאָרנע יושר. און אז פינף מאָל האָט ער ניט געוואָלט הערען — איז דערפאר דארף איהם גאָט אליין שטערען צו הערען צום זעקסטען מאָל און נאָך איהם אליין „צוגע־בען מעהר טומאה צו זיין טומאה", כדי ער זאָל האָבען א'ן אויס־רייד פאר וואָס איהם און זיין פאָלק אזוי פיעל צרות אָנצוטהאָן?

ממה נפשך, האָט ער דיא אלע צרות שוין פערדיענט מיט זיין ניט הערען דיא ערשטע פינף מאָל, האָט דאָך גאָט ניט נויטיג געהאט איהם נאָך צוצוגעבען טומאה, כדי עס זאָל זיין פארוואָס צו ברענגען אויף איהם דיא אלע צרות; האָט ער וויעדער דיא אלע מכות נאָר פערדיענט מיט זיין וויי טערע עקשנות — וויא אין חומש שטייט טאקי בפרוש — דאן איז דאָך גאָט שולדיג גע־ווען, וואָס ער האָט איהם אליין געמאכט ווייטער פאר אזא עקשן, וויא גאָט אליין בעריהמט זיך!

מיר זיינען שוין מוחל דיא אנדערע הארבע קשיא: צו איז דען ניט גאָט אליין שולדיג געווען אין דיא ערשטע פינף מאָל אויך, וואָס פרעה האָט ניט געוואָלט פאָלגען? קיין זאך פאסירט דאָך

ניט אָהן גאָט׳ס ווילען! בפרט וואָס עס געהט פאַר אין דעם הארץ פון א קעניג: אויף דעם שטעהט דאָך נאָך בעזונדער, אז „דאָס הארץ פון דיא קעניגע איז ביי גאָט אין דיא הענד, וויא גאָט וויל, אזוי קעהרט ער עס״! דאָס איז דיא אלטע קשיא וועגען אלע זינ־דינע. מוחל דאָס! וועגען פרעה׳ן שטעהט דאָך אָבער גאנץ בפרוש, אז גאָט אליין האָט איהם הארט געמאכט זיין הארץ.

און ניט איינמאָל שטעהט אזוי. עס איז גאָר אין גאנצען ניט ריכטיג, וואָס ריש־לקיש זאָגט, אז עס שטייט, דאָס ערשט צום זעקסטען מאָל שיקען צו פרעה׳ן האָט גאָט איהם זיין הארץ פער־הארטעוועט. ניין, באלד ביי דעם ערשטען מאָל, וויא גאָט האָט גע־זאָגט משה׳ן ער זאָל געהן צו פרעה׳ן און איהם זאָגען, ער זאָל ארויסלאָזען דיא אידען, שטייט שוין, אז גאָט האָט באלד געזאָגט משה׳ן: „און איך ווייס אז דער מלך פון מצרים וועט אייך ניט ארויסלאָזען סיידען דורך א שטארקער האנד״. אלזאָ האָט דאָך גאָט באלד ביי דעם ערשטען מאָל אויך נעהאט אליין בעשטימט, אז פרעה זאָל איהם ניט וועלען פאָלגען! (שמות ג׳ י„ט).

און ביי דעם צווייטען מאָל שיקען משה׳ן צו פרעה׳ן שטייט, אז גאָט האָט איהם געזאָגט:

„און איך וועל הארט מאכען פרעה׳ס הארץ... און ער וועט אייך ניט הערען, און איך וועל ארויסנעהמען דיא אידען מיט גרויסע בעשטראָפונגען״ (פאר דיא מצריים) (ז׳, ג׳, ד׳).

און דערנאָך שטייט ביי יעדער מכה, אלזאָ נאָך צעהן מאָהל — חוץ נאָך עטליכע מאָל עקסטרא — אלץ דאָס איינענע, אז פרעה׳ס הארץ איז אלץ געבליעבען הארט, „אזוי וויא גאָט האָט גע־זאָגט״: „און גאָט האָט געזאָגט צו משה׳ן... איך האָב אומישנע הארט געמאכט דאָס הארץ פון פרעה און פון זיינע בעדיענטע, כּדי איך זאָל מאכען דיא דאָזיגע וואונדער מיינע צווישען זיי״ (י׳ א׳).

ריש לקיש מעג טויזענד מאָל זאָגען, אז ער „פערשטאָפּט דאָס מויל פון דיא אפיקורסים״ (ש״ר בא פ׳ י״ג), דאָס מויל בלייבט פאָרט אָפען צו פרעגען — וואָס פאר א יושר איז דאָס עפּעס?

דאָס איז דאָך גאָר ווי אַ רוסישער פּראָוואָקאַטאָר, וועלכער פּער־פיהרט אליין אומישנע אונערפאהרענע רעוואָלוציאָנערען צו טהאָן עפּעס געגען דיא רעגיערונג, כדי ער זאָל זיי דערנאָך קענען בריינ־גען אין געפענגניס אריין!

היינט דער שווינדעל, וואָס גאָט האָט געהייסען דיא אידען מאכען, זיי זאָלען זיך אָנבאָרגען ביי דיא מצריים טהייערע ציערונג און זיי אָבנארען, אז זיי געהען נאָר אוועק אויף דריי טעג דיענען גאָט און אז דערנאָך וועלען זיי צוריקקומען און אלץ אָבגעבען!...

דיא רוסישע רעוואָלוציאָנערען פלעגען ארויסגעבען פּראָקלאַ־מאציע נאָך פּראָקלאַמאציע, אז זיי האַלטען גנבות אפילו פון רע־גיערונגס־אייגענטהום פאר אַ שענדליכע זאַך; אז אין אָפענעם קאַמפּף פּנים אל פּנים, ווי עהרליכע מענער, מוז דאָס פאָלק ערקאָבע־רען זיין רעכט, אָבער ניט מיט העסליכע שווינדלערייען, ווי פייג־לינגע!...

צו דיא מעשה פון חומש לייגט דיא גמרא נאָך צו, אז אין דיא דריי טעג פינסטערניש האָבען דיא אידען געזעהן, וואו זייערע שכנים, דיא מצריים, האָבען געלאָזט ליגען זייערע ציערונג, און ווען זיי זיינען דערנאָך געקומען באָרגען און דיא מצריים האָבען געזאָגט, אז זיי האָבען ניט, האָבען דיא אידען געזאָגט: „דאָרטען ליגט עס דאָך!“ האָבען דיא מצריים זיך געטראכט: ווען דיא אידען וואָלטען געמיינט צו גנב'ענען, וואָלטען זיי דאָך דיא ברירה געהאט צו נעהמען ווען זיי האָבען עס געזעהן; אז זיי האָבען דאָס ניט געטהאָן, איז אַ סימן אז זיי מיינען יעצט אויך אין אמת'ן בלויז צו באָרגען אויף עטליכע טעג און דערנאָך טאַקע אָבצובריינ־גען (ש"ר פ' י"ד).

אזוי דערצעהלט דאָס אַ הייליגע תורה אליין מיט שמחה, אז איהרע קינדערלעך האָבען אויף אַזאַ אופן אָבגענארט זייערע שכנים און געמאכט זיי גלויבען אין זייער עהרליכקייט, ווען אין אמת'ן האָ־בען זיי זיך בשעת מעשה געטראכט: „אזוי ווי איהר זעהט ניט אייערע אויערען, אזוי וועט איהר שוין ניט זעהן אייערע ציערונג!“...

דאָס אלץ איז נאָר אַ קליינער מוסטער פון דיא גערעכטיגקייט פון יציאת מצרים. דיא גאַנצע געשיכטע איז פול מיט נאָך אַזעלכע.

* * *

דער זעלבער ר׳ יוחנן, וואס זאגט, אז אפיקורסים האבען דא א געלעגענהייט צו פרעגען א קשיא אויף גאט׳ס גערעכטיגקייט, זאגט אויך, אז ווען דיא מצריים זיינען אונטערגעגאנגען אין ים, האבען דיא מלאכים געוואלט זינגען שירה צו גאט, האט זיי גאט ניט געהייסען און האט געזאגט: „מיינע מחנות זיינען אין א צרה, (די מצריים, הייסט עס) און איהר גייט זינגען שירה?" (שם פ׳ כ"ג).

פון דעם ווילען זיך היינטמאדישע אויסטייטשערס ארויסנעהמען, אז אין דיא מעשה פון יציאת מצרים איז דא דיא גרויסארטיגע לעהרע פון גערעכטיגקייט, דאס אפילו אויף דיא שונאים דארף מען האבען רחמנות. דיא דאזיגע אויסטייטשערס ווייסען נאטירליך אליין גאנץ גוט, אז זיי נארען אב, כדי נושא חן צו זיין ביי דעם גלויביגען עולם. וואס איז דיעזעס איינע אויסגעטראכטע ווארט פון איין ר׳ יוחנן (א מענש וואס פיהלט וויא אפיקורסים דארפען וואהרשיינליך פיהלען...) אנטקעגען דעם גאנצען בארג מיט פסוקים, וואס זיינען פול מיט שמחה און גדולה און נקמה אויף דיא מצריים און זייערע מאטערנישען? און זינגט דען ניט משה אליין פרייליכע שירה: „דיא פערד און זייערע רייטער האט ער (גאט) אריינגעווארפען אין ים"? (סוס ורוכבו רמה בים).

דיא גאנצע הגדה איז פול מיט אויס׳דרש׳ענען, אז דיא צעהן מכות זיינען געווען פופציג מכות, און דיא פופציג מכות זיינען געווען צוויי הונדערט און פופציג מכות א. ז. וו. — וואס מעהר מכות, אלץ גרעסער דיא שמחה...

* * *

דאס אלץ איז אבער קיין בעליידיגונג פאר דיא פארצייטיגע אידען. דעמאלט זיינען אלע מענשען ניט בעסער געווען. מען קען ניט מיט היינטיגע גערעכטיגקייט מעסטען פארצייטיגע מענשען.

פרופט זוכען אין דיא פארצייטיגע ספרים וויא צו פסק׳ענען אט דיא שאלות:

צו מעג מען לאזען שפיעלען א פאנאגראף אום שבת?

צו איז מען יוצא צו הערען קידוש דורך׳ן טעלעפאן?

צו דארף מען איבער א דונער פון א קאנאָן מאכען א ברכה „שכוחו וגבורתו מלא עולם“?

צו איז מען יוצא מיט דיא טעלעגראַף דראָטען פאר א'ן ערוב?

וויא אזוי זאָלען זיך געפינען אין דיא פערציייטיגע ספרים דינים וועגען אזעלכע שאלות. אז פארצייטענס איז ניט געווען קיין פאָנאָגראַף, קיין טעלעפאָן, קיין קאנאָן און קיין טעלעגראַף?

אָט פונקט אזא זין האָט עס צו זוכען אין גאנץ פארצייטינגע געשיכטען געדאנקען וועגען היינטיגע בעגריפע פון גערעכטיגקייט!

וואָס עס איז גערעכטיגקייט און וואָס עס איז אונגערעכטיגקייט, דאָס בייט זיך מיט דיא צייטען און מיט דיא אומשטענדען. אָפט קעהרט זיך איבער אין א גאנץ קורצע צייט א בעגריף פון גערעכטיגקייט מיט'ן קאָפּ אראָפּ. וויא לאנג איז גאָר, אז אין אמעריקא האָט עס געהייסען פראָסט א גנבה וויא פון קעשענע, ווען מען האָט בעהאלטען א שווארצען שקלאַף פון זיין בעל־הבית? דאָס האָט געהייסען פשוט, אז מען גנב'עט אוועק יענעם'ס כשר'ע אייגענטהום. היינט איז פונקט פארקעהרט: א גרויסער פערברעכען איז גאָר פון דעם בעל הבית צו האלטען א שקלאַף.

בעזאָנדערס שטארק בייט זיך דיא „גערעכטיגקייט“ אין דיא פערהעלטניסע צווישען נאציאָנען.

אָט נאָך גאָר ניט לאנג צוריק איז עס געווען „רעכט“ פאר א נאציאָן אוועקצונעהמען א האנדעלס־שיף מיט סחורה, וואָס געהט אונטער דיא פלאגע פון א'ן אנדער פאָלק, מיט וועלכע דיעזע נאציאָן שטעהט אין מלחמה. יעצט ווערט פערהאנדעלט א'ן אָבמאַך, לויט וועלכען דאָס זאָל בעטראכט ווערען פיר פּראָסטע רויבעריי.

דעריבער איז עס דיא גרעסטע דומהייט צו וועלען קריטיקירען אזעלכע אלטע געשיכטען, פאר וואָס זיי שטימען ניט מיט דעם בעגריף פון גערעכטינקייט פון היינטיגע צייטען.

אָבער אזוי קען מען ווידער אויך ניט פון פארצייטיגע מעשיות זיך אָבלערנען היינטיגע גערעכטיגקייט.

פאר א לעהרע פאר היינטיגע מענשען האָבען דיא אלטע „הייליגקייטען“ לחלוטין קיין שום ווערדע ניט.

VII.

## הלכות חמץ ומצה אמאל און היינט.

ווער עס מיינט, אז רעליגיאָן איז וויא א שטיין, וואָס בלייבט אייביג גלייך און ריהרט זיך ניט פון אָרט, דער האָט א טעות. רע־ליגיאָן איז ניט קיין אויסנאהמע פון אלצדינג אין דער וועלט: אויך זיא ענטוויקעלט זיך און „פראָגרעסירט".

אפילו דיא אידישע רעליגיאָן, וועלכע זאָגט אזוי פיעל מאָל, אז זיא איז געגעבען אלס א פעסטער געזעץ אויף אייביג, אויף דור דורות ארוים (חוקת עולם לדורותיכם), און וועלכע האָט אָנגעזאָגט, מען זאָל למען השם גאָר ניט צולייגען צו איהר און ניט אראָב־נעהמען פון איהר — אפילו זיא איז אויך געווען אונטערוואָרפען אונטער דעם אלגעמיינעם געזעץ פון ענטוויקלונג און פראָגרעס.

אין וועלכער ריכטונג איהר ענטוויקלונג און איהר פראָגרעס זיינען געגאנגען, איז א'ן אנדער פראגע. אָבער פראָגרעסירט און זיך ענטוויקעלט האָט זיא.

דער בעסטער בעוויז דערצו איז — פסח מיט זיינע דינים.

ווער עס מיינט, אז ביי דיא פרומע אידען פערצייטענס האָט זיך פסח געפיהרט פונקט אזוי וויא ביי דיא פרומע אידען היינט, דער איז א'ן עם־הארץ! כאָטש פסח איז אזא שטרענגער, אלטער, הייליגער יום טוב און דיא דינים פון חמץ ומצה אזא וויכטיגער עיקר פון אידישקייט, וואָס כרת שטייט דערויף, פון דעסטוועגען האָט זיך ניט אלע מאָל געפיהרט גלייך.

ווען א איד א ירא שמים פון היינט וואָלט אריבערגעפיהרט געוואָרען אום פסח אין א הויז אריין פון א פערצייטיגען צדיק,

א תנא, א גאון, א גדול, און ער וואָלט דערזעהן וויא דאָרטען פיהרט זיך, וואָלט ער זיך אָנגעכאפּט ביים קאָפּ און געמאכט געוואַלדען: „פּושע עוכר ישראל! אָט אזוי האלט מען דאָס פּסח ביי אייך? !"

דען דיא היינטיגע שטרענגע דינים פון פּסח זיינען ניט אויף איין מאָל געוואָרען אזוי וויא זיי זיינען. זיי האָבען זיך ביסלעכ־ווייז ענטוויקעלט.

אָט וועלען מיר בעטראכטען דיא ענטוויקלונג פון הלכות פּסח:

* * *

ווען א היינטיגער פרומער איד וואָלט געקומען אום פּסח אין דעם הויז פון א גאנץ פערצייטיגען פרומען אידען, וואָלט ער נשתומם געוואָרען זעהענדיג, וויא אלע טאָג, א גאנץ פּסח, פער־קנעט מען טייג און מען באקט בולקעס און זעמעלעך און ברויטלעך און מען קאָכט לאָקשען און אלערליי טייגעכטס!

דער דין אין דיא גמרא איז: „דיא דאָזיגע טייגעכטסען קע־נען קיין מאָל ניט חמץ'דיג ווערען: געבאקענע, געזאָטענע און נעקאָכטע". (פּסחים ל"ט:) אלזאָ מעג מען אום פּסח קנעטען טייג און עס באקען אָדער קאָכען אָדער זידען. מען דארף נאָר אָבהיטען למען השם עס זאָל ניט חמץ'דיג ווערען, איידער עס קומט אריין אין אויווען אָדער הייסען וואסער. ווען עס איז שוין אין אויוועז אָדער געקאָכט אָדער געזאָטען קען עס קיין חמץ ניט מעהר ווערען.

וואָס הייסט אייגענטליך חמץ? וויא אזוי קען טייג חמץ'דיג ווערען?

„אזוי לאנג מען קנעט עס און מען ארבייט דערביי, אפילו א גאנצען טאָג, קען עס קיין מאָל ניט ווערען חמץ". (פּסחים מ"ח:) ווען מען זעהט, אז דאָס טייג, קנעטענדיג עס אום פּסח, הייבט זיך אָן אָנצובלאָזען, זאָל מען איינטונקען דיא האנד אין קאלט וואסער און ווייטער קנעטען — מעג מען שוין קנעטען וויא לאנג מען וויל און עס קען קיין מאָל ניט חמץ'דיג ווערען. אזוי איז אלץ בפּרוש דער דין אין דער גמרא. און אזוי פלעגט מען זיך פיהרען אום פּסח.

און אפילו ווען מען לאָזט טייג ליגען, איז עס אויך ערשט חמץ,

ווען עס ווערט פון אויבען גרוילעך, ווען עס קריגט א זילבער־גע־שטאלט, „אזוי וויא א מענש וואס דערשרעקט זיך אזוי שטארק, אז דיא האר שטעלען זיך איהם קאפויר". אזוי זאגט רבי מאיר. דיא חכמים זאגען, אז חמץ ווערט דאס טייג ערשט, ווען עס קריגט שפאלטען אזוי וויא דיא הערנער פון היישריקען. ערשט ווען דאס טייג קריגט אזוינע סימנים, מוז מען עס פערברענען. אבער אזוי לאנג וויא מען היט נאר אב, אז דאס טייג זאל ניט קריגען אזעלכע סימנים, מעג מען באקען זעמעלעך אום פסח און מען מעג זיי עסען. אזוי איז בפירוש דער דין אין דער גמרא.

און אזוי האט מען געטהאן פערצייטענס!

בלויז ביי דיא בית־שמאי האט מען ניט געבאקען קיין גרע־בערע זעמעלעך וויא א פויסט פון א מענשען. ביי בית־הלל אבער האט מען געבאקען אום פסח אפילו גראבע לעבלעך ברויט. ווייל אזוי לאנג מען האט נאר אבגעהיט, אז דאס טייג זאל ניט קריגען דיא געשטאלט פון חמץ, איידער מען האט עס אריינגערוקט אין אויוועז אריין, האט שוין ניט געשאדעט. אין הייסען אויוועז קען שוין ניט חמץ'דיג ווערען! (שם ל"ז. שפעטערע אמוראים פערטייטשען דאס דארטען אנדערש.)

און דיא יום־טוב'דיגע ברויטלעך און זעמעלעך, וואס מען פלעגט באקען יעדען טאג פרישע אום פסח, פלעגט מען נאך דערצו אויסצאצקען מיט געמעהלעכטסער אויפ'ן טייג. „ר' אליעזר בן ר' צדוק דערציילט: איין מאהל האט מיך מיין פאטער מיטגענו־מען צום רבן גמליאל'ן (זעהר א רייכען תנא, דער נשיא — הויפט־מאן — פון דער רעליגיאן) אין הויז אריין אום פסח, האט מען אונז מכבד געווען מיט פרישע זעמעלעך (סיריקין) וואס זיינען גע־ווען בעמאהלען מיט געמעהלעכטסער. האב איך געפרעגט מיין טאטען: האבען דען ניט דיא חכמים געזאגט, אז מען זאל קיין געמעהלעכטסער אויף יום־טוב'דיגע זעמעל ניט מאכען, ווייל דאס דויערט צו־לאנג און עס קען דערוויייל חמץ'דיג ווערען? האט דער טאטע מיר געענטפערט: „מיין זוהן, דאס איז נאר געזאגט ווענען אזוי א מענש; אבער בעקערס מעגען אויסמאהלען ביל־דער אויפ'ן טייג, ווייל זיי זיינען געשיקט אין דעם און ווייסען

וויא צו היטען, עס זאָל ניט קריגען דיא סימנים פון חמץ". (שם. א"ר להיפך).

אפילו דיא מצוה פון עסען מצה דיא ערשטע נאכט פסח קען מען יוצא זיין מיט דיקע ברויט, וואָס איז אָבגעהיט געוואָרען פון חמץ'דיג ווערען. (שם. „הדראה" פי בערוך ל ח ם ע ב).

* * *

אז עס זאָל ניט ווערען חמץ, האָט מען דאָס ברויט נאָר אָבגעהיט פון דעם קנעטען אָן ביז צום אויוועז.

**דאָס מעהל האָט ניט בעדארפט זיין פסח'דיג!**

בפרוש זאָגט דיא גמרא, אז א איד מעג נעהמען אום סאמע פסח טייג פון א גוי און מעג זיך „אָנלייגען זיין בויך דערמיט". אזוי שטייט בפרוש, טאקי דיא ווערטער! (ממלא אדם כרסו בבצקות של עכו"ם. שם מ'). ער דארף בלויז זעהן, אויב דאָס טייג האָט ניט דיא סימנים פון חמץ, פון וועלכע מיר האָבען אויבען גערעדט — אויב עס האָט ניט קיין זילבער־קאָליער און קיין שפאלטען וויא הערנער פון היישריקען (רש"י שם). נאָר דיא מצוה פון עסען מצה דיא ערשטע נאכט פסח איז מען דערמיט ניט יוצא. ווען מען עסט אזא ברויט, מוז מען חוץ דעם נאָך צולעצט עסען א כזית מצה.

דיא מצה מיט וועלכע מען דארף יוצא זיין דיא מצוה אין דיא סדר־נאכט און עסען פון איהר א שטיקעל אזוי גרוים וויא א כזית — אָט דיא דאָזיגע שטיקעל מצוה־מצה דארף זיין מעהר אָבגעהיט. דאָס מוז מען שוין אָבהיטען פון דיא מינוט אָן ווען מען גיסט אריין וואסער אין מעהל. („שימור דלישא"). אָבער אויך ניט פון פריהער! דאָס מ ע ה ל דארף אפילו אויף דיא מצוה־מצה אויך ניט געהיט ווערען פון חמץ'דיג ווערען! אזוי שטייט בפרוש אין דיא גמרא.

נאָר וועגען דיא מצה וועלען מיר נאָך רעדען ווייטער. דאָ רעדען מיר וועגען חמץ, — וואָס דאָס איז און וואָס דאָס איז ניט.

מען פלעגט זאָגאר באקען אום פסח קיכלעך און ברויטלעך און זעמעלעך און גרויסע לאבענס ברויט און מאכען אלערליי מאכלים

פון מעהל און טייג און אפילו ניט דארפען אבהי־טען עס אז דאס טייג זאל ניט קריגען די סימנים פון חמץ — ווען מען האט עס נאר געקנעטען ניט מיט וואסער, נאר מיט מילך, וויין, האניג, בוימיל אדער פרוכ־טען־זאפט פון וועלכען סארט עס איז. דען דער דין אין דיא גמרא איז בפרוש, אז פרוכטען־זאפט קען ניט מאכען קיין חמץ. (מי פרות אין מחמיצין. שם מ׳).

בפרוש שטעהט א דין, אז טייג, וואס איז געקנעטען אהן וואס־סער, נאר מיט וועלכע עס איז אנדערע פליסיגקייט, איז ניט חמץ „אפילו ווען דאס טייג קריעגט אלע סימנים פון חמץ, און אפילו ווען עס ליעגט א גאנצען טאג אומגעבאקען!“ (רמב״ם הלכות חמץ ומצה פ״ה א׳.)

אין זויערע מאכלים אריין פלעגט מען אום פסח צומישען מעהל, כדי צו מאכען דיא מאכלים געדיכט. (מוללים את הקדרה). דאס מעהל קען דא אין דעם נאסען מאכל ניט ווערען קיין חמץ, ווייל דיא זויערקייט „ברענט איבער“ און לאזט שוין ניט ווערען חמץ. („חומץ צומתן“. שם מ:)

חמץ׳דינע מעהל איז געוועהנליך גאר ניט געוועזען פערהאנען. סתם מעהל, אפילו געקויפט פון א גוי, איז ניט חמץ׳דיג. אפילו דיא מצוה־מצה מעג מען אויך באקען דערמיט. סיידען ווען מען האט געזעהען, אז עס איז נאס געווארען. איבערקלערען „טאמער“ איז נאס געווארען דארף מען ניט.

און אפילו אז מען האט געזעהן וויא עס רעגענט ארויף אויף מעהל א גאנצען טאג, איז עס אויך ניט געוועזען חמץ׳דיג, אזוי לאנג דער רעגען האט כסדר ארויפגעטראפט אהן אבשטעל. דען „דאס קלאפען פון דיא טראפען אויפ׳ן מעהל שטערט עס צו ווערען חמץ“. אזוי שטייט אלץ גאנץ בפרוש אין דער גמרא! (קמח שנפל לתוכו דלף, אפילו כל היום כלו אינו בא לידי חימוץ. שם ל״ט).

אייל־קיכלעך, אדער אייל־טייגלעך, האט מען געמאכט פון גע־וועהנליכע מעהל אום פסח גאר אהן שום פארזיכט, אז עס זאל ניט ווערען חמץ, און עס איז ניט געוועזען פערבאטען. (ותיקא... במשחא ומלחא... שרי. שם).

עס זיינען נאָר געווען פינף מינים תבואה, פון וועלכע עס האָט געקענט ווערען חמץ. דאָס איז: ווייץ, האָבער, קאָרן, גערשטען און גריקע. אלע אנדערע מינים תבואה, וויא רייז, הירזש, ארבעס, בעב־לעך און אזוי ווייטער קענען קיין מאָל ניט חמץ'דיג ווערען!

גאנץ בפרוש שטייט א דין אזוי:

„אפילו ווען מען קנעט הירזש־מעהל אָדער רייז־מעהל מיט הייסע וואסער און מען דעקט עס צו ביז עס ווערט אויפגעבלאָזען („געיעהרט") און עס האָט אלע סימנים פון טייג וואָס איז געוואָ־רען חמץ, מעג מען עס אליין עסען, ווארים פון דיא דאָזיגע סאָרטען מעהל איז עס ניט קיין חמץ נאָר גלאט געזייערטער מאכל" (רמב"ם שם).

פון כשר'ן א מיהל אויף צו מאָהלען פסח'דיגע מעהל האָט מען נאָר ניט אָנגעהויבען צו וויסען פארצייטענס. דען צו וואָס האָט מען געזאָלט רייניגען דיא מיהל פון „אפשר פייכט־געוואָרענע תבואה", אז דער דין איז גאָר בפרוש, דאָס „מען מעג אויסוואַ־שען דיא ווייצען מיט וואסער כדי צו רייניגען זיי פון פלעווען, און דערנאָך מאָהלען דיא פייכטע ווייצען און נוצען דאָס מעהל נופא אויף פסח"! (מותר ללתות בחטין. פסחים מ').

וויא גרויס האָט געקענט זיין א טייג וואָס מען האָט געקנע־טען אום פסח? גלייכער איז — שטייט — אז עס זאָל ניט זיין גרעסער וויא דיא גרויס פון 43 מיטעלמעסיגע אייער מיט א פינפ־טעל. אָבער אז מען באקט ברויט אום פסח אפילו פון נאָך א גרע־סערע טייג איז עס אויך כשר צו עסען — אזוי לאנג וויא דאָס טייג האָט ניט געהאט די דערמאָנטע סימנים פון חמץ.

גאנץ פסח מעג מען אריינטהאָן אין דיא ניט־חמץ'דיגע ברויט אלע מינים געווירצע און זיסקייטען, און זאלץ און פעפער און וואָס מען וויל. נאָר אין דיא מצוה־מצה פון דיא סדר נאכט, זאָל ניט זיין מעהר וויא וואסער. ווייל עס דארף זיין „אָרימע ברויט" — לחם עוני. אָבער ניט ווייל עס איז חמץ'דיג ווען מען טהוט עפעס אריין!

דאָס איז אלץ בפרוש'ע דינים אין דיא גמרא און אזוי האָט

זיך געפיהרט ביי אידען פארצייטענס, ביז מיט עטליכע הונדערט יאָהר צוריק.

געדענקט, דאָס איז ניט קיין אפּיקורסות, חלילה. איהר קענט פרעגען דעם רב הכולל אליין, וועט ער אייך אויך זאָגען, אז אין אמת'ן איז אזוי דער דין אין דיא גמרא! געוועהנליך זאָגט ער דאָס ניט אויס. אָבער פרעגט איהם אונטער פיער אויגען, ער זאָל אייך זאָגען דעם אמת, צו שטייען ניט אזוי דיא דינים? וועט ער אייך אליין זאָגען, אז יא!

טאָ וויא דען קומט דאָס, וואָס היינט איז ארויפגעלייגט אזעל־כע שווערינקייטען אויף דעם פרומען אידען אום פסח?

דאָס האָט זיך „ע נ ט ו ו י ק ע ל ט" — וויא מיר וועלען באלד זעהען.

* * *

מיר האָבען שוין גערעדט, אז עס איז געווען צוויי מינים מצה:

איין מין איז געווען ברויט וויא דאָס ברויט פון אלע טעג פון א גאנץ יאָהר, און מען האָט געבאקען אלע טאָג פרישע אום פסח, אזוי גוט וויא א גאנץ יאָהר, נאָר מען האָט בלויז געמוזט אכטונג געבען, אז דאָס טייג זאָל ניט ליגען אזוי לאנג, ביז עס זאָל קריי־גען פון אויבען א מין זילבער־קאָליר און שפּאַלטען אזוי וויא דיא ערנדלעך פון היישריק. אויך האָט מען געדאַרפט זיך היטען, אז מען זאָל ניט קנעטען אונטער דיא זונן־שטראהלען, אונטער א פערוואָלקענטען הימעל, און נאָך אזעלכעס.

א'ן אנדערער מין מצה איז געווען דיא מצוה־מצה, פון וועל־כע מען מוז עסען אין דיא סדר־נאכט אזוי גרויס וויא א כזית.

דיא דאָזיגע מצוה־מצה האָט געמוזט זיין א ב ע ז ו נ ד ע ר ס אָבגעהיטענע. ווייל אין פּסוק שטייעט: „איהר זאָלט היטען דיא מצות".

וואָס אָבער האָט געדאַרפט זיין דיא „בעזונדערע אָבגעהי־טענקייט" פון דיא מצוה־מצוה? פון ווען אָן האָט מען דאָס גע־מוזט היטען?

דער דין איז גאנץ בפרוש אין דיא גמרא, אז אפילו דיא מצוה־מצה האָט מען ניט מעהר געדארפט היטען וויא נאָר פון דיא מינוט אָן, ווען מען האָט ארייננעגאָסען וואסער אין דעם מעהל אריין צום קנעטען. דאָס מעהל פריהער, און ווער שמועסט נאָך דעם ווייץ איידער מען מאָהלט איהם, האָט מען ניט געדארפט היטען. בפרוש איז דער דין, אז מען מעג קויפען מעהל אפילו פון א גוי, — סתם מעהל פון דיא קראָם, מעהל פון א גאנץ יאָהר, — און באקען דערפון אפילו מצוה־מצה.

היינט האלטען דיא פרומע אזא מעהל פאר פונקט אזוי חמץ־דיג וויא ברויט. וויא אזוי איז דאָס געוואָרען? עס האָט זיך „ע נ ט וו י ק ע ל ט"!

און יעצט לאָמיר זעהען, וויא אזוי דיא „ענטוויקלונג" אין דיא אלע זאכען איז צוגעגאנגען:

* * *

איהר האָט מסתמא געהערט, ליעבער לעזער, אז חסידים עסען „מצה־שמירה". וואָס איז דער אונטערשיעד צווישען אנדערע מצה און מצה־שמירה? דיא נפקא מינה איז, אז דיא אנדערע מצה איז נאָר געהיט פון דיא מיהל אָן, דיא מצה־שמירה, אָבער, איז פון ווייצען וואָס זיינען געהיט און בעשטימט פון דיא מינוט אָן, ווען מען האָט זיי אָבגעשניטען פון דיא פעלדער.

צו וואָס איז דאָס? דער דין איז דאָך, האָבען מיר דאָך געזעהען, אז מען מעג נאָר אליין אויסוואשען דיא ווייצען, היינט צו וואָס־זשע דארף מען זיי וויעדער היטען?

אין דער גמרא זאָגט אן אמוראי (רבא) אז ער פיהרט זיך, דאָס שוין ביי'ן שניידען דיא תבואה זאָגט ער צו זיינע שניטערס: „שניידט מיר אָב עטליכע בינטלעך בעזונדער אויף דיא מצוה־מצה". דיא גמרא אליין זאָגט אויף דעם, אז דאָס איז ניט ריכטיג, מען דארף דאָס ניט. מען קען נעהמען וואָס פאר א מעהל עס איז און בלויז היטען פון קנעטען אָן, איז עס פאָלשטענדיג כשר אפילו אויף מצוה־מצות.

מיט עטליכע הונדערט יאָהר צוריק האָבען אָבער א טייל

„צדיקים" געוואָלט זיין אַ'ן אויסנאהמע און פיהרען זיך עטוואָס עהנליך צו יענעם צדיק אין דער גמרא. ווען ניט כסדר היטען דיא מצוה־מצות שוין פון שניידען דיא תבואה אָן, איז כאָטש פון כמאָהלען אָן. כאָטש מען דאַרף דאָס גאָר ניט היטען, נאָר וואָס שאדט עס אז יא? זאָל א גרויסער צדיק ווייזען, אז ער איז ניט ווי אבי ווער...

גו, פערשטייט זיך, אז נאָך דעם גרויסען צדיק האָט דאָס שפעטער נאָכגעטאָן אביסעל א קלענערער צדיק. נאָך איהם נאָך א קלענערער. נאָך איהם האָט דאָס שוין געמוזט נאָכטהאָן גלאט אזוי א איד א בן תורה אויך. וויא פאסט עס אנדערש?... אויף איהם האָט זיך שוין פערקוקט גלאט אזוי א'ן עהרליך אידעל, אפילו ניט אזא למדן. ביז דער הויך־„אריסטאָקראטישער" מנהג פון דיא גרעסטע צדיקים, אויסצוצייכנען זיך פון אנדערע מיט דיעזע בעזאָנדערע פרומקייט, איז „אריינגעקומען אין דיא שוהס־טער־גאס", וויא מען זאָגט, און איז געוואָרען פערשפרייט אלס א „מנהג ישראל" פאר אלע אידען. און ווען עס איז שוין א מנהג, קומט איין רב און פסק'ענט, אז מנהג ישראל איז תורה און אזוי מוז עס בלייבען א דין, און ווער עס טרעט אריבער איז שוין א'ן אפיקורס!...

אָט אזוי ארום איז געוואָרען דער שטרענגער דין, אז מען מוז כשר'ן דיא מיהל אויף פסח'דיג מעהל

אָבער דאָס איז אלץ נאָר געווען בלויז אויף דיא מצוה־מצה. גאנץ פסח האָט מען נאָך אלץ געגעסען פריש געבאקענע ברויט אלע טאָג, פון וועלכע מעהל עס איז, ניט געהיט אפילו פון קנעטען אָן, אבי נאָר מען האָט ניט געזעהן אויפ'ן טייג דיא סימנים פון חמץ!

אָבער ווען דיא אויסצייכנונג פון דיא גרויסע צדיקים, צו עסען מצוה־מצה געהיטענע פון דיא מיהל אָן, איז שוין געווען א מנהג פון כל ישראל, און ניט מעהר קיין „אריסטאָקראטישע" אויס־צייכנונג. האָבען זיך דיא גרויסע צדיקים גענומען אויסצייכנען דערמיט, אז זיי האָבען אויף גאנץ פסח אויך גענוצט „פסח'דיגע מעהל", דאָס הייסט געהיט פון דעם מאָהלען אָן. יעצט איז וויע־דער דיעזער מנהג געוואָרען דיא אריסטאָקראטישע אויסצייכנונג.

און ווידער האָבען גענומען נאכטהאָן פריהער דיא עטוואס קלענערע רעליגיאָנס־אריסטאָקראטען, דערנאָך דיא נאָך קלענערע, א. ז. וו. — ביז דאָס איז ענדליך אויך אריין „אין דיא שוהסטער־גאס", און אויך געוואָרען א מנהג פון כל ישראל, אז גאנץ פסח זאָל מען נאָר עסען פון פסח׳דיגע געמאָהלענע מעהל!

גאנץ בפרוש שטייט נאָך אפילו אין „באר היטב" (ערשט 160 יאָהר צוריק), אז אויף דיא מצות, וואָס מען דארף עסען גאנץ פסח, דארף מען קיין שום אָבגעהיטענע פסח׳דיגע מעהל ניט, מען מעג נעהמען מעהל פון גאס, „א פ י ל ו ו ו ע ן ע ס א י ז נ י ט ק י י ן נ ו י ט". און אפילו פון קנעטען און באקען אָן דארף מען אויך ניט היטען, אבי מען האָט ניט געזעהן בפרוש, אז דאָס טייג האָט געהאט דיא סימנים פון חמץ! (שו"ע א"ח תנ"ג בה"ט ס"ק ח׳).

נאָר דיעזער רבי לייגט שוין צו אזוי:

„דאָס אלץ איז אָבער נאָר וויא דער דין איז. דאָך, אידען זיי־נען הייליג, און זיי האָבען זיך איינגעפיהרט א מנהג, אז אלע מצות אויף גאנץ פסח זאָלען געהיט ווערען פון מאָהלען אָן, וויי־ניגס־טענס פון קנעטען אָן"!

וואָס־זשע בלייבט איצטער שוין ווייטער פאר א׳ן אויסצייכ־נונג פאר דיא גדולים?... האָבען זיי גענומען נעהן נאָך ווייטער און איינגעפיהרט פאר זיך אז מצוה־מצה צום סדר זאָלען זיי נו־צען פון מעהל וואָס איז ספּעציעל געהיט געוואָרען פון נאָך פרי־הער — פון דעם אבשניידען דיא תבואה אָן! דאָס איז עס וואָס מען רופט היינט „מצה שמורה".

און ווידער האָט זיך דיעזע „אויסצייכנונג" גענומען לאָזען אראָב, אראָב, אלץ ניעדעריגער, ניעדעריגער, ביז עס האָט שוין נעהאלטען דערביי, אז מצה־שמורה צום סדר זאָל אויך קומען אין „דיא שוהסטער־גאס" אריין.

פאר אונזערע אויגען איז דיא דאָזיגע „ענטוויקלונג" פאָרגע־גאנגען. און דיא גרויסע צדיקים האָבען זיך דאן אָנגעהויבען צו פיהרען צו עסען ג א נ ץ פ ס ח „מצה שמורה" געהיט פון שניט אָן, און דאָס האָט זיך שוין אויך געהאלטען אין אראָבלאָזען „אין

די שוהסטער־גאס אריין". אין אונזערע צייטען האט דאס שוין נעהאלטען ביי די חסידישע מלמדים... שוין נאהענט צו ווערען א „מנהג פשוט בכל ישראל"! און ביי „גאר די גרויסע" האט זיך שוין אנגעהויבען צו ענטוויקלען ווידער א נייעס, נעמליך צו באַקען זייער מצה שמורה דוקא אום ערב פסח נאכמיטאג.

אבער דיזע ענטוויקלונג איז איבערגעהאקט געווארען דורך די השכלה, דורך די אפיקורסות, דורך די אויסוואנדערונג אין די טרפה'נע לענדער אריין און דורך די רעוואלוציאן... ווען נים די דאזיגע איבערהאקונג, וואלטען „גאר די גרויסע" אהן שום ספק אנגעהויבען גאר קיין מצה ניט צו עסען גאנץ פסח, חוץ צום סדר; און אויך דאס וואלט זיך שפעטער ביסלעכווייז אראבגעלאזט אין די „שוהסטער־גאס אריין"!

דאס איז ניט קיין קאטאוועס. עס שטייט אזוי בפרוש אין די הייליגע ספרים פון די שפעטערע צייטען! אין ספר „שערי תשובה", פון ארום 90 יאהר צוריק שטייט, אז עס זיינען דא „מחמירים", וואס עסען ניט קיין שום געבאקענע זאך, אפילו ניט קיין מצה, אלע זיעבען טעג פון פסח, חוץ א כזית זעהר שטארק אבגעהיטענע מצה צום סדר! (שו"ע או"ח סי' ת"ס, ס"ק ג).

וואו אהין דיזע מערקווירדיגע „ענטוויקלונג" וואלט געפיהרט, ווען די זינדיגע צייט וואלט זיא ניט איבערגעהאקט — ווייסט איין בורא אין הימעל!

דאס קען דיענען פאר א ביישפיעל. דיזע „ענטוויקלונג" פון די שטרענגקייט ביי די מצה האבען מיר געזעהען פארגיין פאר אונזערע אויגען. דערפון װעלען מיר זיך שוין קענען מאכען א בעגריעף, וויא עס איז געקומען, וואס אלע איבריגע פסח'דיגע שטרענגקייטען האבען זיך ענטוויקעלט.

* * *

א'ן אנדערן זעהר אינטערעסאנטען ביישפיעל פון „ענטוויקלונג" אין הלכות פסח זעהט מען אין דעם מנהג פון גרויסע חסידים ניט צו עסען קיין „געבראקטע" („געבראקטס" אויף פיי־

ליש־אידיש). דאָס הייסט קיין מצה איינגעטונקט אָדער געקאָכט אָדער געפּרעגעלט אין אירגענד וועלכע פייכטקייט.

בעמערקט, א וויפיעל־גאָרענדיגע „ענטוויקלונג“ אין דעם שטעקט! מיר האָבען שוין געזעהען, ערשטענס, אז על פי דין מעג מען עסען אפילו פארפעל און לאָקשען געקנעטען פון געוועהנליכע מעהל פון א גאנץ יאָהר. מען דאַרף עס נאָר אריינוואַרפען אין קאָכעדיגע וואסער. דען דאָס קאָכען מאַכט שוין אונמעגליך עס זאָל ווערען חמץ. צווייטענס האָבען מיר געזעהען, אז מעהל וואָס איז שוין דורכגעגאנגען א באַק־אויווען, קען שוין ניט ווערען חמץ אפילו אין קאָכעדיגע וואסער. דריטענס האָבען מיר געזעהען, אז מילך, שמאַלץ, וויין, איבערהויפּט אלע פליסיגקייטען חוץ וואַסער מאַכען אין גאנצען ניט חמץ'דיג, אפילו ניט געקאָכט און ניט געבאַקען. און פיערטענס, ווערט איבערהויפּט קיין טייג ניט חמץ'־דיג פריהער וויא לערך אין א פיערטעל שעה.

קומען גאָר־דיא דאָזיגע לייט און האָבען מורא פאַר חמץ אי ווען דיא מעהל איז שוין געבאַקען, אי ווען דאָס ווערט געקאָכט אין הייסע פליסיגקייט, אי ווען דיא פליסיגקייט איז ניט קיין וואסער, אי ווען מען עסט דאָס גלייך אויף.

א פיערגאָרענדיגע „ענטוויקלונג“ פון איסור!

דאָס ניט־עסען „געבראָקטע“ האַלט, אין דער ענטוויקלונג, אויך נאָך דערווייל ביי דיא חסידישע מלמדים. ווען ניט דאָס אי־בערהאַקען דורך דיא אפּיקורסת, וואָלט דאָס אָבער אויך אראָב אין דיא שוסטער גאס און געוואָרען א „מנהג פשוט בכל ישראל“, און ווער עס וואָלט דאָס ניט געהיט, וואָלט געוועזען א פּושע עוכר ישראל, אפּיקורס!

דאָס אלץ איז ווייל טאָמער־טאָמער־טאָמער! טאָמער איז אין דיא מצה געבליבען א'ן אטאָם מעהל ניט אויסגעקנעטען און ניט אויסגעבאַקען; און טאָמער אז מען וועט מעגען „בראָקען“ אין משקה וועט מען בראָקען אין וואסער אויך און פון הייסע וואסער פערקריכען אויף קאַלטע; און טאָמער וועט מען זיך פערגעסען און דאָס ניט באַלד אויפעסען. א. ז. וו.

געהענדיג ווייטער אויף דעם וועג, קען מען דערגיין אזוי ווייט,

אז מען זאָל ניט טאָרען אפילו א הוסט טהוען גאנץ פּסח. ווארום טאָמער פון הוסט וועט בלייבען שפּייעכטס אין מויל, און טאָמער בייסט מען אָב א שטיקעל מצה מיט דיא שפּייעכטס אין מויל, און טאָמער פערגעסט מען זיך און מען האלט דיא מצה אזוי לאנג, וויא טייג קען ווערען חמץ, און טאָמער איז דאָ אין דיא מצה א קערנדעל מעהל ניט אויסגעקנעטען און ניט אויסגעבאקען, און טאָמער קומט גראד דיא שפּייעכטס אין מויל ארויף אויף דיא מעהל — קען נאָך חלילה וחלילה ווערען חמץ!

סיידען מען זאָל קויפען בעזונדערן הוסט כשר לפּסח, מיט א הכשר פון רב הבולל!

דאָס איז ניט קיין חוזק. אבזאָלוט ניט! פון יאהרהונדערט צו יאהרהונדערט האָט זיך אזוי ענטוויקעלט דיא שטרענגע הלכות פּסח, און דיא ענטוויקלונג האָט קיין שום גרענעץ ניט וואו זיך אָבצושטעלען!

דאָס אלגעמיינע בילד, וואָס דיא אידישע גאס שטעלט היינט פאָר אום פּסח, איז אבזאָלוט ערשט ניי, אפּאָר הונדערט יאָהר אלט, און עס האָט זיך ביז אהער נאָך געפונען אין דעם פּראָצעס פון ענטוויקלונג.

* * *

אָט זיינען נאָך פּסח'דיגע דינים, וואָס האָבען זיך ענטוויקעלט:

דער רמב"ם (700 יאָהר צוריק) זאָגט ערשט, אז אין שפּאניען און אין בבל און אין ארץ ישראל איז געוואָרען א מנהג, מען זאָל ניט קאָכען קיין שום טייג, ווייל „טאָמער" וועט מען האָבען א מעות און אריינוואַרפען אין וואסער ווען עס וועט ניט רעכט קאָכען. (חו"מ ד' נ').

אויך זאָגט ער, אז עס איז געוואָרען א מנהג אין דיא אלע לענדער ניט צו לאָזען קומען קיין וואסער אויף דיא ווייצען, פון וועלכע מען וויל מאָהלען מעהל אויף מצות. (שם הל. ז).

* * *

אז מען זאָל ניט נוצען קיין רייז, קאשע, הירזש, בעבלעך און ארבעס אום פּסח איז ערשט געוואָרען א מנהג אין רמ"א'ס

צייטען. (ארום 300 יאָהר צוריק.) און נאָך ארום 90 יאָהר צוריק האָט דער „שערי תשובה" געשריבען, אז איניגע רבנים האָבען דאָס געוואָלט מתיר מאכען, ווייל אין א סך מקומות איז דאָס גאָר קיינמאָל ניט געווען פערבאָטען, אָבער דיא גרעסטע רבנים פון דייטשלאנד האָבען זיך „זעהר ענערגיש געשטעלט דאגעגען", ווייל וואו עס איז קיין מאָל ניט געווען פערבאָטען שאדט ניט, אָבער וואו עס איז געווען א מנהג אז מען טאָר ניט, טאָר מען ניט, און שוין!

פאר וואס איז געווארען אזא מנהג? סטייטש, אין דיא גמרא שטייט דאָך פאָרט בפרוש, אז פון דיא אלע מינים תבואה קען גאָר קיין חמץ ניט ווערען? איז דער תירוץ, „טאָמער"! — טאָמער אז מען וועט עסען למשל ארבעס, וועט מען עסען מעהל פון ארבעס; און טאָמער אז מען וועט עסען מעהל פון ארבעס, וועט מען פערגעסען און עסען אנדערע מעהל אויך, א. ז. וו.

און נאָך א האָר האָט שוין דיא ענטוויקלונג געהאלטען נאָך ווייטער, דען דער דערמאָנטער ספר שרייבט שוין, אז אָבגעהיטענע אידען נוצען קיין קאפע אויך ניט, ווייל קאפע זעהט אויס וויא ארבעס, און „טאָמער" אז מען וועט נוצען קאפע וועט מען נוצען ארבעס, און אז מען וועט נוצען ארבעס קען מען נאָך נוצען מעהל פון ארבעס. און אז מען וועט נוצען מעהל פון ארבעס קען מען נאָך נוצען מעהל פון ווייצען און אז — — און אזוי ווייטער, און אזוי ווייטער!

וועגען באקען פרישע (ניט געזייערטע) ברויט אום פסח שרייבט נאָך דער „באר היטב" (160 יאָהר צוריק) אז מאנכע טהוען דאָס. נאָר ער זאָגט שוין, אז עס איז גלייכער מען זאָל אויסבאקען פאר פסח אויף גאנץ פסח ארויס! (או"ח תנ"ח.) ערשט 160 יאָהר צוריק איז דאָס געוואָרען א דין!

וועגען דעם, וויא גראָב פסח'דיגע ברויט דארף זיין, זאָגט ערשט דער רמ"א, (300 יאָהר צוריק) אז עס איז גלייך מען זאָל עס באקען „ניט אזוי גראָב ווי אנדערע ברויט"; יעדענפאלס ניט גרעבער וויא א פויסט! און ערשט דער „שערי תשובה", 90 יאָהר צוריק, זאָגט, אז „היינט" איז געוואָרען א מנהג, דאָס אלע באקען

מצה נאָר גאנץ דינע! ערשט מיט 90 יאָהר צוריק! (נאטירליך איז רעמאָלט דער מנהג שוין אלט געווען א יאָהר הונדערט).

* * *

מיר האָבען געזעהען, אז פריהער איז נאָר געווען א מצוה צו באקען אום פסח אלערליי מינים געבעקטס געקנעטען מיט מילך אָדער האָניג אדער אייער אדער פרוכטען־זאפט, ווייל פון דעם קען גאָר קיין חמץ ניט זיין. מיט טייג געקנעטען אָהן וואסער דארף מען אפילו קיין שום אָבהיטונג און קיין איילעניש ניט אום פסח.

איז אנשטאט דעם גאָר שפעטער געווארען פונקט מיט'ן קאָפ אראָפ, — גאָר א'ן איסור, אז מיט דיא אלע פליסיגקייטען זאָל מען גאָר ניט קנעטען, אפילו היטענדיג אויך ניט. און **אפילו פאר פסח אויף פסח אויך ניט!**

וואָס איז דער שכל? ווייל אזוי ווי דיא מצוה־מצה אין דיא סדר־נאכט איז מען ניט יוצא מיט אזא „רייכע מצה“, מחמת עס מוז זיין „אָרימע ברויט“, דעריבער זאָל שוין בעסער אזא רייכע מצה אין גאנצען אויף דער וועלט ניט זיין, „טאָמער“ וועט מען פערגעסען און וועלען מיט איהר יוצא זיין חלילה דיא מצוה פון דיא סדר־נאכט אויך!...

דיעזע קלוגע גזרה געפינט זיך ערשט אין רמ"א, מיט 300 יאָהר צוריק. (או"ח כו' תס"ב. עיין בה"ט).

* * *

אלע אנדערע מיני מאכלים „של פסח“ זיינען דאָס רוב סתם שווינדעל. מען דארף זיי גאָר על פי דין ניט היטען אויף פסח. זיי קענען גאָר ניט זיין ניט „של פסח“! סיידען מען זאָל וועלען האָ־בען למשל, א ראָק אויך מיט א הכשר „של פסח“, ווייל „טאָמער“ האָט דער שניידער אריינגעלייגט א פאָר ברעקעלעך ברויט אין קע־שענע! מען דארף גאָר ניט, על פי דין, קוקען אויף דעם. דאָס רוב זאכען זיינען נור געצייכענט „של פסח“, כדי צו נארען די עמי־הארצים, אז זיי זאָלען צאָהלען א פאָר גראָשען טייערער.

ביי אייניגע מינים מאכלים איז ערשט זייט זעהר א קורצע צייט געווארען א מנהג, אז זיי זאָלען מוזען זיין „של פסח“.

און דאָס אלעס האָט זיך ארויסענטוויקעלט פון דעם גאנץ איינ־פאכען דין, וועלכער האָט בפרוש געזאָגט, אז בלויז ווען מען ווייסט, דאָס טייג איז געוואָרען חמץ, זאָל מען עס ניט עסען, ווייטער דארף מען גאָר ניט איבערקלערען „טאָמער“, נאָר מען מעג עסען אפילו טייג פון א גוי!!!

פאר אידען, וואָס האָבען עפּעס געלערנט, איז דאָס אלעס גאָר קיין נייעס ניט. פאר דעם גרויסען עולם אָבער, ווייס איך גאנץ גוט, וועט עס זיין א'ן איבערראשענדע ענטדעקונג, דאָס ע ר ש ט בלויז מיט א פּאָר הונדערט יאָהר צוריק איז ביי אידען נאָך ניט געוועזן ניט די א היינטיגע מצות, ניט די א היינטיגע אָבגע־היטענקייט פון חמץ, און ניט דער גאנצער היינטיגער פּנים פון פּסח אין די א אידי־שע גאס!

פונקט אזא „ענטוויקלונג“ איז אויך פאָרגעגאנגען מיט די א דינים וועגען כשר'ן כלים.

VIII.

## ענטוויקלונג פון חמץ'דיגע און פסח'דיגע כלים.

אין אידישע הייזער, אין וועלכע עס געפינען זיך צוזאמען די „צוויי דורות", די אלטע און די יונגע, איז פסח א צייט פון צרות צוליעב חמץ'דיגע און פסח'דיגע כלים, צוליעב שייערען, רייבען און כשר'ן. די אלטוועלטליכע מיינען, אז אזוי וויא די פרומע האָבען זיך געפיהרט דיא לעצטע עטליכע הונדערט יאָהר, מכח שייערען, רייבען און כשר'ן, אזוי האָבען זיך אידען געפיהרט פון „בארג סיני" אָן. זיי מיינען, אז די יונגע מענשען, וואָס האַלטען ניט פון די זאכען, מאכען א סוף פון אידישע פיהרונגען, וואָס האָבען זיך געהאלטען שוין טויזענדער יאָהרען.

דאָס איז אָבער זעהר א גראָבער טעות. נאָר פראָסטע אידען און אידענעס מיינען אזוי. די אידען וואָס קענען לערנען ווייסען, אז די אלע מנהגים וועגען חמץ'דיגע און פסח'דיגע כלים זיינען גאָר ניט אלט. די גאנצע מהומה פון פאר פסח, דאָס שייערען און רייבען און כשר'ן און קויפען נייע כלים אויף פסח — דאָס איז מיט בלויז עטליכע הונדערט יאָהר צוריק גאָר ניט געווען. די גאנצע היינטיגע פיזיאָנאָמיע פון דעם „פאר פסח" צווישען אידען איז פערהעלטניסמעסיג א יונגע זאך. מיט עטליכע הונדערט יאָהר צוריק האָט דער „פאר פסח" גאנץ אנדערש אויסגעזעהן.

די היינטיגע פאר פסח'דיגע מהומה האָט זיך ביסלאכווייז „ענטוויקעלט", פונקט וויא די היינטיגע מצה האָט זיך „ענט־וויקעלט". —

* * *

דיא גאנצע געשיכטע שטאמט פון דעם, וואָס אין פּסוק שטייט, אז דיא זיעבען טעג פון פּסח זאָל מען ניט עסען קיין זויער־געוואָרען ברויט, („חמץ") נאָר ברויט וואָס איז אונגעזויערט („מצה").

וואָס פאר א מחותן איז גוצען א טאָפּ מיט א שיסעל פון א גאנץ יאָהר מיט עסען זויער־געוואָרענע ברויט?

קומט אָבער איין זאָגער אין דיא גמרא און זאָגט, אז חמץ אום פּסח טאָר מען ניט אראָבשלינגען אפילו דעם מינדעסטען קליינינקען טהייל — א „משהו". אלזאָ, אזוי וויא אין דיא כלים, אין וועלכע מען נוצט חמץ, איז „איינגעשלונגען" (איינגעזאפּט) חמץ און ווען מען וועט דיא כלים נוצען אום פּסח, קען א „משהו" איינגעזאפּטע חמץ צוריק ארויס, דעריבער זאָל מען מ א נ כ ע כלים פון א גאנץ יאָהר אויף פּסח „כשר'ן".

דאָס איז דער ערשטער שריט פון דער „ענטוויקלונג". וויא אזוי כשר'ן, און וועלכע כלים — וועלען מיר ווייטער זעהן.

ווען יענע „זאָגערס" וואָלטען געהאט כאָטש א שטיקעל בע־גריף פון נאטור־וויסענשאפט, וואָלטען זיי געוואוסט, אז א „משהו" חמץ געפינט זיך אין יעדע זאך, אפילו אין מצה גופא אויך. דען קיין שטאָף אין דער וועלט ווערט ניט פערלוירען. דיא חמץ וואָס ווערט אויפגעגעסען איבערן יאָהר געהט צוריק ארויס פון דיא מענשען און אנדערע לעבעדיגע בעשעפענישען אויף פערשיעדענע וועגען און דאָס גייט אריין אין דיא געוויקסען און אין אלצדינג. א טהייל דערפון, צום ביישפּיעל, ווערט בענוצט צו מיסטיגען דיא פעלדער און עס מאכט וואקסען דיא „פּסח'דיגע" ווייץ אויך און קומט אלזאָ אריין אין דיא מצה. דיא אייער וואָס מען עסט פּסח האָבען אין זיך דיא חמץ וואָס דיא הוהן האָט געגעסען, און דיא פלייש אודאי. אויב א „משהו" חמץ מאכט חמץ'דיג, איז גאָר ניטאָ א זאך אין דער וועלט, וואָס האָט ניט א „משהו" חמץ אין זיך!

נאָר אויב אין אנדערע זאכען ווערט א „משהו" חמץ פער־וואנדעלט כעמיש אין אנדערע שטאָף און דאָס הייסט ניט מעהר קיין חמץ, דאן איז דאָסזעלבע אויך מיט דיא „משהו" חמץ וואָס

קען זיין „איינגעשלונגען", דאָס הייסט איינגעזאַפּט, דורך קאָ־כען, אין כלים: דאָס ווערט אויך כעמיש פערוואנדעלט אין אנ־דערע שטאָף און איז קיין חמץ ניט מעהר. דען קאָכען אין טאָפּ האָט כמעט דיא זעלביגע כעמישע ווירקונג וויא „קאָכען" אין מאָ־גען פון דעם מענשען, פון דיא הוהן און פון דיא בהמה.

מילא האָבען גאָט'ס לייט פון נאטור־וויסענשאפט ניט גע־וואוסט.

אזוי פיעל אָבער האָבען זיי יאָ געוואוסט, אז א כלי קען ניט איינשלינגען און צוריק „ארויסגעבען" פון זיך וואָס זיא האָט „איינ־געשלונגען" אויף אלע אופנים. זיי האָבען געמאכט אזא כלל: א כלי וואָס ווערט גענוצט ס'רוב נאָר אויף קאלטע זאכען קען קודם קיין מאָל גאָר ניט „איינשלינגען". דעריבער איז בפרוש דער דין, אז כלים וואָס מען ניצט א גאנץ יאָהר ס'רוב אויף קאלטע זאכען, מעג מען נוצען אויף פסח אפילו אויף הייסע זאכען, גאָר אָהן כשר'ן אפילו. (פסחים ל"ז. או"ח ס' תנ"א ס"ך כ"ד.) אזוי איז נאָך געווען דער דין ביז מיט ארום 300 יאָהר צוריק.

נאָר ערשט דאמאָלס האָט געשריעבען דער שולחן ערוך, אז „היינט" איז מען זיך נוהג, דאָס ע ר ד ע ר נ ע כלים פון א גאנץ יאָהר נוצט מען ניט אום פסח.

איז ווייטער א שריט אין דער „ענטוויקלונג".

אָבער אלץ נאָר בלויז ערדערנע כלים. אלע אנדערע סאָרטען כלים האָט מען נאָך אפילו מיט 300 יאָהר צוריק גענוצט פסח דיע־זעלביגע וואָס א גאנץ יאָהר — אויב נאָר א גאנץ יאָהר האָט מען זיי גענוצט ס' ר ו ב אויף קאלטע זאכען, אפילו ווען ט ה י י ל־מ אָ ל אויף הייסע אויך. און אפילו ווען טהיילמאָל פלעגט מען אין זיי אויך זאָגאר קאָכען חמץ ביי'ן פייער, האָט מען זיי אויך גענוצט פסח, אָהן שום כשר'ן, חוץ אויסוואשען ריין. (או"ח שם ס"ך ה'.)

ערשט נאָך שפּעטער שרייבט דער רמ"א אז א טהייל פרומע לייט מאכען זיך שווערער דיא זאך און פיהרען זיך, אז זיי כשר'ן אלע כלים, אפילו אזעלכע וואָס מען האָט א גאנץ יאָהר גענוצט נאָר אויף קאלטע זאכען (שם).

איז ווידער נאָך א שריט אין דער „ענטוויקלונג".

ווייטער: וואָס הייסט כשר'ן? יעדע כלי דארף מען כשר'ן אויף דעם זעלביגען אופן, וויא מען האָט זיא גענוצט אויף חמץ: ווען מען האָט זיא גענוצט אויפ'ן בלויזען פייער, מוז מען זיא אויסגליהען אין פייער. האָט מען זיא גענוצט אויף קאָכעדיגע זאַכען, מוז מען זיא איבערקאָכען אין קאָכעדיגע וואסער. האָט מען זיא אָבגענוצט אלס א „צווייטע כלי", ארייגצוגיסען אין איהר הייסע, זאָל מען זיא כשר'ן אָבגיסענדיג מיט הייסע וואסער. דאן איז עס שוין כשר אויף פסח. דען דער כלל איז אז אויף דעם זעלבען אופן וויא א כלי „זאפט איין", „שפייט" זיא עס צוריק ארויס. דאָס איז געווען זייער „נאטור־וויסענשאפט".

אלזאָ, קען מען אלע טעלער און שיסלען און לעפעל און גאָפּלען פון א גאנץ יאָהר, אלץ וואָס מען האָט גענוצט אלס א „צווייטע כלי", כשר'ן אויף פסח דורך איינטונקען אין הייסע וואסער. דאָס איז דער בפרוש'ער דין. (או"ח שם ס"ך או).

ערשט מיט ווייניגער וויא 300 יאָהר צוריק זאָגט דער רמ"א, אז א טהייל רבנים זאָגען, דאָס ערדערנע כלים זאָל מען ניט כשר'ן אויף אזא אופן!

א ווייטערע ענטוויקלונג!

אָבער אלץ נאָר ערדערנע.

און דאָך האָט נאָך ערשט מיט א יאָהר 160 צוריק געשריעבען דער „באר היטב", אז וואו עס דארף א סך קאָסטען און וואו עס קען ארויסקומען א פערשטערטער יום טוב, זאָל מען ניט קוקען דערויף און מען זאָל יא כשר'ן „צווייטע כלים", אפילו ערדערנע, אויף אזא אופן, און יוצא!

אלע חמץ'דיגע כלים, אפילו אזעלכע, אין וועלכע מען האָט געקאָכט חמץ, מעג מען אייגענטליך נוצען גאנץ פסח אויף קאלטע זאכען, אפילו גאָר אומגע'כשר'ט, ווייל אין קאלטע קען דיא כלי ניט „אויסשפייען" וואָס זיא האָט „איינגעשלונגען" אין זיך. נאָר שפּעטער האָט מען ווידער געמאכט א „פאָרטשריט" און עס איז געוואָרען א גזרה, אז מען זאָל דאָס ניט טאָן, ווייל „טאָמער וועט

מען פערגעסען און נוצען אויף הייסע אויך". (רמ"א שם. עיין ביה"ט.)

טישען מיט בענקלאך זיינען איבערהויפט ניט חמץ'דיג און על פי דין דארף מען זיי גאר ניט כשר'ן. נאר מיט א יאהר 300 צוריק ערשט שרייבט דער שולחן ערוך, אז דער עולם האט זיך איינגעפיהרט, דאס טישען און שרענק, וואו מען בעהאלט עסענוואַרג א גאנץ יאהר, גיסט מען אב מיט הייסע וואסער. און מעהר אלץ ניט!

נאר ערשט מיט 160 יאהר צוריק האט דער „באר היטב" גע־מאכט א ווייטערען „פארטשריט" אין דער „ענטוויקלונג" און גע־שריבען אז מען זאל טישען און שרענק כשר'ן מיט קאכעדיגע וואסער מיט א גליהענדען שטיין אדער אייזען.

און נאך שפעטער האט מען געמאכט נאך א שריט ווייטער און איינגעפיהרט דאס אייגענע מיט אלע טישען. און אלץ ווייטער האט זיך „דיא ענטוויקלונג" ניט אבגעשטעלט, — דא נאך אויך ניט. דען עס איז גאר געווארען א מנהג, אז אפילו נאכ'ן כשר'ן מיט א הייסען שטיין און קאכעדיגע וואסער לייגט מען ערשט אונטער פסח־ברעטלעך אדער גראבע ראגזשעס אויפ'ן טיש!

אויף דעם האט נאך דער „באר היטב" געזאגט, אז דאס איז שוין גלאט משוגענע איבריגע חומרות. און דאך איז דאס אויך געווארען א „מנהג ישראל" און א „תורה".

און דערביי האט זיך דיא ענטוויקלונג נאך אלץ ניט אבגע־שטעלט. שפעטער איז נאך צוגעקומען פאר'ן כשר'ן דעם טיש — שייערען און רייבען. און דערנאך צוויי מאל רייבען און שייערען. ווען דיא היינטיגע אפיקורסות וואלט ניט אבגעשטעלט דיא ענט־וויקלונג, וואלט עס מיט גאט'ס הילף געקומען ביז 12 מאל און ווייטער.

וועגען גלעזערנע כלים איז נאך מיט 300 יאהר צוריק געווען בפרוש דער דין, אז אפילו ווען מען נוצט זיי א גאנץ יאהר אויף קאכעדיגע חמץ'דיגע זאכען, מעג מען זיי נוצען פסח אפילו אויך אויף קאכעדיגע זאכען, און מען דארף זיי אפילו גאר ניט כשר'ן. מען שווענקט זיי אויס מיט קאלטע וואסער און יוצא. ווייל גלאז

„שלינגט ניט איין" (שם ס"ך כ"ן). מען זעהט דאָך דורך, אז עס איז גאָר ניטאָ אין זיי!

נאָר שפּעטער ערשט קומט דער רמ"א און זאָגט, אז „אין דייטשען־לאַנד" איז דער מנהג, דאָס גלעזערנע כלים פון א גאַנץ יאָהר נוצט מען ניט אויף פּסח, ניט נאָר ניט אומגע'כשר'טע, נאָר אפילו גע'כשר'ט אויך ניט. פאַר וואָס? אָט אזוי!

בערעכענט, וויפיעל־גאָרענדיג דיא חומרא איז דאָ געוואָרען? ! דער דין איז, אז —

1) כלים וואָס מען נוצט קאַלט א גאַנץ יאָהר, מעג מען נוּ־צען פּסח אפילו היים און אומגע'כשר'ט.

2) קאַלט אום פּסח מעג מען נוצען אפילו כלים וואָס מען נוצט היים א גאַנץ יאָהר, און אומגע'כשר'ט.

3) גע'כשר'ט מעג מען נוצען אפילו היים אום פּסח, אפילו כלים וואָס מען האָט גענוצט היים א גאַנץ יאָהר.

4) דאָס אלץ איז מיט אַנדערע כלים. גלעזערנע אָבער מעג מען נוצען אפילו היים אום פּסח, אפילו ווען מען האָט זיי גענוצט היים א גאַנץ יאָהר, און מען דאַרף זיי אפילו כשר'ן אויך ניט.

צום סוף האָט זיך דיא „חומרא" אזוי ווייט „ענטוויקעלט", אז 1) אפילו גלעזערנע כלים, און 2) אפילו ווען מען האָט זיי גע־נוצט קאַלט א גאַנץ יאָהר, טאָר מען ניט נוצען 3) אפילו אויף קאַלט אום פּסח און 4) אפילו ניט ווען מען זאָל זיי כשר'ן!

ווען מען זאָל צולייגען נומער 1 אליין, וואָלט דאָך אויך גע־ווען דומהייט דיינו; נומער 2 — דיינו; נומער 3 — דיינו; נומער 4 — דיינו. על אחת כמה וכמה ווען מען לייגט צו אי נומער 1, אי נומער 2, אי נומער 3, אי נומער 4 נאָך אויך!

און דאָס איז א רעליגיאָן, וואָס האָט אָנגעזאָגט, אז זיא זאָל בלייבען גלייך אייביג, אייביג, אייביג, מען זאָל גאָר ניט אראָפּ־נעהמען און ניט צולייגען!

און דער פונדאַמענט פון דעם גאַנצען טהורם פון דומהייט אי־בער דומהייט איז ערשט דיא הויפּט דומהייט, דאָס כלים „שלינ־גען איין" חמץ א „משהו" און איינגעשלונגענערהייט בלייבט עס

ווייטער „חמץ“, און אום פסח קען דיא כלי צוריק דאָס „אויס־שפייען“! — וואָס עס איז אלץ ניט געשטויגען ניט געפלויגען.

* * *

אויף דאָ איז דיא „ענטוויקלונג“ געגאנגען וויא ביי דיא מצה:

ביי דיא אידען אין גלות איז ניט געווען קיין כבוד און גדולה דורך הויכע שטעלען אין רעגיערונג, דורך אדעל יחוס, דורך אויס־צייכנונג אין קונסט און וויסענשאפט א. ז. וו. מענשען אָבער זו־כען אימער זיך איבערצוויאָגען איינע דיא אנדערע אין וועלכע עס איז אויסצייכנונג. דיעזע נייגונג איז וויא א שטראָם וואסער: ווען א שטיין פערשפּארט איהם זיין וועג דאָ, זוכט ער זיך א וועג אנ־דערשוואו. ביי אידען אין גלות האָט דיעזע נייגונג ניט געקענט געפינען קיין וועג וויא ביי אלע פעלקער, האָט זיא זיך געזוכט א'ן אנדערען וועג. דער איינציגער וועג, אויף וועלכען אידען האָבען געקענט זוכען צווישען זיך אויסצייכנונג, כבוד, גדולה, איז גע־ווען — דער וועג פון תורה און פרומקייט. ז י י ע ר „אריס־טאָקראטיע“ איז בעשטאנען אין נעהמען גרעסערע „חומרות“ אויף זיך, און זיין וואָס מעהר „צדיק“, וואָס מעהר „וצדקתך“. מיט דעם האָבען זיי קאָקעטירט.

אז אלע האָבען גענוצט דיא קאלטע כלים פון א גאנץ יאָהר אום פסח, האָט דער גרויסער צדיק דער למדן געוואָלט זיין א'ן אויסנאהמע און דיא קאלטע כלים אויך כשר'ן א. ז. וו.

אין וועלטליכע אויסצייכנונגען, דורך קליידער, ציערונג, מא־ניערען א. ז. וו. זיינען דיא ערשטע דיא גרויסע אריסטאָקראטען, דערנאָך טהוען זיי נאָך דיא קלענערע, דערנאָך דיא נאָך קלענערע, א. ז. וו. ביז דאָס קומט אריין אין „שוסטער־גאס“. דאן טרייבען דיא אריסטאָקראטען דיא אויסצייכנונג נאָך ווייטער, ביז דאָס קומט אויך אריין אין שוסטער־גאס. דאן טרייבען עס דיא אריס־טאָקראטען נאָך ווייטער, און ווייטער.

דאָס זעלבע איז געווען ביי אידען מיט דיא אויסצייכנונג און פרומקייט:

אז דער גאנץ גרויסער למדן און צדיק האָט אָנגעהויבען כשר'ן קאַלטע כלים, האָט דאָס שפּעטער נאָכגעטאָן א ביסעל א קלענע־רער „צדיק“ אויך; נאָך איהם האָט דאָס שוין געמוזט נאָכטאָן גלאַט אזוי א איד א שטיקעל בן־תורה אויך. וויא פּאַסט עס אנ־דערש? אויף איהם האָט זיך שוין פּערקוקט זיין שכן א פּראָסטער אידעל. ביז דער הויך „אריסטאָקראַטישער“ מנהג פון דיא גרעסטע „גדולים“, אויסצוצייכנען זיך פון אנדערע מיט דיעזע עקסטרא־אָבגעהיטענקייט, איז „אריינגעקומען אין דיא שוסטער גאַס“ און איז געוואָרען א'ן אלגעמיינער „מנהג ישראל“. און אז עס איז שוין געוואָרען א מנהג, קומט א רבי'ל און פּסק'ענט, אז „מנהג ישראל תורה היא“ און אזוי מוז שוין בלייבען דער דין, און וועך עס האַלט דאָס ניט, איז א'ן אפּיקורס.

דאָן אָבער, אז א שוסטער פּיהרט זיך שוין אויך אזוי, איז דאָך שוין דער „גרויסער“ קיין יחסן ניט מעהר דערמיט. מאַכט ער א שריט נאָך ווייטער און כשר'ט כלים אפילו וועז ער וויל זיי בענוצען פּסח בלויז אויף קאַלטע.

און וויעדער נעהמען דאָס נאָכטאָן קלענערע און נאָך קלענע־רע רעליגיאָנס־אריסטאָקראַטען, און וויעדער קומט דאָס ענדליך ביז אראָב אין שוסטער־גאַס. און וויעדער מאַכט גאָר דער „גרוי־סער“ נאָך א שריט ווייטער, — און אזוי ווייטער און ווייטער, — אזוי לאַנג, ביז עס ענטוויקעלט זיך אויף אזא אופן א „מנהג ישראל“, אז אפילו גלעזערנע כלים און אפילו קאַלטע, און אפילו צו בע־נוצען אויף קאַלטע, און אפילו גע'כשר'ט זאָל מען אויך ניט נוצען אום פּסח.

* * *

וואָס־זשע צייגט דאָס אלעס?

ערשטענס, זעהט מען דאָ פּאַר דיא אויגען, וויא אזוי עס קו־מען אויף שטרענגע רעליגיעזע דינים. מיר זעהען דאָ, וויא ניט דער מנהג קומט פון דין, נאָר דער דין קומט פון מנהג. פריהער ווערט עס א מנהג און דערנאָך א דין.

פון דעם קען מען זיך שוין פאָרשטעלען, וויא גאָר פאַרצייי־

טענס איז געוואָרען דער סאמע פונדאמענט פון דיא אלע מנהגים און דינים, — דער איסור צו עסען זויער־געוואָרענע ברויט, דיא מצוה צו עסען אפילו דיא אמאָליגע מצה (וועלכע איז געווען ברויט וויא דאָס ברויט פון א גאנץ יאָהר, נאָר דאָס טייג דערפון ניט גע־לאָזט זויער ווערען), און איבערהויפּט דער גאנצער פסח: — אויך דאָס גופא איז געוואָרען פריהער א מנהג (ווער קען יעצט וויסען גענוי דורך וועלכע אורזאכען?) און דערנאָך א דין.

שפּעטערע מנהגים זיינען געוואָרען דינים אין שלחן ערוך; אמאָליגע מנהגים זיינען געווארען דינים אין דיא גמרא, און נאָך פריהעריגע מנהגים זיינען געוואָרען דינים אין דיא תורה.

דער אונטערשיעד צווישען דעם שלחן ערוך, דיא גמרא און דיא תורה איז נאָר א'ן אונטערשיעד אין צייט. פריהערע צייטען זיינען געווים ניט געווען גרעסער און ערהאבענער אין גייסט, וויא שפּעטערע צייטען...

צווייטענס, זעהט מען אין דעם, אז מענשען זוכען טאקי אימער איבערצושטייגען איינע דיא אנדערע אין אויסצייכנונג, אָבער אונטער פערשיעדענע אומשטענדען זוכען זיי דאָס צו טאָן אין פערשיעדענע זאכען!

צווישען געלד־מאכערס זוכט טאקי יעדער איבערצושטייגען אנדערע אין געלד מאכען; אָבער צווישען גאָט־דיענערס, זעהט מען דאָך דאָ, זוכט מען זיך נאָר איבערצושטייגען דורך „ערפינדען" נייע אויסצייכנונגען אין גאָט־דיענען!...

אזוי זעהט מען אויך, אז צווישען פייטערס זוכט מען זיך אויסצוצייכנען אין געבען א בעסערען רייב אין מאָרדע; צווישען טרינקערס — אין קענען מעהר אויסטרינקען; צווישען פראנטע; — אין שעהנערען פוטץ; צווישען גנבים — אין כיטרערע גנבה'שע איינפעלע א. ז. וו.

און יעדעס מאָל ע נ ט וו י ק ע ל ט זיך מיט דער צייט דיא זאך, אין וועלכער מען זוכט זיך אויסצוצייכנען.

אין דיא צייטען פון טיעפען רעליגיעזען לעבען האָט זיך ענט־וויקעלט א'ן אלץ שארפערע און שארפערע שטרענגקייט אין רע־ליגיעזע פיהרונגען. א י ן פ י ע ל ע י א ה ר ה ו נ ד ע ר ט ע

**האָט זיך דורך דעם אָנגעקליעבען אונזער היינטיגע אידישע רעליגיאָן מיט דעם אוננעהייערען בארג פון איהרע חומרות און דומהייטען.**

אין דיא היינטיגע צייטען פון שארפע יאָגעניש נאָך געלד, ענטוויקעלט זיך אין דיא געשעפטס־וועלט פונקט אזא איבערגעגע־בענער — געצען־דיענסט פון גאָלדענעם קאלב.

אין דיא וועלט פון דיא קעמפפער פאר אויפקלעהרונג, פריי־הייט און רעכט ענטוויקעלט זיך פונקט אויף אזא אופן דיא אי־בערגעבענהייט צו דיא זאכען.

און אין א ליבטיגע צוקונפט, וואו מענשען וועלען זיך האָבען אויסצוצייכנען אין מענשען־דיענסט, אזוי וויא אונזערע אבות אין „גאָטעס־דיענסט", וועט זיך פונקט אזוי ענטוויקלען א'ן איבערגע־בענהייט צו טובת הכלל און א לוסט אויפצוטאָן דאָס שעהנסטע און דאָס בעסטע פאר דער מענשהייט.

## IX.

### שבועות — איז דאָס זמן מתן תורה?

שבועות האלט מען היינט ביי אלע אידען פאר א יום טוב צוליעב דעם, וואָס דעם טאָג איז דיא תורה געגעבען געוואָרען.

ווער אָבער עס וויל עפענען וויית זיינע אויגען, דער וועט זעהן אזוי דייטליך ווי דעם העלען טאָג, אז שבועות דערמאָנט ניט אז דעם טאָג איז דיא תורה געגעבען געוואָרען, נאָר פונקט פערקעהרט, שבועות דערמאָנט און בעווייזט אין אמת'ן, אז קיין מתן תורה איז קיינמאָל ניט געווען!

אָט וועלען מיר דאָס בעווייזען:

* * *

ביז מיט א 18-19 הונדערט יאָהר צוריק איז ביי אידען קיינמאָל ניט געווען קיין יום טוב צוליעב דעם טאָג, ווען דיא תורה איז געגעבען געוואָרען. שבועות האָט מען יא געהאַלטען, אָבער עס איז קיינעם ניט איינגעפאלען, אז דאָס איז דער טאָג, ווען דיא תורה איז געגעבען געוואָרען און אז צוליעב דעם איז דער יום טוב!

ווי אזוי האָט דאָס אימיצען געקענט איינפאלען, ווען אין תורת משה שטעהט גאָר גאַנץ בפרוש, אייניגע מאָל, אז שבועות זאָל זיין א יום טוב צוליעב דעם, וואָס דער ווייץ ווערט דאמאָלס צייטיג אין ארץ ישראל און מען שניידט איהם אָב פון פעלד — א „חג הבכורים" און „חג הקציר"! קיין סימן, קיין וואָרט שטעהט ניט אין דיא תורה גופא, אז דעם טאָג איז זי געגעבען געוואָרען און אז צוליעב דעם הייסט זי האַלטען דעם יום טוב!

אַט איז דאָ אַן איבערזעצונג פון אַלע פסוקים פון חומש, וואו עס איז גערעדט פון שבועות:

„דריי ימים טובים זאָלסט מיר האַלטען אין יאָהר: דעם מצות־יום טוב... און דעם ש נ י ט־י ו ם ט ו ב, ו ו ע ן ד י י ן פ ע ל ד־א ר ב י י ט ו ו ע ר ט צ י י ט י ג און דעם יום טוב פון אריינטראָגען דיא תבואה (סוכות) א. ז. וו. (שמות, כ"ג, ט"ו).

און דעם שבועות יום טוב זאָלסטו דיר מאַכען, ו ו ע ן ע ס ו ו ע ר ט צ י י ט י ג ד ע ר ו ו י י צ ע ן־ש נ י ט" (שם ל"ד כ"ב).

„און אין דעם יום טוב פ ו ן ד ע ם צ י י ט י ג־ו ו ע־ ר ע ן פ ו ן ד ע ר ת ב ו א ה"... (במדבר כ"ח כ"ו).

„זיעבען וואָכען זאָלסטו דיר אָבצעהלען פון דעם טאָג ווען מען הויבט אָן מיט דער קאָסע (צו שניידען) אין דיא שטעהענדיגע תבואה... און דו זאָלסט מאַכען א שבועות־יום־טוב צו יהוה דיין גאָט"... (דברים ט"ז י').

דאָס וואָרט „שבועות" איז דער טייטש — וואָכען. דער יום טוב האָט אזוי געהייסען, ווייל ער איז געווען ד ע ר י ו ם־ט ו ב פ ו ן ד י א ז י ע ב ע ן ו ו אָ כ ע ן, אָבגעצעהלט פון דעם ערשטען שניט אויפ'ן פעלד, ווען דיא גערשטען ווערן אין פאַ־ לעסטינא צייטיג, ביז דעם לעצטען שניט אויפ'ן פעלד, ווען דיא ווייצען ווערען צייטיג. דאָס ווערט אויך ערקלעהרט אין ויקרא (כ"ג י'). און דאָס איז אַלעס וואס אין תורת משה שטעהט וועגען שבועות.

ו ו אַ ו ז ע ה ט א י ה ר ד אָ כ אָ ט ש א י י ן ו ו אָ ר ט ו ו ע ג ע ן מ ת ן ת ו ר ה?!

אין אַלע איבריגע הייליגע ספרים שטעהט ניט דערמאָנט קיין איין וואָרט וועגען אזא יום טוב.

עס איז קיין שום ספק ניט, אז נאָך אין דיא צייט פון חורבן ירושלים האָט מען ניט געהאַלטען דעם יום טוב פאַר אן אנדענקונג פון מתן תורה. דען אין יענער צייט האָט יוסיפון בעשריבען ווי דיעזער יום טוב ווערט געפייערט ביי אידען, און ער דערמאָנט

ניט קיין ווארט, אז דאס איז צוליעב מתן תורה. ער דערמאנט דעם יום טוב עטליכע מאל און ערקלעהרט וואס ער בעדייטעט — אזוי ווי מיר האבען דא ערקלעהרט — און קיין איין מאל דערמאנט ער ניט קיין ווארט וועגען מתן תורה.

איין מאל, צום ביישפיעל, בעשרייבט ער, אז אין שבועות, ווען דער כהן איז אריין אין בית המקדש מקריב זיין דיא יום טוב'דיגע קרבנות, האט ער געפיהלט אן ערד־ציטערניש אונטער דיא פיס און א בת־קול האט געשריען: „לאמיר אוועק פון דא־נען"! (מלחמות היהודים קאפ. 5). ביי דיעזע באבע מעשה וואלט דאך געוועזען דיא בעסטע געלעגענהייט צו דערמאנען, אז דאס איז געוועזען איז דעם וויכטיגען יום טוב פון מתן תורה, — ווען שבועות וואלט אין יענע צייט געוועזען בעטראכט אלס אזא יום טוב. איז דאך א סימן, אז אפילו שוין אין יענע צייט, באלד 12 הונדערט יאהר נאך „מתן תורה", האט נאך אויך קיינעם ניט גע'חלום'ט צו האלטען שבועות פאר א יום טוב צוליעב מתן תורה.

ווי האט מען איבריגענס געזאלט האלטען שבועות פאר דעם טאג פון מתן תורה, ווען אין דיא תורה גופא שטעהט גאר ניט, אז אין דעם טאג — 6טאג אין סיון — איז דיא תורה געגעבען גע־ווארען. עס שטעהט, אז אין דעם דריטען חודש נאך דעם, ווי דיא אידען זיינען ארויס פון מצרים זיינען זיי אנגעקומען צום בארג סיני און אין דריי טעג שפעטער האט זיך „גאט בעוויזען" און גע־געבען דיא „צעהן געבאט". ווען מען זאל מיינען דריי חדשים נאכדעם, ווי אידען זיינען ארויס פון מצרים, האט דאס בעדארפט צו זיין דעם 18טען טאג אין סיון, אלזא 12 טעג נאך שבועות. ווען מען זאל מיינען אין אנפאנג פון דריטען חודש, דאן איז דיא תורה געגעבען געווארען דריי טאג אין סיון, אלזא דריי טעג פאר שבועות. יעדענפאלס ניט אום שבועות.

און עס איז דא נאך א'ן אינטערעסאנטער פאקט: פילון היהודי אין מצרים, דער ערשטער אידישער פילאזאף פון א'ן ערך צ הונדערט יאהר פאר'ן חורבן,, שרייבט, אז ראש השנה איז גאר א יום טוב צום אנדענקען פון מתן תורה; מען בלאזט שופר

צום אנדערנקען פון דעם „קול שפר חזק מאוד“ וואָס האָט זיך געהערט איפ'ן בארג סיני !

.דער איינפאל, אז שבועות איז דער טאָג ווען דיא תורה איז געגעבען געוואָרען, האָט זיך ערשט בעוויזען פיעל שפּעטער אין דיא גמרא. און דאָן איז ערשט געווען אַ מחלוקה וועגען דעם, אַ טהייל זאָגען, אז אַ טאָג נאָך שבועות איז געגעבען געוואָרען דיא תורה, און אַ טהייל — אז אום שבועות. ווי אזוי רעכענען זיי דאָס אוים ? אָט אזוי :

עס שטעהט, אז דעם דריטען חודש נאָכדעם, ווי אידען זיינען ארוים פון מצרים זיינען זיי געקומען צום בארג סיני. זאָגען דיא גמרא־לייט קודם, אז דאָס „מיינט מען“ דעם ע ר ש ט ע ן ט א ג פון דיעזען (דריטען) חודש, אלזאָ ראש חודש סיון. דאָן פּשט'לען זיי אזוי : דעם ערשטען טאָג זיינען זיי דאָך מסתמא געווען מיעד פון וועג, האָט גאָט מיט זיי מן הסתם דעם טאָג גאָר ניט אונטער־האַנדעלט (מאַכען אז זיי זאָלען ניט זיין מיעד קען ער הפּנים ניט). דעם צווייטען טאָג האָט ער זיי צוגעשיקט משה'ן אָנזאָגען, אז ער האָט זיך זיי אויסגעקליבען זיי צו געבען זיין תורה. דעם אנ־דערען אין דער פריה האָט משה אָבגעטראָגען דיא אידען'ס ענטפער צו גאָט (אליין האָט דער „בוחן לבבות“ ניט געקענט וויסען). דעם דריטען טאָג האָט ער ווידער געשיקט משה'ן זאָגען דיא אידען, אז זיי זאָלען זי ך הייליג מאַכען דריי טעג (אין איין טאָג האָט ער ניט געקענט דאָס אַלעס אָבהאנדלען). דאָן האָבען זיי דריי טעג זיך געהייליגט און דאָן האָט זיי גאָט געגעבען דיא תורה — קומט דאָך אוים דעם 6טען טאָג אין סיון ! (שבת פ"ו).

אָט מיט אַזאַ דריידעל האָבען זיי פיעלע הונדערטער יאָהרען שפּעטער צוגעטראכט דעם טעם פון „מתן תורה“ צום יום טוב שבועות !

אַז דאָס איז צוגעטראַכט, אומישנע, קען אלזאָ יעצט פאר קיין שום מענשען מיט אָפענע אויגען אבסאָלוט קיין שום שאלה ניט זיין.

דאָס איז געווען אַ'ן אלטער פעלד־ארבייטער יום־טוב, אַ שניט פייערטאָג, — אַ „יום הבכורים“ און „חג הקציר“. דאָס איז

געווען צום לעצטען תבואה־שניט. ביי דעם ערשטען תבואה־שניט האט מען מקריב געווען צו גאט אביסעל פון דיא נייע תבואה — דעם „עומר“, — מיט געוויסע אנדערע קרבנות. צום לעצטען תבואה־שניט פלעגען דיא בויערען וואנדערען מיט פאראד קיין ירושלים, ברייננגען זייערע ערשטע צייטיגע פרוכטען א „קרבן בכורים“ צו גאט. דאס איז געווען דער יום טוב שבועות. מען האט אייגענטליך גאר ניט געוואוסט בעשטימט אפילו, וועלכען טאג דאס דארף זיין! בלוטיגע מחלוקות זיינען געווען איבער דעם, וועלכען טאג דאס קומט אויס — וועגען דעם פשט פון א געוויסען פסוק (ממחרת השבת“).

יערענפאלס איז דאס געווען א נאטור יום־טוב. א יום־טוב פון „קמח“ ניט פון „תורה“ — א שמחה מיט'ן תבואה־שניט.

צו דעם איז שפעטער צוגעקומען דער אבערגלויבען וועגען דיא „זיעבען מאל זיעבען טעג“ פון דעם ערשטען שניט ביז צום לעצטען. זיעבען איז געווען א „הייליגע“ און געהיימניספאלע צאהל ביי אלע נאטור פעלקער פון יענע געגענדען. דעריבער איז דעם זיעבעטען טאג שבת; דער זיעבעטער יאהר שמיטה; זיעבען שמיטות א יובל; זיעבען הימלען; זיעבען דעפארטמענטס אין גיהנום; זיעבען טאג פסח; זיעבען טאג סוכות; זיעבען גלגלים; זיעבען וואנדער־שטערען; (היינט ווייסט מען שוין פון עטליכע הונדערט!) זיעבען מאל דרעהט מען דיא רצועה ארום דיא האנד; זיעבען ברכות צו דיא חופה; זיעבען טאג „שבע ברכות“; זיעבען טאג „שבעה זיצען“ — און נאך און נאך. צוליעב דיעזען זיע־בענער־אבערגלויבען האבען זיי געצעהלט פון דעם ערשטען שניט ביז צום לעצטען, זיעבען מאל זיעבען טעג (דאס איז דאס דיא „ספירה“) און דעם 50־סטען טאג האבען זיי געמאכט דעם „זיעבען וואכען יום־טוב“. דאס איז דער ווערטערליכער טייטש פון „שבועות“.

ביי דעם גריכיש־שפרעכענדען יודענטהום האט דער יום־טוב דעריבער געהייסען „פענטעקאסט“, דאס הייסט אויף גריכיש דער 50־גער יום־טוב, דער יום־טוב פון דעם פופציגסטען טאג.

נאר ווען אידען זיינען ניט מעהר געווען אין זייער לאנד

און האָבען ניט מעהר געהאט קיין „שניט" און ניט קיין קרבנות און ניט דיא גאנצע פּאראדנע פייערליכקייט פון מארשירען מיט דיא ערשטע פרוכטען קיין ירושלים — און דיא תורה אין הימעל האָט פערנומען דעם פלאַץ פון דעם באָדען אויף דר'ערד אלס פונ־דאמענט פון אידישען פאָלק — האָבען דיא רבנים איבערגעקעהרט דעם טעם פון דיעזען יום־טוב פון טהיילווייז אַן ערדישען אויף אין גאנצען אַ הימעלישען; פון קמח אויף תורה... מ'האָט אויסגע־טראכט און אויסגע'פּשט'עלט, אַז אום שבועות איז כלומרשט גע־געבען געוואָרען דיא תורה און אַז צוליעב דעם כלומרשט איז דאָס געווען דער יום טוב.

* * *

יעצט, ליעבער לעזער, בענוצט אביסעל געזונדען מענשען־פערשטאנד און פרעגט זיך: וואָלט דאָס מעגליך געווען אין דער וועלט, ווען עס וואָלט ווירקליך אין אַ געוויסען טאָג געשעהן אַזאַ געוואלדיגער וואונדער ווי דיא „מתן תורה" מיט דיא אלע ניסים ונפלאות אויפ'ן בארג סיני — וואָלט דאָס מעגליך געווען אין דער וועלט, אַז עס זאָל ניט בלייבען פעסט אין עראינערונג דער טאָג, ווען דאָס איז געשעהן און עס זאָל ביי דיעזע רעליגיאָן ניט זיין קיין אייביגער הייליגער יום טוב דעם טאָג?

בפרט ווען אין דיא זעלבע תורה איז גערעדט וועגען אַ יום טוב ארום דיא זעלבע צייט — וואָלט דאָס מעגליך געווען, אַז זי זאָל זיך גאָר ניט וויסענדיג מאכען, אַז דאָס איז פּונקט ארום דיא צייט ווען זי, די זעלבע תורה, איז מיט אַזעלכע וואונדער „געגעבען געוואָרען"?

גראדע דער פאקט, אַז שפּעטער האָט מען אויסגעטראכט אַ יום־טוב אלס „זמן מתן תורתנו" — גראדע דאָס בעווייזט, אַז צו אַזאַ טאָג האָט זיך געפיהלט אַ בעדערפניס ביי דיא גלויביגע. ווארום־זשע האָבען זיי איהם גאנצע 1200 יאָהר ניט געהאט, פון דעם ערשטען יאָהר פון מתן תורה אָן?

זיי וואָלטען איהם געוויס געהאט, ווען עס וואָלט טאקי גע־ווען אַ מתן תורה. זיי וואָלטען איהם געוויס געהאט אפילו ווען

עס וואלט בלויז געווען א בעשטימטע אלטע א ו י ס ג ע ט ר א כ ט ע געשיכטע ווענן אזא מתן תורה כלומרשט אין איין בעשטימטען טאג. אבער אפילו אזא אלטע אויסגעטראכטע געשיכטע, א בע־שטימטע, איז אויך ניט געווען! עס איז ארומגעגאנגען אין פאלק עפּעס געשיכטען, פריעהר מינדליכע דערנאך אויפגעשריבענע אין פערשיעדענע נוסחאות, וועגן אזא „מתן תורה", וואס אימיצענס רייכע פאנטאזיע האט אמאל פערפאסט אין דיא גאנץ אלטע צייטען און קיינער האט ניט געוואוסט וואו, וואס און ווען.

עס קען אבער ניט זיין קיין שום ספק, אז ווען עס וואלט אמאל טאקי געווען כאטש עהנליכעס צו א מתן תורה, וואלט באלד איין יאהר נאכדעם אין דעם זעלבען טאג געווען א יום טוב צום אנדענקען דערפון און אזוי וואלט עס שוין קיין מאל ניט אויפגעהערט און דער טאג אלס יום טוב צ ו ל י ע ב ד ע ם וואלט געבליבען פערשריבען אין די זעלבע תורה אלס דער הייליגסטער טאג.

אלזא, אזוי ווי דאס איז כמעט 1200 יאהר ניט געווען; אזוי ווי קיין סימן פון קיין שום יום טוב אין א געוויסען בעוואוסטען טאג ווען דיא תורה זאל זיין געגעבען געווארען איז פון קיינמאל אן ניט געווען; אזוי ווי שבועות איז אין דיא תורה גופא געווען פערשריבען אלס א בויערען יום־טוב צוליעב זייער פעלד־ארבייט, און ניט אלס א בית־המדרש יום־טוב צוליעב זייער תורה, און אזוי איז עס געבליבען מעהר ווי טויזענד יאהר — איז שבועות ניט ווילענדיג א זיכערע אנדענקונג, ניט אויף מתן תורה, נאר אויף נ י ט ־ מתן תורה!

אין דעם קען קיין שום ספק ניט זיין פאר קיין מענש, וואס וויל זיך גאר ניט בביון בלינד מאכען.